# יידישע שפּראַך


זשורנאַל
פֿאַר די פּראָבלעמען
פֿון דער
יידישער כלל־שפּראַך
ארויסגעגעבן
איין מאָל אין צוויי חדשים
פֿון דער
פילאָלאָגישער סעקציע
פֿון יידישן וויסנשאַפֿטלעכן
אינסטיטוט






## אינהאַלט:




באַנד V, נומ׳ 1
יאַנואַר־פֿעברואַר, 1945

# „ייוואָ־בלעטער“

## באַנד XXV, נומ׳ 1

### (יאַנואַר־פעברואַר, 1945)

**אינהאלט:**

מ. ווײַנרײַך, **דער ייוואָ און די פּראָבלעמען פון אונדזער צייט**; ד״ר רפאל מאַהלער, **יצחק שיפּער (1884—1943)**; ד״ר נחום גלאַצער, **פראַנץ ראָזנצווייג**; ד״ר רודאָלף גלאַנץ, **יידן אין דעם קולטורקרייז פון די דייטשן אין אמעריקע ביז די 80ער יאָרן**; ד״ר יהודה ראָזענטאַל, **די קראַישע תּנך־מפרשים פון 9טן יאָרהונדערט.**

**רעפעראַטן און רעצענזיעס:** סאָל ליפּצין, **בען העכט און וואַלדאָ פראַנק — פלאַמיקער צאָרן און אָלימפּישער מן־הצד**; מאַרקווישניאַק, **פאַרגיטיקונג מצד דייטשלאַנד פאַר דײַטשע יידן**; נ. גאָלדבערג, **צי האָבן יידן א „פּריווערע“ שטעלונג צו געשלעכטס־פּראָגעס און פאַמיליע־פּראָגעס**; נ. גאָלדבערג, **יידן אין ענגלישע און אירלענדישע אוניווערסיטעטן.**

**מאַטעריאַלן און נאָטיצן:** **די ווילנער געטאָ־ידיעות**; ז. שײַקאָווסקי, **די יידישע אונטערערדישע צײַטונגען אין פראַנקרײַך, 1940—1944**; **א יידישער בריוו פון אמעריקע מיט הונדערט יאָר צוריק**; **פּראָפ׳ ישראל דודזאָנס א בריוו צו י. אָפּאַטאָשו**; יודל מאַרק, **אוריה קאַצענעלבאָגנס צושטייער צום ענין וואָקאַבולאַר פאַר אָנהייבערס**; **אין ייוואָ**; **פון רעדאַקציע**; **אנגעקומען אין רעדאַקציע**; **נח פּרילוצקי (נעקראָלאָג)**; **ענגלישע קיצורים.**

## באַנד XXV, נומ׳ 2

### (מאַרץ־אַפּריל, 1945)

**אינהאלט:**

ד״ר אַבֿרהם יהושע העשל, **די מיזרח־אייראָפּעישע תּקופה אין דער יידישער געשיכטע**; ד״ר יעקבֿ ש. יפה, **ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון האָפענונג**; ד״ר רודאָלף גלאַנץ, **יידן אין דעם קולטורקרייז פון די דייטשן אין אמעריקע ביז די 80ער יאָרן**; נ. ב. מינקאָוו, **חיים אַלעקסאַנדראָוו**; משה פרענק, **א יאָר טעטיקייט פון „וואַר רעפיודזשי באָרד“.**

**רעפעראַטן און רעצענזיעס:** יעקבֿ מעסטל, **דרײַ ביכער טעאַטער־זכרונות**; נ. גאָלדבערג, **צו דער דעמאָגראַפיע פון יידן אין אמעריקע**; ז. שײַקאָווסקי, **א בוך וועגן טעאַטער אין קאַרפּענטראַס**; ד״ר מאַקס ה. ווײַנבערג, **דער ערשטער וואָס האָט אָנגעווענדט היץ־טעראַפּיע בײַ פּסיכאָזן.**

**דיסקוסיע:** מ. י. שעליובסקי, **וועגן דער צירקולאַציע פון דער אמעריקאַנער יידישער פּרעסע**; נ. גאָלדבערג, **ווּ זײַנען די חילוקי־דעות?**

**מאַטעריאַלן און נאָטיצן:** הוגאָ ביבער, **לעאָפּאָלד צונץ און דער „פאַראיין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידן“**; ד״ר ישׂראל רובין, **וועגן דער ווירקונג פון יידיש אויפן גערעדטן העברעיש אין ארץ־ישׂראל**; מ. וו., **מרדכי געבירטיקס „עס ברענט, ברידערלעך...“**; **אין ייוואָ**; **פון רעדאַקציע**; **אָנגעקומען אין רעדאַקציע**; **ענגלישע קיצורים.**

---

**דאָס אחריות פאַר די וויסנשאַפטלעכע שטאַנדפּונקטן וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין די אויסגאַבעס פון ייוואָ טראָגן די מחברים גופא**

---

# אַ ביסל מאַטעריאַלן פֿאַרן ייִדישן ווערטערבוך

## פֿון אַבֿרהם רייזען

איך ברענג דאָ אין סדר פֿון אַלף־בית אַ צאָל ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זיי זיינען ניט אַלגעמיין באַקאַנט. צום טייל זיינען עס אַזעלכע ווערטער וואָס מען האָט זיי געקענט בלויז אין אונדזער געגנט, אין קאָידאַנאָוו, מינסקער גוב׳ און אין די אַרומיקע שטעטלעך; צום טייל זיינען עס ווערטער וואָס מען האָט זיי גענוצט אין אַ ברייטערער טעריטאָריע, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין גע־לעגנהייט אַריינצודרינגען אין דער אָנגענומענער ליטעראַטור־שפּראַך; צום טייל ווידער זיינען עס ווערטער און אויסדרוקן וואָס ווערן אַפֿילו גענוצט אין דער ליטעראַטור, אָבער ניט אַלע גיבן זיך אָפּ אַ קלאָרן דין־וחשבון וואָס אייגנטלעך די ווערטער און די אויסדרוקן באַטייטן און אין וואָסער צוזאַמענהאַנג דאָס פֿאָלק האָט זיי גענוצט.

אויסלייגן — דאָס וואָרט האָט עטלעכע באַטייטן: 1) לייגן אין דער לענג אָדער אין דער הייך: אויסלייגן ציגל, אויסלייגן בינטלעך היי אאַז״וו; 2) ריכטיק אָנשרייבן אַ וואָרט, וויסן די אותיות וואָס קומען אַריין אין אים, קענען אָדער ניט קענען זיין אָרטאָגראַפֿיע; 3) געבן פֿאָרויס געלט פֿאַר אַ צווייטן: למשל, איך וועל אויסלייגן פֿאַר אייך און נאָך דעם וועט איר מיר אָפּגעבן; 4) אויסטייטשן אַ חלום, אַנדערע אופֿנים פֿון פֿאָרויסזאָגן די צוקונפֿט, למשל: ער האָט אים אויסגעלייגט צום גוטן, זי האָט אַלץ אויסגעלייגט צום גוטן א״אַ.[1]

אויף נאמנות־פּרנסה — דעם אויסדרוק האָט מען גענוצט אין מסחר: ווען דער אויפֿקויפֿער פֿון די דאָרפֿישע סחורות (תּבֿואה, פֿלאַקס), דער פּראַסלער (זען ווייטער), איז געקומען פֿאַרקויפֿן זיין סחורה דעם גרעסערן סוחר, האָט מען גע־קענט אַנשטאָט אָפּצומאַכן אַ געוויסן פּרייז פֿון פּוד, אַדורכקומען אויף אַן אַנדער שטייגער — דער פּראַסלער האָט געזאָגט אויף נאמנות דעם סוחר, וויפֿל עס האָט אים אַליין געקאָסט אַ פּוד תּבֿואה אָדער דאָס גאַנצע פּעקל סחורה, און דער גרויסער סוחר האָט יעמאָלט געגעבן מיט אַ קאָפּיקע צי מיט צוויי מער אויף אַ פּוד (אָדער אַ גרעסערע סומע מער), אָדער ער האָט אים געגעבן צוויי־דריי רובל פּרנסה פֿאַרן גאַנצן פּעקל סחורה. מען האָט אויך גענוצט דעם אויסדרוק: ער האַנדלט אויף נאמנות־פּרנסה.

---

[1] אויסלייגן האָט נאָך אַ באַטייט: אויסלייגן אַ בול אָדער אַן אָגער — הייסט קאַסטרירן אַ בול אָדער אַן אָגער. — רעד׳.

אײַנשטײַן — דאָס וואָרט האָט אויך עטלעכע באַטײַטן: 1) דאָס קינד קען ניט אײַנשטיין אויף אַן אָרט; 2) די מילך דאַרף אײַנשטיין ביז עס וועט ווערן פֿון אויבן שמאַנט (קרעם); 3) אויפֿהאַלטן זיך אין אַן אַכסניא צי אין אַ האָטעל אַ געוויסע צײַט, עטלעכע טעג, אַ וואָך; מען קען אויך אײַנשטיין בײַ אַ קרוב, בײַ אַ פֿרײַנד.

אַנשיטער — דער וואָס זײַן פּראָפֿעסיע איז געווען אַנצושיטן תּבֿואה פֿון די זאַסיקעס (זען ווײַטער) אין די זעק אַרײַן צו פֿירן צו דער באַן; אַנשיטערס זײַנען געווען נאָר אין אַזעלכע שטעטלעך, וווּ עס איז געווען אַ גרויסער מסחר מיט תּבֿואה.

אַ׳צאַפּ (אַצעפּ), דער — דער לאַנגער, הויך שטאַרצנדיקער שטאַנג פֿון אַ ברונעם. צום אַצאַפּ איז געווען צוגעטשעפּעט דער עמער, וואָס דער שעפּער אָדער די שעפּערין האָט אים אַראָפּגעלאָזן אין ברונעם אַרײַן.

אָרעם־מענטש — איך האַלט פֿאַר נייטיק אָנצווײַזן אַז אָרעם־מענטש (אַרויס־גערעדט אָרעמע׳נטש) האָט מען געזאָגט נאָר וועגן אַ פּרוי וואָס איז געגאַנגען איבער די הײַזער — וועגן אַ מאַן האָט מען געזאָגט: אָרעמאַן; אַן אָרעמאַן און אַן אָרעם־מענטש זײַנען געווען נאָר יידן, וועגן קריסטן האָט מען געזאָגט: אַ בעט־לער און אַ בעטלערקע. מיר דוכט זיך אַז אָט די אונטערשיידן האָט מען געמאַכט אין זייער אַ סך געגנטן.

בעטלער האָבן אויך געהייסן די אָרעמע שטאָטישע צי דאָרפֿישע גויים וואָס פֿלעגן אין אַ מאַרקטאָג זינגען פֿרומע לידער און צושפּילן אויף אַן אינסטרומענט.

באַבקע — אַ געבעקס מיט אייער און פּוטער; ס׳רוב האָט מען די באַבקע צוגעגרייט אויף שבת, צו שלש־סעודות; די באַבקע באַקט מען אין אַ טיפֿער סקאָוורעדע אָדער אין אַ טשאַרלע (די זעלביקע טשאַרלע וואָס דינט אויך פֿאַרן לאָקשענעם טייגעכץ).

באַ׳טשענע — פֿון די איבערשטע טיילן יונגע בוריקעס פֿלעגט מען זומער־צײַט קאָכן באָטווינע (באַטווינע) וואָס האָט געהייסן בײַ אונדז באַ׳טשענע.

באַנדע — אַ גרויסע בולקע, געבאַקן פֿון מעל און קאַרטאָפֿל, פֿאַר אָרעמע קונים, ס׳רוב פֿאַר פּויערים אין אַ מאַרקטאָג.

בינדער — דער וואָס זײַן פּראָפֿעסיע איז געווען צו בינדן דעם געקאַמטן פֿלאַקס אין שיינע בינטלעך, וואָס דער גרויסער פֿלאַקס־סוחר האָט געשיקט מיט דער באַן קיין לײַפּציג. אין אַזאַ שטעטל ווי קאָידאַנאָוו זײַנען געווען עטלעכע יידן וואָס האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון בינדן פֿלאַקס. געוויינטלעך איז אַ בינדער אויך געווען אַ שטריקפֿלעכטער, אָבער גערופֿן האָט מען אים: בינדער.

בלאָטשקע — בלויע, קליינע מאַטיקעס פֿאַדעם אויסצונייען אויף אָנגע־שטאָכענע קאַרדאָנען אַלערליי קונציקע פֿייגל, חיות, מזרחים, ווי עס איז געווען אַ מאָל די מאָדע בײַ יידישע מיידלעך אין די קליינע שטעטלעך (אַז מען האָט גע־קענט שענער אויסנייען — איז מען געווען אַ געראָטענע, און דאָס ווידער איז געווען אַ סגולה צו קריגן גיכער אַ חתן). מיט דער צײַט האָט מען דאָס וואָרט

בלאָטשקע גענומען ניצן פאַר פּאָדעם אויף אויסצונייען פון אַלע מינים קאָלירן, און מען האָט אויך געקענט זאָגן: שוואַרצע בלאָטשקע, געלע בלאָטשקע אאַז״וו.

בראָדער לאָקשן — ניט די לאַנגע, נאָר די פּירקאַנטיק און ברייט געשני־טענע לאָקשן האָבן געהאַט אָט דעם נאָמען.

גאָ׳געלעך — פּראָסטע גרויפּן פון געטריקנטע גערשטן, וואָס אָרעמע בעל־הביתטעס האָבן געשטויסן אין אַ סטופּע; ווייבער האָבן געגלייבט אַז גאָגעלעך זיינען זייער געזונט צום עסן, און זיי זיינען, קען זיין, געווען גערעכט, ווייל היינ־טיקע צייטן וואָלט מען געזאָגט אַז זיי האָבן אין זיך אַ סך וויטאַמינען.

גדויל — אַ מין באָרן; די גדוילן זיינען גרויסע און געל־ברוינע, זיי ווערן שפּעט צייטיק.

געשניטענער סאַק — פּלעצלעך פון אַגרעסן; אַז ער איז שוין געווען פאַר־קילט, האָט מען דעם „סאַק״ (זען ווייטער) געשניטן, עס זאָל זיך באַקומען מער־ווייניק די פאָרעם פון אַ ראָמב. דער געשניטענער סאַק איז געווען שיין אָנצו־קוקן און טאַקע אָנגענעם פאַרן גומען.

דריידל — אַ ריקודל פון בלויז מאַנסבילן אויף אַ חתונה און אויך שמחת־תורה ביי די הקפות. ווען מען האָט אַריינגענומען אין קאָן אויך די ווייבער האָט עס שוין געהייסן אַ קאַרעהאָד.

האָפּקע — אַ פריילעכער טאַנץ, סיי פון מאַנסבילן סיי פון ווייבער.

ווילגעלערנטע, ווילקענעוודיקע — דיביידע ווערטער האָט מען גענוצט נאָר בנוגע צו אַ פרוי, מען האָט ניט געזאָגט: אַ ווילגעלערנטער אָדער אַ וויל־קענעוודיקער, פאַר אַ מאַנסביל זיינען געווען אַנדערע ווערטער: אַ למדן, אַ קענער, אַ תּלמיד־חכם א״אַ. מיט די ביידע טיטלען האָט מען באַצייכנט אַזעלכע פרויען וואָס קענען לייענען עברי־טייטש־ספרים און קענען אָנשרייבן אַ בריוו אויף ייִדיש, מאַכן אַ חשבון אד״גל. די ביידע טיטלען האָבן געהאַט אַ שייכות צו די טראַדיציאָנעלע קענטענישן וואָס מען האָט זיך געריכט צו געפינען ביי אַ פרוי; ווען די מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צו לערנען רוסיש און די וועלטלעכע וויסנ־שאַפטן — האָבן זיי שוין געהייסן קענערקעס.

וואַרעניע האָט באַטייט דאָס זעלבע וואָס סאַק (זען ווייטער); מען האָט געפּרעגלט וואַרעניע פון אַלערליי מינים יאַגעדעס, פון קאַרשן, ווײַמפּערלעך א״אַ.

ווייַנקוואַסאָ׳ק — ביימערזאַפט אָנהייב פרילינג; מען האָט געזאַמלט דעם ווײַנקוואַסאָק פון די בערעזעווע ביימער אין אָן עמער, וווהין דער זאַפט פלעגט אַריינטריפן טראָפּנווייז. געמישט מיט וואַסער איז עס געווען אַ משקה צו קוויקן זיך אין די הייסע זומערטעג.

ווערעמקרויט — אַ מין קערעלעך וואָס מען ניצט קעגן ווערעם אין די אינגע־ווייד, קעגן גײַצן. די ייִדישע מאַמעס אין די קליינע שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד האָבן געגעבן זייערע קינדער ווערעמקרויט יעדן ערב ראָש־חודש, און דאָס איז געווען אַ מיטל אויף צו פאַרהיטן, עס זאָלן ניט קומען קיין גײַצן. די שטעטלשע

בעקערינס האָבן אויך פֿאַר די פּויערים געמאַכט אַ מין לעקעך מיט ווערעמקרויט, וואָס מען האָט אים פֿאַרקויפֿט אין די מאַרקטעג — אויף טישלעך, אין איינעם מיט צוקערלעך און זיס געבעקס.

זאַ׳סיק, דער — אַן אַרט, אָפּגעצוימט אין שפּייכלער מיט אַ נידעריק ווענטל פֿון ברעטער; אין אַ שפּייכלער האָבן געקענט זײַן עטלעכע זאַסיקעס און אין יעדערן באַזונדער איז געווען אַן אַנדער מין תּבֿואה: ווייץ, קאָרן, האָבער, גערשטן און אויך זאָמען; אָבער פֿלאַקס און וואָל האָט מען ניט געהאַלטן אין די זאַסיקעס, נאָר אין לאַנטעכער (גרויסע זעק).

טאַראַ׳ן — אַ געטריקנטער פֿיש, זייער אַ וואָלוועלער מין. ס׳רובֿ האָבן דאָס געקויפֿט די פּויערים, אָבער דאָס איז אַ כשרער פֿיש, און אויך ייִדן האָבן עס געקויפֿט (ס׳רובֿ בשתיקה, ווײַל קויפֿן אַזאַ מין פֿיש איז געווען אַ סימן אַז מען איז נעבעך אַן אָרעמאַן).

זמירות — בײַ זמירות האָבן געטאַנצט בלויז מיידלעך, געוויינטלעך דער כּלהס חבֿרטעס, און געטאַנצט האָט מען אין אַ שבת־צו־נאַכט, ווען די חופּה איז געווען פֿרײַטיק. זמירות הייסט די גאַנצע פֿאַרווײַלונג לכּבֿוד דער כּלהס חבֿרטעס. בײַ די זמירות האָבן געשפּילט קלעזמער. דער טאַנצאָוונט פֿלעגט זיך אַ מאָל פֿאַרציִען ביז אין ווײַסן טאָג אַרײַן. די בחורים פֿלעגן אויך קומען צו זמירות. אָבער זיי האָבן ניט געטאַנצט; זיי זײַנען געשטאַנען אַרום און זיך צוגעקוקט, ווי די צעפֿלאַמטע מיידלעך טאַנצן איינע קעגן די אַנדערע. כּדי די בחורים זאָלן זיך חס וחלילה ניט אַרײַנרײַסן אין טאַנץ, איז געווען איינע פֿון די מחותּנתטעס וואָס זי האָט אָפּגעהיט דעם צניעותדיקן כאַראַקטער פֿון די זמירות. ווען עס זײַנען אָנגעקומען די נײַערע צײַטן, זײַנען געוואָרן די זמירות זעלטענער, — האָבן שוין די בחורים געטאַנצט מיט די מיידלעך (אמת, מיט צניעות: בײַ אַ פֿאַלקע־מאַזורקע פֿלעגט דער קאַוואַליר האַלטן זײַן מיידל זי זאָל ניט אַוועקשוועבן — בלויז פֿאַר די שפּיץ פֿינגער).

יאַ׳דערלעך — קליינע, האַרטע, רונדע טייגלעך, געפּרעגלטע אין האָניק; זיי קלעפּן זיך אָפּט צו איינס צום אַנדערן. יאַדערלעך האָט מען געפּרעגלט אויף אַ יום־טובֿ אַנצוגרייטן כּיבוד פֿאַר די וואָס קומען גוט־יום־טובֿ ביטן; אויך דאָ אין אַמעריקע איז מען זיך נאָך נוהג צו פּרעגלען יאַדערלעך.

יאַדרעס — די קערעלעך פֿון קירבעס; אַגבֿ האָט מען אין די אָרעמע הײַזער געקאָכט זופּ פֿון קירבעס, בעת די רײַכערע האָבן געשניטן דעם קירבעס פֿאַר די בהמות, אָבער די יאַדרעס האָבן ליב געהאַט רײַך און אָרעם. מען האָט די יאַדרעס געטריקנט און מען האָט מיט זיי זומערצײַט מכבד געווען געסט, אַנשטאָט באָב, וואָס מען האָט געגעסן ווינטערצײַט — ווייך געקאָכט.

ייִדיש קינד — אַ באַצייכענונג בלויז פֿאַר אַ פֿרוי, ס׳רובֿ פֿאַר אַ יונגער פֿרוי; אויף אַ ייִד אַ מאַנספּאַרשוין האָט מען געזאָגט פּשוט — אַ ייִד (אַ פּאָר זאָצן מיט דעם אויסדרוק: „זי האָט זיך אַזוי פֿיל אָנגעליטן, אַ ייִדיש קינד נעבעך"; „ווער איז דאָ אַרײַן? — אַ ייִדיש קינד").

לי׳קע — קאָרע פֿון די דינע צווייַגן אָדער פֿון יונגע ביימלעך; פֿון ליקע האָט מען געפֿלאָכטן לאַפּטשעס פֿאַר די פּויערים.

לעוואָ׳ניכע — אַ נאָמען פֿון אַ פּויערישן טאַנץ; אַט דער פּרימיטיווער טאַנץ פֿון די ווייַסרוסישע פּויערים איז שפּעטער קולטיווירט געוואָרן אין דער ווייַס־רוסישער רעפּובליק. אויך ייִדישע מיידלעך פֿלעגן אַ מאָל טאַנצן אַ לעוואָניכע.

לערנען א בלאַט גמרא — האָט געהייסן אויך סתּם לערנען, זיין אַ למדן, קענען אַליין פֿאַר זיך לערנען; ער לערנט אַ בלאַט גמרא — באַטייַט: ער איז אַ למדן.

לערנען א פּרק משניות — האָט געהייסן זיין אַ יודע ספֿר, אָבער דאָס איז געווען אַ קלענערע מדרגה אין לערנען ווי לערנען אַ בלאַט גמרא; ער לערנט אַ פּרק משניות — הייסט: ער האָט זיך פֿון לערנען ניט אָפּגעריסן, פֿון צייַט צו צייַט קומט ער אַריין אין בית־מדרש לערנען אַ פּרק משניות.

סאָנאַזוע׳נץ, דער — אַ ברייטע, גרויסע לאָנקע; אַ פּאַשעאָרט פֿאַר פֿערד, באַזונדער ביי נאַכט.

סאַפּאָזשאַ׳נקעס — אַ מין באַרן; סאַפּאָזשאַנקעס זיינען קליין און ווייך און ווערן פֿרי צייַטיק.

סאַק — אַלע מינים „וואַרעניעס" האָבן אַזוי געהייסן; עס איז געווען: קאַרשנסאַק, מאַלינעס־סאַק, טרושקאַווקעס־סאַק און אַלע אַנדערע מינים. עס איז אַפֿילו געווען ראַבינעס־סאַק. אָבער ווען מען האָט צעשניטן בוריקעס אָדער מערן אויף דינע און לאַנגע לאָקשעלעך און עס געפּרעגלט — דעמאָלט האָט עס ערשט געהייסן אייַנגעמאַכטס.

סלוצקער טעפּ, טעפּלעך — אַ גוטער מין ליימענע טעפּ און טעפּלעך וואָס זיינען געווען אויסגעפּוצט מיט געמעלן; מען האָט זיי טאַקע געבראַכט פֿון סלוצק.

פּאַטראָ׳ן — אַ צונעמעניש פֿאַר אַ ישיבֿה־בחור צי אַ קלויזניק. מיטן וואָרט פּאַטראָן האָט זיך געבונדן די פֿאָרשטעלונג וועגן איינעם וואָס איז אין גאַנצן פֿרעמד אין וועלטלעכע זאַכן און וואָס איז אויך ניט צו שטאַרק איבערגעשפּיצט.

פּראַסלער — אַן אויפֿקויפֿער פֿון תּבֿואה אָדער פֿון פֿלאַקס. דער פּראַסלער קויפֿט אויף די סחורות ביי די פּויערים אויף די מערק און נאָך דעם פֿאַרקויפֿט ער עס דעם גרויסן סוחר; ס׳רובֿ באַקומט דער פּראַסלער געלט אויף צו האַנדלען פֿאַרויס פֿון דעם סוחר און עס קומט אים אויס נאָך דעם פֿאַר אַ שיבוש פּרנסה אוועקצוגעבן אים זיין סחורה. ווען עס פֿאַלט דער מקח אויף תּבֿואה, האָט דע־מאָלט דער פּראַסלער נאָך היזק.

פּריסאַ׳דעס — ביימער (געוויינטלעך זיינען עס געווען בעריאָזעס), גע־פֿלאַנצט פֿון ביידע זייַטן פֿון אַ טראַקט. אין קאַידאַנאָוו האָט מען געזאָגט אַז די פּריסאַדעס דאָרטן האָט מען איינגעפֿלאַנצט לויטן באַפֿעל פֿון קאַטערינע דער גרויסער.

פֿאָרטקע — 1) אַ קליין טירל ביי אַ טויער אָדער אין אַ טויער; דורך דער פֿאָרטקע איז מען אַרייַנגעגאַנגען, דורכן טויער איז מען אַרייַנגעפֿאָרן; 2) אַ טייל פֿון פֿענצטער מיט אַ קליין שייבעלע, כּדי עס צו קענען עפֿענען ווען מען וויל ניט האַלטן אָפֿן דאָס גאַנצע פֿענצטער; ווינטערצייַט האָט מען אַרייַנגעשטעלט די טאָפּל־פֿענצטער אָדער די „פּאָדוואָינע" פֿענצטער, און די פֿרישע לופֿט איז אַרייַן נאָר דורך דער פֿאָרטקע.

צאַם און צוים — מען האָט געמאַכט אַ בפֿירושן אונטערשייד צווישן די ביידע ווערטער: צאַם — אַ פֿאַרצאַמונג אַרום אַ גאָרטן פֿון גרינצייַג צי אַרום אַ סאָד מיט פֿרוכטביימער; צוים — דאָס אייַזערנע קייטל אין מויל פֿון פֿערד; פֿאַרן צוים האָט מען אויך דאָס פֿערד צוגעבונדן, בײַם אָפּשטעלן זיך — צו אַ פּאַרקן, צו אַ סלופּ אד"גל.

צוקערוואַ׳נער אַרבעס — אַ מין אַרבעס; דער צוקערוואַנער אַרבעס איז גרעסער און זיסער ווי דער געווינטלעכער; ענלעך צו דעם מין וואָס די רומע־נישע יידן רופֿן אָן — נאָהיט.

ציבול׳ניצע — אַן אייגנאַרטיקער יום־טובדיקער מאכל וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט שׂמחת־תּורה. מען האָט די ציבולניצע געגעסן שׂמחת־תּורה פֿאַר נאַכט, נאָך מנחה. די ציבולניצע איז באַשטאַנען פֿון קליינינקע געשיילטע ציבעלעך, וואָס מען האָט זיי געווייקט אין האָניק און געדעמפּט אַ גאַנצע נאַכט אין אויוון; יעדע ציבעלע באַזונדער איז אַרויסגעקומען ראָזעווע־רויט און האָט גע־האַט טעם גן־עדן. די ציבולניצע האָט זיך געדעמפּט אין אַ קליין און הויך טעפּל, אין איינעם מיט דרויב פֿון אַן עוף אָדער מיט פֿלייש. די ציבולניצע איז געווען דאָס „שוואַנענליד" פֿון די פֿאַרשיידענע יום־טובדיקע מאכלים וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון דער ראָש־השנהדיקער „בייגל־חלה" ביז צו איר, דער מלכותדיקער ציבולניצע אום שׂמחת־תּורה. זינט 1891, ווען איך בין אַוועק פֿון דער היים, האָב איך ניט געזען און ניט טועם געווען אין ערגעץ אָט די קרוינשאַפֿונג פֿון אונדזערע מאַמעס.

צימבל — אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט וואָס האָט געהאַט אַזאַ פֿאָרעם: לאַנג און שמאָל און פּירקאַנטיק, מיט דיקע סטרונעס; מען שפּילט אויף די סטרו־נעס מיט דינע שטעקעלעך, וואָס די שפּיצן זייערע זייַנען אַרומגעוויקלט מיט אַ דינעם איידעלן שטאָף. דער וואָס שפּילט אויפֿן צימבל הייסט אַ צימבלער.

קאַזאַצקע — אַ פֿאַריידישטער רוסישער פֿאָלקסטאַנץ.

קאָמעס־אַרבעס — אַ זייער ווייך געקאָכטער אַרבעס; מען האָט אים פֿאַר־קויפֿט אויפֿן שולהויף פֿאַר די תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך און פֿאַר די לערנערס אין די בתּי־מדרשים און ישיבות. די פֿאַרקויפֿערינס זייַנען אַרומגעגאַנגען מיט אַ טאָפּ קאָמעס־אַרבעס, און אַ מעסטעלע האָט געקאָסט אַ קאָפּיקע.

קאָרזש, דער — אַ טרוקענער קיכל פֿון שוואַרצע מעל, מערצאָל: קאָרזשעס. אין מינסק זייַנען קאָרזשעס געווען פּאָפּולער אויפֿן גרויסן שולהויף ביי די תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך און ייִנגערע ישיבֿה־בחורים.

קווי׳טשערל — אַ משורר׳ל ביי אַ חזן מיט אַ דין קולכעלע.

קוי׳לעטש, דער — ביי אונדז אין רייסן איז עס געווען אַ ווייצענע, ניט־געפלאָכטענע בולקע, וואָס יידישע בעקערס פלעגן זי באַקן פאַר די גויישע קונים.

קרופּע׳ניצע — אַ פרוי וואָס איר פּראָפעסיע איז דאָס מאָלן גרויפּן. דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט און האָט געגעבן ווייניק פרנסה; אַ קרופּעניצע איז ס׳רובֿ געווען אַן אַלמנה. די גרויפּן האָבן זיך געמאָלן צווישן צוויי שטיינער פון אַ פּרימיטיוווער האַנטמיל, און די קרופּעניצע האָט געדאַרפט די גאַנצע צייט דרייען מיט אַ שטאַנג די שטיינער; די פּערלגרויפּן, די האָבערנע גרויפּן און אַנדערע מינים גרויפּן פלעגן דערביי אַריינפאַלן אין אַ קאַסטן וואָס איז געשטאַנען אונטער די שטיינער.

ראַר, ראַריק — זעלטן, געראָטן, שיין, למשל: א מיידל אַ ראַר, אַ פּאַרשוין; אַ ראַריקע מיידל, אַ זעלטן שיינע.

רויזן (אויסגערעדט מיט אַ צירה) — די קערעלעך פון „פּאָדסאָלנעטשניקעס״, פון זונרויזן. הן רויזן הן יאָדרעס (זע פריער) — זיינען „סעמעטשקעס״. מען האָט אויך די עצם בלום גערופן אַ רייז.

רומפּל, דער — ביי אונדז איז עס געווען אַ חתונה־סעודה וואָס קומט פאַר דאָס רוב ביים חתן אָדער דאָרטן וווּ ער שטייט איין — (זען פריער — איינשטיין): דער רומפּל קומט פאַר ביי טאָג, אויפן צווייטן טאָג פון דער חתונה.[2]

שטעלן — אָנגרייטן אַ גרעסערע מאָס, אויף אַ לענגערער צייט; דערביי דאַרף דער פּראָדוקט דורך אָט דער צייט פון אָנגרייטן ביזן געניסן זיך זייערן אָדער יוירן. שטעלן קאַרשן — אָנשיטן קאַרשן אין פלעשלעך אויף ווישניק; שטעלן קרויט — אָנשעטקעווען (זען ווייטער) קרויט אין אַ פאַס, די קרויט זאָל זיך דורכזייערן; שטעלן אוגערקעס — צו זייערן.

שיי׳נסגערעדט (אַ) — דער אויסרוף פון דעם בדחן צו די קלעזמער, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרגעשטעלט איינעם פון די מחותנים, אַז אויפפאָדערונג אַז די קלעזמער זאָלן אויפשפּילן לכבוד דעם מחותן עפּעס שיינס.

שעטקעווען — בראָקן די בלעטער פון די קעפּלעך קרויט פאַרן שטעלן קרויט.

שעפּטשען — חוצן רעדן גאָר שטיל, ווי ביים איבערגעבן אַ סוד, אויך: דאָס לערנען גאַנצע טראַפּן אין פּראָצעס פון אויסלערנען עברי; קמץ אַלף — אָ, פּתח אַלף — אַ; און אויך דאָס פאַרבינדן אַ וואָקאַל מיט אַ קאָנסאָנאַנט נאָך אים: אָ־ד — אָד, ע־ד — עד אד״גל.

רופּען — אַרן, „באַדערן״, ניט צו רו לאָזן, למשל: „עס איז דאָ אַ קעזל אין שטוב, רופּעט עס אים, ער וויל עס אויפעסן״.

לסוף וועגן אַן אויסדרוק וואָס שטאַמט פון א שרייבער און וואָס מען האָט אים על־פּי טעות פאַרעכנט צווישן פאָלקסווערטלעך. ביי ד״ר ישׂראל

[2] וועגן רומפּל וועט זיין אן ארטיקעלע אין א קומענדיקן נומער יידישע שפּראַך. — רעד.

רובין[3] איז פֿאַראַן אַ חקירה וועגן אויסדרוק „בויען אַ פּאָר שטיוול" וואָס געפֿינט זיך אין מײַנער אַ דערציילונג „דעם טאַטנס שטיוול". דער חשובֿער ד"ר ישׂראל רובין זעט אין דעם איין אָן אָפּשפּיגלונג פֿון לעבן־שטייגער אויפֿן פֿאָלקלאָר, בעת אין דער אמתן איז עס אָן אויסדרוק וואָס דער דערציילער האָט ניט גענומען פֿון פֿאָלק און וואָס ער אַליין האָט אים אַרײַנגעגעבן אין מויל פֿון זײַן טיפּ.

אַגבֿ אורחא זאָל אויך באַמערקט ווערן אַז אין דעם זעלביקן אַרטיקל דערקלערט ד"ר רובין דעם אויסדרוק צרות ווי האָלץ מיט דעם וואָס האָלץ איז געווען טײַער און דעם אָרעמאַן איז נעבעך שווער אָנגעקומען אין די ווינטער־דיקע קעלטן צו קויפֿן זיך אַ וועגעלע האָלץ; ס'איז טאַקע שווער געווען דעם אָרעמאַן צו קויפֿן האָלץ — אָבער צרות ווי האָלץ הייסט אַ סך צרות, און פֿאַר וואָס ווי האָלץ? — ווײַל עס איז געווען אַ סך האָלץ אַרום, עס זײַנען געווען געגנוג וועלדער. והאָ ראיה, דאָס פֿאָלק האָט זיך געחכמהט: צרות ווי האָלץ — און ניטאָ מיט וואָס צו קויפֿן.

# וועגן ד"ר ח. זשיטלאָווסקים שפּראַך

## פֿון יודל מאַרק

### וואָס איז דאָ אויסגעפֿאָרשט און וואָס דאַרף נאָך ווערן געפֿאָרשט

ד"ר חיים זשיטלאָווסקי האָט בלי ספק געהאַט אַ השפּעה אויף אַ קרײַז יידישע אינטעליגענטן ניט בלויז מיט זײַנע אידעען, נאָר אויך מיט דעם אופֿן ווי אַזוי ער האָט זיי אויסגעדריקט — אויך זײַן לשון און זײַן סטיל האָבן געהאַט אַ ווירקונג. און אומאָפּהענגיק פֿון דעם, צי מען נעמט אָן ד"ר ח. זשיטלאָווסקיס געדאַנקען־וועלט און צי מען פֿילט זיך באַקוועם אין איר, איז זײַן שפּראַך אין אַ סך פּרטים אַ גוטער מוסטער. מען קען זיך נאָך גאַנץ גוט לערנען יידיש אויף זשיטלאָווסקיס שריפֿטן. זײַן שפּראַך און זײַן אופֿן פֿירברענגען זײַנע געדאַנקען האָבן אים אַרויסגעהויבן העט איבער דעם דורכשניט. האַלטן מיר דעריבער אַז עס איז אי אינטערעסאַנט אי באַלערנדיק זיך צו פֿאַרנעמען באריכות מיט ד"ר ח. זשיטלאָווסקיס שפּראַך און סטיל.

זשיטלאָווסקיס שפּראַך — דאָס איז אָבער אַ לאַנגע מסיכתא (ווי ער וואָלט אפֿשר אַליין זיך געהאַט אויסגעדריקט), דעריבער ווען מיר דאָס מאָל דאָ געבן ניט מער ווי איין פּרק פֿון אָט דער מסיכתא. לאָמיר האָפֿן אַז עס וועלן זײַן גע־לעגנהייטן זיך צו נעמען צו אַ צווייטן און צו אַ דריטן פּרק און נאָך דעם צו פֿאַרסך־הכּלען די באַזונדערע אויספֿירן.

ניט בלויז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון שפּראַך וואָלט מען געקענט אַלע שריפֿטן וואָס זײַנען פֿאַרבליבן נאָך ד"ר ח. זשיטלאָווסקין אײַנטיילן אין אַזעלכע דרײַ הויפּטגרופּעס: א) אַרטיקלען, רעפֿעראַטן און עסייען וועגן פּאָליטישע און סאָ־

---

[3] ד"ר י. רובין, „שפּראַך און לעבן־שטייגער", אין פֿאָרוים, וואַרשע, 1938.

ציאַלע ענינים; ב) װיסנשאַפטלעכע און פּאָפּולער־װיסנשאַפטלעכע אַרבעטן; ג) ליטעראַטור־קריטישע עסייען (אין דער לעצטער גרופּע װאָלט מען געקענט אַרײַננעמען די איבערזעצונג פון פ. ניטשעס „אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ״). שוין פון אויבן אויף דערזעט מען אַז עס זײַנען פאַראַן געװיסע אונטערשײדן אין אָט די דרײַ גרופּעס. אַ גענויערער אַנאַליז פון אַלע דרײַ מינים װאָלט זיי בולט אַרויסגעבראַכט. דאָ און דערװײַל פאַרנעמען מיר זיך נאָר מיט דער גרופּע ב, װײַל אין די װיסנשאַפטלעכע און פּאָפּולער־װיסנשאַפטלעכע אַרבעטן האָט דער שרײַבער געדאַרפט גובר זײַן גרעסערע שפּראַך־מניעות. עס איז פשוט שװערער צו שרײַבן אויף ייִדיש װעגן נאַטור־װיסנשאַפט װי װעגן אַ פּאָליטישן ענין, װײַל מען האָט אויף ייִדיש װעגן נאַטור־װיסנשאַפט װינציקער געשריבן און מען האָט ניט קיין גרייטן נוסח. מהאי טעמא איז אונדז ליבער אָנצוהייבן פון די שװע־רערע שטיינער.

װען מען האָט פאַר זיך ח. זשיטלאָװסקיס געזאַמלטע שריפטן (פון בזשאָזאָ־פאַרלאַג), זעט מען אַז פיר ביכער װאָלטן זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער גרופּע ב: נאַטור־פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם (2טער ב׳), היסטאָרישע אידעען־פאַרבינ־דונגען (3טער ב׳), אלבערט איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיװיטעט (12טער ב׳) און אויף די װעגן פון מאָדערנעם געדאַנקען־גאַנג (14טער ב׳). עס װאָלט אויך אפשר געקענט קומען אין באַטראַכט דער קלענערער טייל פון דעם באַנד װאָס הייסט די מאָראַל־פילאָסאָפיע און דער ענדציל (7טער ב׳). נאָכן דורכבלעטערן די אַלע בענד (אַגב איז אָט די מערצאָל־פאָרעם ד״ר זשיטלאָװסקיס אָן אויפטו) איז געװען גרינג אויסצוגעפינען אַז די ערגסטע שפּראַכיקע שטרויכלשטיינער זײַנען געװען ביים פּאָפּולאַריזירן איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיװיטעט, און דעריבער איז געבליבן ביי אונדז — לאָמיר אַנאַליזירן די שפּראַך און דעם סטיל פון אָט דעם באַנד. ער האָט נאָך אַ מעלה: ער איז עס דער סאַמע איינהייט־לעכער באַנד; אין אַלע אַנדערע פאַלן װאָלט מען נאָר געקענט פאַר אונדזער ציל נעמען אַ טייל פון בוך, און דאָ האָבן מיר 252 זײַטן מיט אַן איינהייטלעכן מאַטעריאַל. דערמיט דערקלערט זיך װאָס װײַטער װעט זײַן די רייד װעגן דער שפּראַך און דעם סטיל פון אָט דעם באַנד.

און הגם מיר ריידן בלויז פון איין באַנד, קען מען דאָך בשעת הדחק אָנ־נעמען, אַז די זעלביקע אייגנשאַפטן װעלן מער־װײניקער זיך אַרויסװײַזן אין אַלע אַנדערע אַרבעטן לכל הפחות פון אונדזער גרופּע ב. אויך די װײַטערדיקע אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם לשון איז חל אויף אַלע װיסנשאַפטלעכע און פּאָפּולער־װיסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

עס װאַרפן זיך אין די אויגן אַזעלכע גרונטשטריכן פון ח. זשיטלאָװסקיס שפּראַך און סטיל: א) אַ ר ײַ כ ע ר װ ע ר ט ע ר ־ א ו צ ר ; ב) זייער אַ פ ײַ נ ע ר ס י נ ט אַ ק ס , אַ קלאָרער זאַצגעבוי; ג) אַ שטענדיקער צומיש פון װערטל, װיץ, חכמהלע און משל אַפילו ביי גאָר טרוקענע ענינים.

דאָס זײַנען דערװײַל נאָר אַלגעמיינע פאָרמולירונגען, װאָס זיי זאָגן װינציק־װאָס װעגן דעם לשון און סטיל. מיר װעלן אָבער יעדער פּונקט צעגלידערן,

ברענגען אַ סך ביישפּילן, זיך אָפּשטעלן אויך אויף שפּראַכיקע דורכפֿאַלן און פּרווון אויסגעפינען אַ מער פּרטימדיקע כאַראַקטעריסטיק פאַר איטלעכן פּונקט באַזונדער.

אין דעם אַרטיקל רעדן מיר נאָר וועגן דעם פּונקט א — ח. זשיטלאָווסקיס ווערטער־אוצר. אין אַ צווייטן אַרטיקל וועט זיין די רייד וועגן די איבעריקע צוויי פּונקטן.

## אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון זשיטלאָווסקים ווערטער־אוצר

עס איז גרינגער צו משפּטן וועגן דעם ווערטער־באַשטאַנד אין אַ ווערק ווי וועגן זיין סינטאַקס. דער געוויינטלעכער לייענער וועט גיכער באַמערקן אַ ניי אָדער אַן אויסטערליש וואָרט, וועט גיכער זיך פאַרהאַקן ביי אַ וואָרט וואָס ער פאַרשטייט ניט, ווי ער וועט אויפכאַפּן די באַזונדערקייט פון דעם זאַצן־געבוי. און דאָך איז מאָדנע, וואָס אויך וועגן ד״ר זשיטלאָווסקיס ווערטער־אוצר האָבן מיר באַגעגנט ניט מער ווי עטלעכע גאָר אַלגעמיינע אַרויסזאָגונגען, געמאַכט אַגב אורחא.

קומט צו רייד וועגן ד״ר זשיטלאָווסקיס ווערטער, באַמערקט מען פון איין זייט די גרויסע צאָל העברעיזמען אין זיין לשון און פון דער אַנדערער זייט עט־לעכע אויסטערלישקייטן. אָט האָט מען למשל גערעדט וועגן זיין וואָרט „אויפמערק" וואָס ער האָט זיך געפּרווט מיט דעם פאַרבייטן דאָס אַ סך לענגערע און דייטש־מעריש קלינגענדיקע וואָרט אויפמערקזאַמקייט. עס איז אויך אויסגעקומען צו הערן ערנצט געמיינט „מיאוסע פאַרשטענדעניש" (אַנשטאָט דעם געוויינטלעכן „מיספאַרשטענדעניש"), וואָס דער אויסדרוק טרעפט זיך טאַקע אַ פּאָר מאָל ביי ד״ר זשיטלאָווסקין, אָבער ביי אים איז עס בפירוש אַ חכמהלה: ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט אַז מיאוס און דער ניט־יידישער פּרעפיקס מיס־ האָבן קיין שייכות ניט צווישן אַנאַנד, און עס קען געמאָלט זיין אַזאַ פאַרשטענדעניש, וואָס איז דער היפּוך פון אַן אומפאַרשטענדעניש, און דאָך איז זי אַ מיאוסע. הכלל, מען האָט אַ סך מער צו דערזען אין זשיטלאָווסקיס ווערטער־אוצר און צו נעמען פון דאָרטן. און מיר רעכענען אַז מען האָט טאַקע דערזען און אויך גענומען, הגם מען האָט זיך אין דעם ניט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון.

ביים לייענען דעם באַנד איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט **איז דער** ערשטער איינדרוק געווען, אַז דער שרייבער האָט ניט קיין **שום שוועריקייטן** מיט ווערטער, אַז זיי קומען אים גרינג אָן, אַז ער דאַרף זיך ניט מאַ־טערן איבער ווערטער, אַפילו ווען דאָס זיינען טערמינען פון דער מאַטעמאַ־טיש פּינקטלעכער נאַטור־וויסנשאַפט. ד״ר ח. זשיטלאָווסקי פאַרמאָגט אַ גרויסע בעל־הבתישקייט מיט אַ סך רייכע שפּייכלערס און ער קען צו יעדער צייט נעמען פון וואַנעט עס פאַרגלוסט זיך אים.

ד״ר זשיטלאָווסקי קען בלי שום ספק זייער גוט זיין **היימישן דיאַלעקט**, און ער האָט קיין מאָל ניט פאַרגעסן זאַפטיקע פאָלקסטימלעכע ווער־טער און אויסדרוקן, וואָס אַנדערע האָבן זיי צעטרענצלט אין די אויסלאַנדן און

ביים התמדהדיקן לערנען פרעמדע שפּראַכן. ער שעפּט אויך מיט פולע הויפנס פון דעם לשון פון תּלמיד־חכם, און פון אים נעמט ער גראַד אַזעלכע ווער־טער און אויסדרוקן, וואָס ער לאָבט זיך מיט זיי מער ווי מיט אַנדערע. דאָס ניט פאַרוואַרפן דעם פאָלקסטימלעכן אוצר און דאָס צוטוליען זיך צום לשון פון דעם לערנער זיינען אַ פּנים פאַרבונדן מיט השפעות מצד מענדעלע מוכר־ספרים און יצחק־לייבוש פּרץ. (זאָל דאָ אין אַן אַגב־אורחא־באַמערקונג געזאָגט ווערן, אַז איינע פון די צרות פון אונדזער פּראָזע־לשון נעמט זיך פון דעם וואָס די זשור־נאַליסטן און פּובליציסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געניסן פון די גרויסע אויפ־טוען אין דער שפּראַך פון נאָוועליסטן און פּאָעטן.)

צו דעם קומט נאָך צו וואָס ד״ר זשיטלאָווסקי האָט ניט מורא פאַר אַ פרעמדוואָרט, פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַליזם. ער ציטערט ניט אַזוי איבערן לייענער און ער רעכנט לכתחילה אויס אויף דעם אינטעליגענטערן עולם. אמת, ער ליידט ניט פון דער שוואַכקייט זיך צו פּוצן אין די אינטעליגענטישע פעדערן פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און דאָס פרעמדוואָרט קומט ניט ביי אים אין אַ געדיכטן שטראָם. ער נעמט אָן אַז מען וועט פאַרשטיין וואָס דאָס באַטייט אַ דריי־דימענזיאָנאַלער סינכראָנע זייגערס אָדער רוים און נאָך צענדליגער אויס־דרוקן מיט ווערטער פון גריכיש אָדער לאַטיין. די אינטערנאַציאָנאַליזמען זיינען אַ נאָרמאַלער באַשטאַנדטייל פון ד״ר זשיטלאָווסקיס לשון.

די גרעסטע מעלה באַשטייט דאָ אין דעם וואָס דער שרייבער באַנוגנט זיך ניט מיט די ווערטער וואָס ער קען זיי נעמען פון ערגעץ ווו גרייטערהייט. מיט געניטע הענט פורעמט ער נעאָלאָגיזמען און ס׳רוב באַקומען זיך נייע ווערטער — גוטע און נוציקע און געשאַפענע על־פּי די כללים פון יידישער וואָרטשאַפונג. מיר וועלן שפּעטער באַריכות זיך אָפּשטעלן אויף די נעאָלאָגיזמען אין דעם באַנד וואָס מיר באַטראַכטן און אויף די פורעמס וואָס זיינען ד״ר זשיטלאָווסקין באַזונדער ליב.

ד״ר זשיטלאָווסקי פאַרמאָגט אַ גרויסן ווערטער־באַגאַזש און ער באַציט זיך מעשה פּריץ צו ווערטער. צו שטאַרק איבערקלייבעריש איז ער נישט. ער איז ניט געוווינט געוואָרן צו האָרעווען איבער זיי. קומט ניט צו דער האַנט אַ ניי וואָרט, גיט ער זיך אַן עצה מיט אַן אַלט וואָרט, מיט אַ וואָרט וואָס האָט אַ קליין פגימהלע אָדער אַפילו אַ גאַנצן מום פון דייטשמעריש. באַקומט זיך אַז זיין עשירותדיקער און יידישלעכער ווערטער־אוצר איז דאָך ניט פריי פון אַ היפשער צאָל דייטשמעריזמען.

אצונד לאָמיר פּרווון אילוסטרירן און באַפעסטיקן מיטביישפּילן די אַלגע־מיינע כאַראַקטעריסטיק פון ד״ר זשיטלאָווסקיס ווערטער־אוצר.

## פאָלקסטימלעכע פאָרמען און אויסדרוקן

ד״ר זשיטלאָווסקי פאַרגינט זיך אַז איינשטיין זאָל ענטפערן זיין אָפּאָנענט, אַזוי ווי עס וואָלט גערעדט אַ וויטעבסקער יידענע: „איז טאַקע אייך ווויל ווי די וועלט, און איך בין אייך פשוט מקנא, ווייל איך ווייס דאָס נישט״ (ז׳ 85). איז

דעריבער קיין חידוש נישט אַז ער אַליין ניצט ווייט און ברייט: אַגבֿ, גופא, אדרבה, טאַקע, בפירוש, אוודאי, מילא, במילא, בלי ספק, גראָד פאַרקערט, דאָס אייגענע, ווי אַנגעמאָסטן און אַנדערע ווערטער און אויסדרוקן וואָס גיבן צו קאָליר און שטימונג צו די האַרבע און אַבסטראַקטע ענינים, וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט זיי בײַם דערקלערן איינשטיינס שיטה.

דאָס ניצן די ווערבאַלע פאָרמען מיט טון (אַ מעסט טון, אַ פּרוּוו טון) און מיט געגומען (געגומען וואָרפן, געגומען לויפן) גיבן אויך צו אַ פאָלקסטימלעכן חן שווערע שטעלן אין באַנד.

ד״ר זשיטלאָווסקי האָט זייער האָלט די אַדיעקטיוון שאַרף און האַרב (אַ שאַרפער חשבון, אַ שאַרפער איינפאַל, אַ שאַרפע המצאה, אַ האַרבער ענין, אַ האַרבע שאלה, אַ האַרבע סוגיא א״אַ). מיר טרעפן אויך דאָס וואָרט גוזמא אין אַזעלכע פאַרבינדונגען: אַ גוזמא מײַלן, אַ גוזמא אַרבעט.

אַנשטאָט ׳צוגעפּאַסט׳ אָדער דעם אינטעליגענטישערן ׳שטימט מיט׳ — קומט אַרײַן דאָס פשוטע וואָרט אַנגעמאָסטן, און עס ווערט לעבעדיק דער שווע־רער זאַץ: „די מענטשלעכע אָפּשאַצונג פון אַ צײַטלעכער לענג איז נישט אַבסאָ־לוט, נאָר רעלאַטיוו, אַנגעמאָסטן אַן דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם און אַן די פיזיאָ־לאָגישע פּראָצעסן וואָס קומען אין אים פאָר״ (ז׳ 56). אָדער אַן ענלעכער פאַל: „די פּילקייט פון דער פליסיקייט ווערט דאַך געמאָסטן אויף דער קוואַרט״ (ז׳ 128); דאָ שטעקט דער פאָלק־נוסח אין דער פּרעפּאָזיציע.

עס קענען אויך קומען ווערטער וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט בילדער פון שטייגער, ווי עס איז דאָס וואָרט מיוחס אין דעם ווײַטערדיקן זאַץ: „עס איז נישטאָ קיין איין דערשײַנונג אין דער נאַטור, וואָס זאָל זײַן אַ מיוחס אין אָט דעם פּרט און וועלכע מען זאָל קענען שטודירן אין זיך גופא, אָן אַ ברעקל שײַכות צו די איבעריקע דערשײַנונגען״ (ז׳ 106).

ווען מיר געפינען אַזעלכע ווערבן מיט דעם סופיקס ־ירן ווי: מאַרקירן, האַלבירן, איינפלאַצירן — לאָמיר וויסן אַז זיי זײַנען גרייטערהייט געגומען פון ד״ר זשיטלאָווסקיס דיאַלעקט. ווערבן פון דעם מין זײַנען געווען אין דעם לשון פון אונדזערע זיידעס אין דער ליטע. עס קלינגט אין גאַנצן פאָלקסטימלעך: „שאַרף מאַרקירטע גרענעצן״ (183), „שאַרף מאַרקירטע ברעגעס״ (ז׳ 119), „עס האַלבירט זיך די לענג״ (ז׳ 101), „איינגעפלאַצירט״ (ז׳ 204) א״אַ פון דעם מין.

די אַדיעקטיוון קענטלעך און מערקלעך זײַנען אויך אַלטע פאָלקסווערטער. מיר טרעפן אין דעם באַנד: „אַ קענטלעכע צאָל״ (ז׳ 231), „איבערלאָזן אַ מערק־לעכן רושם״ (ז׳ 101).

עס איז אויפגעהאַלטן דער אַלטער שטייגער פון אײַנהאַלטן דעם גע־ אין דעם פאַרטיציפּ פון ווערבן אויף ־ירן, למשל: „אויסגעשטודירט געוואָרן״ (ז׳ 201).

ד״ר זשיטלאָווסקי האָט האָלט דאָס אַלטע וואָרט ווירע, ער ניצט דאָס ליט־ווישע וואָרט פּיפּקע, אַנשטאָט ליולקע, און ער פאַרגינט זיך אָפילו אַזאַ לאָקאַליזם פון זײַן געגנט ווי „זייגערנע שעה״ [1] (ז׳ 154).

[1] אַגבֿ האָט מען די מערצאָל פון שעה אַרויסגערעדט אין וויטעבסק — „שעֶ״.

בעת עס וועט אויסקומען צוריידן אַן אַנדער מאָל וועגן דעם שרייבערס סטיל, וועלן מיר ברענגען נאָך ביישפּילן פון זיין געטריישאַפט צום דיאַלעקט.

## העברעיזמען ביי ד״ר זשיטלאָווסקין

ד״ר ח. זשיטלאָווסקי איז ניט געווען קיין ישיבה־בחור און ער האָט פּרי פאַרביטן דעם חדר אויף גימנאַזיע. אָבער אין דעם לשון פון זיין סביבה איז אַ פּנים געווען געגנוג שטאַרק דער תּלמיד־חכמשער עלעמענט. בכל־אופן איז ער געגנוג באַהאַוונט אין די ווערטער און אויסדרוקן פון דעם לערנער, אַז זיי זאָלן זיך באַקומען ביי אים אויפן נאַטירלעכסטן אופן. צייטנווייז האָט ער זיי אַפילו אַזוי ווי בכיוון אַרויסגעהויבן. מיר ברענגען דאָ אַ ריי כאַראַקטעריסטישע שטעלן:

לאָמיר פריִער באַקענט ווערן מיט דער משנה, ווי זי שטייט געשריבן ביי איינשטיינען, און דערנאָך וועלן מיר איבערגיין צו דער גמרא מיט רשי (ז׳ 11);

איז איינשטיינס לערע וועגן רוים און צייט נאָר אַ שכלדיקע חקירה וואָס ווערט אָקעגנגעשטעלט אַנטקעגן אַן אַנדער שכלדיקע חקירה? (ז׳ 45);

די מאַטעריע לאָזט זיך מען זאָל מיט איר טאָן וואָס מען וויל, כּחומר ביד היוצר, ווי אַ גולם . . . (ז׳ 145);

מאַטעריע לחוד, ענערגיע לחוד (ז׳ 125);

אויפשטעלן די פראַגע פאַר די יודעי־חן (ז׳ 21);

. . . רוים . . . צייט — זיי האָבן ביידע קיין ברעקל מגע־ומשא נישט איינס מיט דעם אַנדערן (ז׳ 38);

די הויפּט־עובדא פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט זיינען די מעס־טונגען (ז׳ 38);

אַ וועלטנצייט וואָס ציט זיך פון ששת ימי בראשית אַן ביז צו דעם סוף כּל הדורות (ז׳ 49);

אַלע מעגלעכע באַוועגונגען וואָס קאָנען פאָרקומען אונטער דער שליטה פון אַלע מעגלעכע שווערפעלדער (ז׳ 219);

די פאַן־געאָמעטריע, וועלכע איז כּולל אין זיך אַלע מעגלעכע רוימלעכע געשטאַלטן און שייכותן (ז׳ 207);

ווי פרעמד אַזאַ השערה זאָל נישט קלינגען אויפן ערשטן בליק . . . איז זי גאָרנישט אַזוי אויסן וועג, ווי נאָר מען נעמט אָן אַז אויך די מאָלעקולאַר־קרעפטן . . . (ז׳ 82);

די אַלטע פאָרשטעלונגען וועגן רוים און צייט זיינען נישט קיין אַפּריאָ־רישער מוז פאַר דער מענטשלעכער דערקענטעניש. זיי זיינען נישט מער ווי אַ הרגל, אַ געדאַנק־געוווינטקייט . . . (ז׳ 64).

מיר האָבן דאָ געבראַכט ניט קיין אַרויסגעריסענע ווערטער, נאָר די זאַצן ווו זיי קומען אַריין, כּדי מען זאָל דערזען אַז זיי ווערן דאָ געניצט מיט זייער אַלטן באַטייט, אָבער אין נייע צוזאַמענהאַנגען. און דאָס איז נייטיק אונטערצושטרייכן: פאַראַן מענטשן וואָס האַלטן אַז אָט די אַלע ווערטער פון דעם לשון פון תּלמיד־חכם זיינען נאָר גוט, ווען מען האָט צו טאָן מיט דער

אַמאָליקער סבֿיבֿה און מיטן לעבן פֿון דעם למדן. אַזאַ קוק איז אין גאַנצן אַ פֿאַלשער: ווערטער מאַכן שטענדיק דורך גלגולים, און אַ וואָרט פֿון איין קרייז קומט אַריין אין אַ צווייטן, פֿון קודש ווערט חול, פֿון יום־טובֿ ווערט וואָך — און פֿאַרקערט. מיטהעלפֿן אַז ווערטער זאָלן קענען קומען אין נייע פֿאַרבינדונגען און דינען ביי נייע אומשטאַנדן הייסט אַנטוויקלען די שפּראַך. ד״ר זשיטלאָווסקי האָט אויסגעניצט דאָס לשון פֿון תּלמיד־חכם כּדי צו העלפֿן שאַפֿן די שפּראַך פֿון דעם געלערנטן אויף יידיש. אַזאַ מיגראַציע קען אָבער ניט זיין אין גאַנצן פֿריי, זי מוז זיין אַ רעגולירטע.

מיר וועלן דאָ ניט איבעררעכענען די אַלע ווערטער וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין באַנד, ווו מיר שטויסן זיך אָן אויף אַזאַ אַריבערפֿלאַנצן. בלויז נאָך דריי טערמינען: כּדור ניצט ד״ר זשיטלאָווסקי אַנשטאָט קויל אָדער קויק, און עס איז אַ גוטער טערמין; אומאויסמיידלעך איז דאָס וואָרט חלל און וועלט־חלל, וועלטן־חלל אַנשטאָט פּוסטער רוים; אַנשטאָט „אַן און פֿאַר זיך״ און „אין זיך״ — קומט: פֿאַר זיך גופֿא, אין זיך גופֿא. און מיר פֿאַרענדיקן דעם פּונקט מיט איבעררעכענען עטלעכע אויסדרוקן וואָס ד״ר זשיטלאָווסקי האָט זיי באַזונדער ליב: אָפּפֿרעגן, אָפּוועגדן, איינווענדן, נאָך מיין מיינונג נאָך, על־פּי הכּרח, על רגל אַחת, לית ברירה, בלייבט ניט קיין אַנדער ברירה, דער שׂכל איז מחייב, אַ תּירוץ מספּיק, דער שׂכל הישר, איז גאָר במציאות ניטאָ,[2] און די פּרעפּאָזיציע לגבי וואָס איז אין אַ סך פֿאַלן די איינציק מיגלעכע (למשל: „די ערד רוט און די לופֿטשיף באַוועגט זיך לגבי איר״, ז׳ 154). מיר טרעפֿן אָפּט די פּרעפּאָזיציע על־פּי („על־פּי ניוטאָנס טעאָריע״, ז׳ 230) און כּמו אַנשטאָט קוואַזי; „כּמו־אויקלידישע״ (ז׳ 241), „כּמו־ספֿערישע״ (ז׳ 242).

נאָך אַ סך זעלטענער ווי אומגעראַטענע זאַצן טרעפֿן מיר ביי ד״ר זשיטלאָווסקין ווערטער וואָס קומען ניט אויף די ריכטיקע ערטער. דוכט זיך אַז בלויז אַזעלכע צוויי פֿאַלן האָבן זיך באַגעגנט: „אָנהייבן אויסנוצן, ווי דער סדר איז, די ענערגיע פֿון אַן אַטאָם וועלן מיר ערשט דעמאָלט קאָנען...״ (ז׳ 149) — פֿון דעם קאָנטעקסט איז קלאָר אַז אַנשטאָט „ווי דער סדר איז״ דאַרף קומען: ווי עס באַדאַרף צו זיין; „די שיפֿלעך וואָלטן געשטאַנען אין אַ גרויסער מקווה...״ (ז׳ 71) — דאָ דאַרף דאָס וואָרט מקווה פֿאַרשטאַנען ווערן אין דעם לכתּחילהדיקן, דעם העברעישן, ניט דעם יידישן באַטייט, און מיר מיינען אַז דאָס איז קרום; פֿאַר פֿאַלן — דאָ מוז מען זאָגן: רעזערוואַר. עס איז אויך נישט געראָטן דער פּרווו צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן ממש און מאַמעש (דאָס זעלביקע וואָרט אויסגעלייגט פֿאָנעטיש): „... אין יענעם ממשותדיקן עפּעס, פֿון וועלכן עס באַשטייט די וועלט. מיר רופֿן יענעם וועלט־מאַמעש — ׳מאַטעריע׳״ (זז׳ 213—214) — דאָ וואָלט מען אפֿשר געקענט זאָגן: וועלט־ממשות, און נאָך בעסער: וועלטעסענץ.

לסוף פֿון פּונקט העברעיזמען — וועגן אַן ענין וואָס גייט אַרויס פֿון די ראַמען פֿון איין באַנד און כאַראַקטעריזירט זשיטלאָווסקיס שפּראַך אין גאַנצן גענומען אָן שום באַוואָרענישן און מיט גרויסער זיכערקייט — וועגן דעם פּראַצענט העברעיזמען ביי ד״ר זשיטלאָווסקין און וועגן די אָפּטסטע העברעיזמען

[2] עס טרעפֿט זיך אויך ביי אים: „איז גאָר אין דער מציאות ניטאָ״ (ז׳ 216), וואָס איך ווייס ניט צי דאָס איז גוט.

בײַ אים. ווי אַ טייל פֿון אַ גרויסער שטודיע אויסצוגעפֿינען די אָפּטסטע העברעיִז־מען וואָס מען ניצט אין יידיש, איז אויסגעקומען אויסצופֿאָרשן אויך ווי איין איינס צווישן 60 פֿאַרשיידענע איינסן — 50,000 ווערטער בײַ ד״ר ח. זשיט־לאָווסקין (די גאַנצע אויספֿאָרשונג נעמט אַרום דרײַ מיליאָן לויפֿיקע ווערטער). מיר האָבן גענומען פֿון דער בזשאַזאַ־אויסגאַבע פֿון זשיטלאָווסקיס שריפֿטן יעדע 23סטע זײַט, סך־הכּל 188 זײַטן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז צווישן די **לויפֿיקע** 50,000 ווערטער זײַנען פֿאַראַן 730 **באַזונדערע** ווערטער־העב־רעיִזמען.

דאָס איז רעלאַטיוו אַ גאַנץ הויכע צאָל, ווי מען וועט עס זען, ווען עס וועט אויסקומען איבערצוגעבן די רעזולטאַטן פֿון דער גאַנצער אויספֿאָרשונג. עס איז טשיקאַווע וואָס דער אָפּטסטער העברעיִזם איז בײַ זשיטלאָווסקין אמת (78 מאָל). ווײַטער קומען אין סדר פֿון אָפּטקייט (אין קלאַמערן ווערט אָנגעוויזן די צאָל מאָל): נשמה (50), סך (48), גופֿא (42), כּדי (40), אפֿשר (34), אפֿילו (31), אופֿן, שכל (30), שייכות (28), דור, יסוד (25), אמתער, באמת, ממילא, ענין (22), פּרט, תּוך, תּמיד (20). נאָר בײַ אַ פֿאַרגלײַך מיט די אָפּטסטע העברעיִזמען בײַ אַנדערע שרײַבערס קען ווערן קלאָר אַז מיר האָבן דאָ אַ ריי אייגנאַרטיקייטן, וואָס זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון די ענינים מיט וועלכע ד״ר זשיטלאָווסקי פֿאַרנעמט זיך, אָבער אויך פֿון „שוואַכקייטן“ צו געוויסע ווערטער. די אויספֿאָרשונג איז נאָך ניט אין גאַנצן פֿאַרטיק, אָבער אויף וויפֿל מען קען זיך שוין איצט מיט מער־ווייניק זיכערקייט משער זײַן, וועלן פֿון די ערשטע צוואַנציק ווערטער אין דער אַלגעמיינער אָפּטקייט־רשימה אַרײַנקומען פֿון די אויסגערעכנטע ניט מער ווי אַן ערך: אַ סך, אפֿשר, אפֿילו, אמת, כּדי; אַלע אַנדערע האָבן קיין שום שאַנס נישט.

עס איז אָבער נאָך אינטערעסאַנטער, וואָס דער אַלגעמיינער פּראָצענט העברעיִזמען וואָס טרעפֿן זיך אין זשיטלאָווסקיס טעקסטן — איז אַ סך, אַ סך קלענער, ווי מען איז זיך אָפּט משער בײַ די פֿאַרשיידענע גוזמאַדיקע כּמו־חשבונות וועגן דעם פּראָצענט העברעיִזמען אין יידיש. מיר טרעפֿן צווישן די 50,000 לויפֿיקע ווערטער בײַ זשיטלאָווסקין סך־הכּל 3,228 העברעיִזמען, ד״ה 6.5 פּראָצענט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס אַז אויף 1,000 לויפֿיקע ווערטער בײַ ד״ר זשיטלאָווסקין זײַנען אין דורכשניט פֿאַראַן 65 העברעיִזמען. פֿאַרשטייט זיך אַז דער פּראָצענט באַזונדערע העברעיִזמען צווישן אַלע באַזונדערע ווערטער בײַ זשיטלאָווסקין איז בלי ספֿק אַ גרעסערער (וואָרעם צווישן די סאַמע אָפּטע ווערטער אין יידיש זײַנען בלויז פֿאַראַן געציילטע העברעיִזמען), אָבער אויב זיך יאָ פֿאַרלאָזן אויף שאַצונגען, קען אויך אָט דער פּראָצענט קוים איבערשטײַגן 12—13, ד״ה אַז צווישן הונדערט ווערטער פֿון ד״ר זשיטלאָווסקיס ווערטער־אוצר דאַרף מען זיך משער זײַן אַן ערך 12—13 העברעיִזמען. דאָס איז רעלאַטיוו אַ הויכע צאָל.

## אינטערנאַציאָנאַליזמען בײַ ד״ר זשיטלאָווסקין

ווי שוין דערמאָנט, שטעלט זיך ד״ר זשיטלאָווסקי ניט אָפּ פֿאַר אינטער־נאַציאָנאַליזמען. און ווי קען מען זיך טאַקע באַגיין אָן זיי, ווען מען האָט צו טון מיט וויסנשאַפֿטלעכע ענינים? ער שטעלט זיך אויך ניט אָפּ פֿאַר זעלטענע ווערטער, אויב ער פֿילט אַז ער קען ניט אויסקומען אָן זיי, למשל: „די מעטרישע

אייגנשאַפֿטן פֿון דעם צייַט־רוים־קאָנטינוּום . . .״ (ז׳ 44) — וואָרעם אויב ער וואָלט זיך אַפֿילו געקלערט און געשטעלט „צייַט־רוים־כּסדר״, וואָלט ער דורך דעם ניט גרינגער געמאַכט די פֿראַזע (די ווערטער המשך צי המשכדיקייט פּאַסן זיך דאָ ניט אַרייַן). דאָס געפֿיל פֿון דעם לערער, דעם רעדנער און דעם גאָט געבענטשטן פּאָפּולאַריזאַטאָר פֿאַרהיט אים פֿון אָנפּיקעווען צו פֿיל אינ־טערנאַציאָנאַליזמען אין איין זאַץ, אָבער דאָך טרעפֿן מיר בײַ אים אויך זאַצן פֿון אַזאַ מין, ווו דאָס פֿרעמדוואָרט קומט רעלאַטיוו געדיכט:

> אויך די מעטאַפֿיזישע אייגנשאַפֿטן פֿון דער וועלט־רעאַליטעט זייַנען — ווי די פֿיזישע — נישט אבסאָלוט, נאָר רעלאַטיוו. זיי זייַנען רעלאַטיוו צו דער מענטשהייט וואָס דערקענט זיי, צו דער קולטורעלער עפּאָכע אין וועלכער די מענטשהייט דערקענט זיי, צו די גייַסטיקע ספֿערן דורך וועל־כע די מענטשהייט באַטראַכט זיי (ז׳ 48).

דער אינטערנאַציאָנאַליזם ווערט אָפֿט אַרויפֿגעצווונגען מחמת דער באַ־דערפֿעניש צו זייַן פּרעציז. פֿון דער אַנדערער זייַט איז דער פּאָפּולאַריזאַטאָר אין קלעם פֿון מורא אַז טאָמער וועט דער טעקסט זייַן צו שווער. ד״ר זשיטלאָווסקי האָלט דאָס געבאָט פֿון פּרעציזקייט העכער, און אין דעם פּרט איז ער אַוודאי גערעכט, וואָס עס זאָלן ניט זאָגן די אַלע וואָס זייַנען צוגעווױנט נאָר צו גרינגע טעקסטן. בלויז אין איין שטעל האָב איך באַמערקט אַ בפֿירושן גרייַז מחמת מורא פֿאַר אַ שווערן אינטערנאַציאָנאַליזם: ער ניצט דאָס גרינגערע וואָרט מאַטעריע, ווען ער מוז האָבן דאָס וואָרט מאַטעריאַליטעט (ז׳ 47, שורה 19).

עטלעכע באַמערקונגען וועגן די פֿאָרמען פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען בײַ ד״ר זשיטלאָווסקין:

1. ניט געקוקט אויף זייַן נטיה צו געוויסע פֿאַלקסטימלעכע פֿאָרמען, האָט ער דאָך — ווי איך מיין גאַנץ ריכטיק — מעכאַניק, פֿיזיק א״אַ (און ניט „מעכאַ־ניקע״, „פֿיזיקע״);

2. ער איז גערעכט, ווען ער ניצט אַ וואָרט ווי סינכראָן מעשׂה אַדיעקטיוו און שטעלט ניט צו קיין סופֿיקס ־יש (סינכראָנע זייגערס), אָבער צו וואָס האָט ער געדאַרפֿט דעם ־יש אין וואָרט „פֿיזיקאַליש״ (פֿיזיקאַלישע געזעצן, פֿיזיקאַלישע קרעפֿטן)? עס דוכט זיך אַז עס איז גוט ווי אַן אַדיעקטיוו פּשוט פֿיזיקאַל (פֿיזיקאַלע געזעצן, פֿיזיקאַלע כּוחות);

3. דאָרטן ווו דער סובסטאַנטיוו ענדיקט זיך אויף ־יע, איז ריכטיקער די ענדונג ־על אין אַדיעקטיוו, ניט אַל; דעריבער וואָלט געדאַרפֿט זייַן אינער־ציעלע מאַסע, און ניט „אינערציאַלע״ ווי בײַ זשיטלאָווסקין — אַזוי ווי מאַטעריע: מאַטעריעל;

4. ד״ר זשיטלאָווסקי האָט אַ נטיה צו שאַפֿן אַדיעקטיוון פֿון נעמען פֿון מענטשן מיט דער הילף פֿון סופֿיקס ־יש, למשל: אויקלידישע געאָמעטריע, בערג־סאָניש, ספּינאָזיש. דאָס איז אין גאַנצן באַרעכטיקט. עס טויג אָבער ניט אין אַט די פֿאַלן צו ניצן דעם סופֿיקס ־ש, ווי ער טוט עס גאַנץ אָפֿט: „איינשטיינשער

רוים״, „ניוטאָנשער רוים״, „מיכלסאָנשער עקספּערימענט״, „מייקלסאָנשער עקס־פּערימענט״; עס דאַרף זיין: איינשטיינישער, ניוטאָנישער, מיכלסאָנישער, מײַקל־סאָנישער.

די ליבשאַפט צו אַדיעקטיוון פון דעם שניט איז אַזוי גרויס, אַז ד״ר זשיט־לאָווסקי פאַרזעט אויך אָפּט מאָל דעם אונטערשייד צווישן דעם פשוטן פּאָסעסיוו און דעם אַדיעקטיוו אויף ־יש, למשל: אויף ז׳ 57 רעדט ער וועגן די השקפות פון דעם געלערנטן פאַן־בער און זאָגט די „פאַן־בערישע אָנשויונג״; אויף ז׳ 80 דערציילט ער וועגן די עקספּערימענטן וואָס מייקלסאָן האָט דורכגעפירט און דריקט זיך אויס „די מייקלסאָנשע עקספּערימענטן״ — אין די פאַלן דאַרף זיין: פאַן־בערס אָנשויונגען, מײַקלסאָנס עקספּערימענטן, וואָרעם דער סופיקס ־יש דריקט אויס דעם באַטייט פון אַזוי ווי, על־פּי. אַ פּאָר זאַצן וועלן עס קלאָר מאַכן: איינשטיינס ווערק קלערן אונדז אויף אַז מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון ניוטאָנישן רוים און אָננעמען דעם באַגריף פון איינשטיינישן רוים; ניט אַלע ספּינאָזעס תּלמי־דים קענען באמת טראַכטן ספּינאָזיש; פאַן־בערס געדאַנק האָט געקענט אויפקו־מען נאָר ביי פאַן־בערן אין מוח, אָבער אַ פאַן־בערישער געדאַנק האָט געקענט אויפקומען אויך ביי זיינעם אַ תּלמיד.

## נעאָלאָגיזמען ביי ד״ר זשיטלאָווסקין

מיר קענען ניט זאָגן מיט פולער זיכערקייט אַז די אַלע נייע ווערטער אין יידיש וואָס מיר רעכענען דאָ באַלד אויס האָבן זיך געטראָפן צום ערשטן מאָל ביי ד״ר זשיטלאָווסקין. אונדז גייט דאָ ניט אין אויסגעפינען די צאָל נעאָלאָ־גיזמען וואָס ער האָט פּאַקטיש אַריינגעבראַכט אין יידיש. עס איז בלויז וויכטיק פאַר אונדז אָנצווייזן אויף די אופנים, ווי אַזוי ער האָט געשאַפן נעאָלאָ־גיזמען, וואָסערע אופנים ער האָט מער גענוצט ווי אַנדערע — הכלל, מיר ווילן אויסגעפינען ד״ר זשיטלאָווסקיס דרך אין שאַפן נעאָלאָגיזמען. און מיר מיינען אַז פון זיין שיטה קען מען זיך נאָך איצט אויך אַ היפּש ביסל אָפּלערנען כּדי צו באַרייכערן אונדזער לשון און שאַפן פון אים אַ גוטן אינסטרומענט אויף איבער־צוגעבן געדאַנקען פון דער פינקטלעכער וויסנשאַפט.

ד״ר זשיטלאָווסקי ניצט אויס די גרינגקייט מיט וועלכער ווערבן לאָזן זיך שאַפן אין יידיש. חיבורן זיך און חיסורן זיך ביי אים געשווינדקייטן. אַ טעאָריע וואָס ווערט דערוויזן דורך פאַקטן ווערט פאַראמתט (ז׳ 147). מען קען אויסאיינען צוויי פּרינציפּן, ד״ה זיי דערהייבן צו איין אַרומנעמענדיקן פּרינציפּ (ז׳ 66). וואָסער קען זיך אײַנאָרטן צווישן בוימל און קוועקזילבער (ז׳ 183). איינשטיין האָט זיך אריינגעחשבונט אין דעם מהות פון דער אינערציעלער מאַסע (ז׳ 142). אַ באַוועגונג קען ניט אוועקגעטײַטשט ווערן (ז׳ 177). מען קען אוועק־טראַכטן פון דער צייט אַלץ וואָס פילט זי אָן. די ענערגיע איז אײַנגעשפּײַכלערט אין די אַטאָמען (ז׳ 148). מען קען פאַררעלאַטיווירן אַלע מאָסן (ז׳ 121), און „רו״ און „באַוועגונג״ קענען אַוודאי ווערן פאַררעלאַטיווירט (ז׳ 21). מען איז גענייגט צו פאַראַבסאָלוטירן די היפּוכים (ז׳ 19). און מען דאַרף ניט „רעוואָלוציאָניזירן״,

ווען עס איז געניג צו רעוואָלוציאָנירן און צו קריגן רעוואָלוציאָנירנדיקע רעזולטאַטן.

די אַבסטראַקטע ענינים וואָס ד״ר זשיטלאָווסקי פֿאַרנעמט זיך מיט זיי איז אונדזער באַנד צווינגען אים צו ניצן אַ שלל סובסטאַנטיוון אויף ־קייט, למשל: פּילקייט, געשווינדקייט, רוימלעכקייט, צייטלעכקייט, געמאָסטנקייט, גלייכמאָסיקייט, גראַדליניקייט, גלייכליניקייט, חידושדיקייט, „אַבסאָלוטישקייט",[3] פֿונאַנדערגעצויגנקייט, ניט־איבערגעריסנקייט, אויסגעשפּרייטקייט, אומדערשראָקנקייט, האַשיש־פֿאַרנעפּלטקייט און נאָך צענדליגער. היפּש איז אויך די צאָל סובסטאַנטיוון אויף ־ונג, למשל: פֿאַרנאַנטונג, פֿאַרווייטונג, „פֿאַרשנעלערונג",[4] פֿאַרלאַנגזאַמונג, פֿונאַנדערשפּאַלטונג, צונויפֿשרומפּונג, פֿאַררעלאַטיווירונג א״אַ.

אָבער באַזונדער וואַרפֿט זיך אין די אויגן די סיסטעם צו שאַפֿן סובסטאַנטיוון פֿון ווערבן אָן שום סופֿיקס, יענע סיסטעם וואָס אונדזערע פֿאָעטן האָבן זי שטאַרק אויסגעניצט און מחמת דעם מוסטער פֿון רוסיש איז זי פּאָפּולער אין דעם לשון פֿון די שרייבערס אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. ד״ר זשיטלאָווסקי האָט אַ בפֿירושע נטיה צו אָט די קורצע ווערטער. מיר האָבן אין באַנד געטראָפֿן: דער איינווענד (פֿון איינווענדן), דער אָננעם (פֿון אָננעמען), דער איבערקער אין די יסודות (ז׳ 155); „די השׂגה פֿון רוימלעכקייט איז אַ צוטראַכט, אַ דמיון פֿון אַ דערקענענדיקן חוש" (ז׳ 216); „דער ארומדריי אַרום דער זון" (ז׳ 225); „אונדזער וועלטבאַטראַכט" (ז׳ 230); „קיין בייזער גלוסט זאָל נישט קענען בייקומען" (ז׳ 149); „דער אנוואַקס אין זייער ארומנעם" (ז׳ 237); „ער הייבט אָן מיט אַ גאַנץ קלאָרן אויפֿשטעל פֿון צוויי קערפּערס" (ז׳ 143); עס שלאָגט אַריין אַ בליץ, בכן אַ בליץ־אַריינשלאָג; דער פּאַרווער און נאָך אַנדערע פֿון דעם אייגענעם שניט וואָס זיינען ווייניקער חידושדיק.

עס טרעפֿט זיך אַ מאָל אַז עס קומט אַזאַ קורץ וואָרט וואָס איז בפֿירוש ניט געראָטן, למשל: „דער מענטש איז אַ דריי־דימענזיאָנעלער באַשאַף" (ז׳ 238), וואָרעם דאָ מוז קומען באַשעפֿעניש — באַשאַף באַטייט: אָל דאָס באַשאַפֿענע, ווי מען קען אַגב זען פֿון אַזאַ פֿראַזע: „יענע אינעווייניקסטע רוחניותדיקע וועלט־אייניקייט וואָס האַלט צונויף דעם גאַנצן באַשאַף" (ז׳ 246).

וועגן אַדיעקטיוון אויף ־יש און ־ש האָבן מיר שוין גערעדט אין פֿריערדיקן קאַפּיטעלע. מיר גיבן דאָ בלויז צו אַז אפֿשר אין שפּאַס ווערט געניצט די פֿאָרעם „קאַפּויעריש" (ז׳ 153), הגם דאָס נאַטירלעכע איז קאַפּויערדיק. עס איז זייער געראָטן פֿון ווירע — וויריש, „די ווירישע גלייכליניקייט" (ז׳ 160). פֿון דעם שלל ווערטער אויף ־דיק ברענגען מיר לדוגמא: „די גולמדיקע מאַטעריע" (ז׳ 146), אַ „נשתּומםדיקער רעזולטאַט" (ז׳ 141), א „מלכותדיק געזעץ" (ז׳ 229), אַ „חידושדיקער רעזולטאַט" (ז׳ 228). ווערטער־שאַפֿונגען פֿון דעם מין קומען אָן זייער גרינג אויך ווען מען איז אַ קלענערער בריה אין נעאָלאָגיזמען ווי ד״ר זשיטלאָווסקי.

[3] עס דאַרף זיין אַבסאָלוטקייט, ווייל דאָס וואָרט אַבסאָלוט דינט אויך ווי אַן אַדיעקטיוו.
[4] פֿאַרגיכערונג איז בלי ספֿק בעסער.

גאָר זעלטן קען מען זיך צונויפשטויסן מיט אַ וואָרט וואָס ווערט געבויט ניט על־פּי דער יידישער וואָרטשאַפונג. איין דוגמא פון דעם אומגעראָטענעם מין: „זייער פאַליקע געשווינדקייט פאַרגרעסערט זיך אין גלײַכער מאָס, וואָס נענטער זיי קומען צו דער ערד" (ז' 185); דאָ טאָר ניט זײַן דער אַדיעקטיוו פאַליק וואָס זאָגט אַז עס איז פאַראַן די אייגנשאַפט פון פאַלן, נאָר דאָ מוז זײַן פאַלנדיקע — וואָס ווײַזט אַז די געשווינדקייט האַלט אין פאַלן, און גראָד דאָס האָט דער שרײַבער געוואָלט אויסדריקן.

לסוף עטלעכע ציטאַטן וואָס ווײַזן אַז ד״ר זשיטלאָווסקי שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר עטלעכע נעאָלאָגיזמען וואָס זאָלן קומען כּסדר און וואָס איבער זיי קלינגט דער זאַץ אַ ביסל אויסטערליש פאַר איינעם וואָס האָט מורא פאַר שפּראַך־חידושים:

די מענטשלעכע דערקענטעניש קען זיך לײַכט אויסאיינען מיט דער פאַררעלאַטיווירונג פון רוים (ז' 110);

אַלע פּינקטלעכע מעסטונגען און וועגונגען האָבן יענעם געזעץ (ז' 125).

מינקאָווסקי־איינשטיינס סינטעטישער מאָניזם אין דער רוים־און־צײַט־לערע שאַפט אָפּ די אַלע דואַליזמען און געדאַנקלעכע פונאַנדערשפּאַלטונגען פון דעם איינהייטלעכן וועלטגעשען (ז' 47).

אַזאַ מין זאַץ ווי דער לעצטער וואָס ווערט דאָ ציטירט, קען זייער גרינג ווערן קריטיקירט. עס איז אָבער ניט אַזוי גרינג אים צו זאָגן אַ סך פּשוטער, אויב מען וויל זיך אויסדריקן קורץ און פּינקטלעך. און מיר שטרײַכן צום סוף פון דעם קאַפּיטעלע נאָך אַ מאָל אונטער — ד״ר זשיטלאָווסקי לערנט אונדז זיך ניט שרעקן פאַר נײַע ווערטער און אַפילו ניט פאַר פאָרמולירונגען, ווו עס קומט אויס צו ניצן עטלעכע נעאָלאָגיזמען.

## פאָרמען פון ווערטער

ד״ר זשיטלאָווסקי שאַפט אָן איבעריק איבערקלערן מ ע ר צ א ל ן פון אַלע מיגלעכע ווערטער אין איינצאָל — און ער איז אין גאַנצן גערעכט. עס איז שווער צו געפינען אַ וואָרט אין איינצאָל וואָס זאָל ניט זײַן בכּוח צו האָבן אַ מערצאָל־פאָרעם. טרעפן מיר טאַקע אין דעם באַנד וואָס מיר אַנאַליזירן: צונויפשרומפּונגען, צווישן־שײַכותן, רוימלעכקייטן, רוימצײַטלעכקייטן, גלײַכצײַטיקייטן און נאָך און נאָך פון דעם מין. מיר באַגעגענען אויך: אַ פּאָר הרף־עינס, צוויי טבֿעס, פאָרמען וואָס זיינען ווידער גוט און וואויל. מיר האַלטן אַז עס איז אויך מיגלעך כּדורס — אַנשטאָט כּדורים.

אָבער דאָך ווערט ניט אַלע מאָל די מערצאָל ריכטיק געשאַפן. עס דאַרף זײַן מילי־ביליאָנטלעך פון אַ סעקונדע, און ניט „מילי־ביליאַנטלס" (ז' 54); מערצאָל פון כאַראַקטעריסטיק דאַרף זײַן כאַראַקטעריסטיקעס, און ניט „כאַראַקטעריסטיקן" (ז' 189). ווען אַ פרוי איז שוואַנגער איז זי אין די אומשטענדן, אין די אַנדערע אומשטענדן, אָבער געוויינטלעך איז די מערצאָל פון אומשטאַנד — אומשטאַנדן, ווי צושטאַנדן. „קרעפטן" איז אויך ניט מיגלעך; אויב מען זאָל דערלאָזן דאָס וואָרט קראַפט אין פיזיק, איז די מערצאָל־פאָרעם — קראַפטן. פון וואַנעט נעמט זיך דאָ אַזאַ זיכערקייט? ווײַל ווען עס קומט צו די ענדונג פון מערצאָל — ־ן (ען), בײַט זיך ניט דער וואָקאַל פון שטאַם. מערצאָל פון מאַסע (אין פיזיק) איז מאַסעס, פון פראַגע — פראַגעס, פון ספערע — ספערעס (און ניט „מאַסן",[5] „פראַגן", „ספערן").

עס איז אויך אין גאַנצן דערלאָזלעך דאָס זייער פרײַע שאַפן דעם קאָמפּאַראַטיוו פון אַדיעקטיוון (און פון ווערטער וואָס פאַרנעמען אין זאַץ די פּאָזיציע פון אַדיעקטיוון). מיר טרעפן אין באַנד: געצוווּנגענער, ערשטערער, באַטראַכטערער, קאָנסעקווענטערער.

---

[5] אָבער: פאָלקסמאַסן, מאַסן מענטשן — ווייל אַזוי האָט זיך עס אײַנגעשטעלט.

מיר ציִען צו די אויפמערקזאַמקייט צו דער פאָרעם זעלבשטענדיק און זעלבשטענדיקייט וואָס מיר טרעפן כּסדר אין דעם באַנד (הגם אפשר איז עס דער אויפטו ניט פון דעם שרײַבער), אנשטאָט „זעלבסטשטענדיק“ און „זעלבסטשטענדיקייט“. עס איז אויך סיסטעמאַטיש דורכגעפירט האָפענונג, רעכענונג, דערקענטעניש און נאָך ווערטער פון דעם מין, ווו מיר טרעפן אָפט ניט־ייִדישע פאָרמען.

## א פּעקל דײַטשמעריזמען[9] אין דעם אַנאַליזירטן באַנד

הגם ד״ר זשיטלאָווסקיס שפּראַך איז בדרך כּלל א ריינע, פרײַ פון באַרבאַריזמען און דײַטשמעריזמען, געפינט מען דאָך בײַ אים א היפּשע צאָל אויסגליטשעכצן. זיי נעמען זיך א פּנים פון דעם וואָס דער פרײַ פליסיקער שטראָם פון שפּראַכיקן שאַפן לויפט מיט א צו גיכן אימפּעט, אז דער שרײַבער זאל קענען האָבן צײַט אַלץ צו רעגולירן. כאַפּט זיך אַרײַן דער טראַפּאַרעט.

ראשית כּל איז פאַראַן א געזעמל ווערטער מיטן סופיקס ־באַר:[7] „אומשעצבאַר“, „אומצעשטערבאַרקייט“, „אומדענקבאַר“, „אומפאָרשטעלבאַר“, „פאָרשטעלבאַר“, „וווּנדערבאַר“, „שפּירבאַר“, „אומפאַרטיליקבאַר“, „אומפאַרטיליקבאַרקייט“ א״א. די ווערטער קען מען זאָגן אויף ייִדיש: אומצעשטערלעך, אומצעשטערלעכקייט, אומדענקלעך, אומפאָרשטעליק, פאָרשטעליק, ווּנדערלעך, שפּיריק, אומאויסראָטלעך, אומאויסראָטלעכקייט (אומפאַרטיליקלעך, אומפאַרטיליקלעכקייט — זײַנען אויך טעאָרעטיש מיגלעכע ווערטער, אָבער זיי קלינגען האַמעטנער). דאָס וואָרט „שײַנבאַר“ וואָס מיר טרעפן איז א מאָל סך־הכּל א פּנים, א מאָל — דאָס וואָס קען זיך אויסדוכטן, ד״ה אויסדוכטיק.

מיר טרעפן אויך אַזעלכע דײַטשמעריזמען וואָס זײַנען היפּש פאַרשפּרייט און וואָס וועלן אוודאי האָבן גענוג פּאַרטיידיקערס צווישן אונדזערע פרײַנד־לייענערס: „שריט“ (טריט), „איינפלוס“ (השפּעה), „שלוס“ (אויספיר, פּועל־יוצא), „אַנשויונג“ (השקפה, מיינונג, קוק, בליק), „וועקסל־ווירקונגען“ (בײַטווירקונגען), „באַהויפּטעט“ (זאָגט, שטעלט פעסט, מיינט א״א), „עמפּפינדונגען“ (שפּירונגען), „אויפפאַסונג“, „וועלט־אויפפאַסונג“ (באַנעם, וועלטבאַנעם), „זיגלעכע דערקענטעניש“ (חושימדיקע דערקענטעניש), „פאַרגעוויסערן זיך“ (דערגיין אויף געוויס, זיך איבערצײַגן), „ליבנסווירדיק“, „ליבנסווירדיקייט (פרײַנדלעך, פרײַנדלעכקייט; ליבלעך, ליבלעכקייט; האַרציק, האַרציקייט).

ד״ר זשיטלאָווסקי איז אויך ניט פרײַ פון דעם זייער פאַרשפּרייטן גרײַז צו ניצן „אייניקע“, ווען מען וויל זאָגן: טייל, אָדער עטלעכע — ניט „אייניקע פראַגן“, נאָר טייל פּראָגעס אָדער עטלעכע פּראַגעס. אייניקע — זײַנען די וואָס זײַנען אייניק, וואָס קריגן זיך ניט. מיר טרעפן אויך דאָס אומגעראָטענע פאַרלאָטען „פאָלגנדע“ אויף „פאָלגנדיקע“ — פאָלגנדיקע באַטײַט: די וואָס פאָלגן וואָס מען הייסט זיי, און אנשטאָט „פאָלגנדיקע כּללים“ (ז׳ 184) דאַרף זײַן: ווײַטערדיקע כּללים, אָט וועלכע כּללים, אַזעלכע כּללים אָדער ווי ניט איז אנדערש.

לאָמיר צוליב שלום־בית וועגן מיט א טייל פרײַנד ניט דערמאָנען מער קיין דײַטשמעריזמען פון אַזאַ שניט ווי: ווידערשפּרוכן, ענדערונגען, דער זין, דערפאָלגרײַך, רעגלמעסיק און ענלעכע ווערטער וואָס מען איז צו זיי אַזוי צוגעוווינט אז מען שטעלט זיך אײַן פאַר זיי, ווי זיי וואָלטן געווען ווער ווייסט וואָסער געווינס פאַר ייִדיש.

גאָר זעלטן טרעפן זיך זאַצן ווו די דײַטשמעריזמען קומען געדיכטער, למשל: „איינע פון די פראַגן האָט געלויטעט אַזוי“ (ז׳ 35) — אנשטאָט דעם ווילדן „געלויטעט“ דאַרף זײַן:

[9] וועגן דײַטשמעריזמען זען: מ. ווײַנרײַך, „דײַטשמעריש טויג ניט“, ייִדיש פאַר אַלע, 1938, נומ׳ 4, און ז. קלמנאָוויטש, „דער שורש פון דײַטשמעריש“, דאָרטן, נומ׳ 8.

[7] וועגן סופיקס ־באַר זען נחום שטיפס אַרטיקל אין די ייִדישע שפּראַך, נומ׳ 3 (10), קיִעוו, 1928.

געקלונגען, אָדער ווי ניט איז אַנדערש. מען קען אַ גרויסע צאָל דײַטשמעריזמען אויסמײַדן, ווען מען פֿאַרריכט זיי אַ ביסל. אָט האָבן מיר: „דער פלוס פֿון דער אַבסאָלוטער צײַט“ (ז׳ 26) — עס קען ניט זײַן „פֿלוס“, ווײַל דער ווערב איז פליסן — געפלאָסן; אויב מען קען ניט ניצן דעם סובסטאַנטיווירטן אינפֿיניטיוו דאָס פֿליסן און אויב מען האַלט אַז מען מוז ניצן אַ וואָרט פֿון דעם זעלבן שורש, קומט אויס צו שאַפֿן דאָס וואָרט: דער פליס, דער פֿלאָס — אָבער ניט דער „פֿלוס“, וואָרעם זאַכווערטער פֿון דעם שניט קען מען שאַפֿן פֿון אינפֿיניטיוו אָדער פֿון פּאַרטיציפּ, מען קען אָבער ניט אַרײַנשטעלן אַזאַ וואָקאַל וואָס איז ניט געווען אין קיין שום אַנדער פֿאָרעם.

און הגם מיר געפֿינען אַפֿילו דײַטשמעריזמען אין דער גראַמאַטיק („אַם בולטסטן“: צום בולטסטן; „געניויעסטער“: גענויסטער; „גאַנצעס“: גאַנצס), וואָלטן מיר זיך דאָך געמעגט ווינטשן אַזאַ רײנע און רײַכע און עכט ייִדישע שפּראַך בײַ אַלע אונדזערע פּראָזע־שרײַבערס.

וועגן ד״ר זשיטלאָווסקיס סטיל אויפֿן סמך פֿון דעם זעלביקן באַנד — אין איינעם פֿון די נאָענטסטע נומערן ייִדישע שפּראַך.

# נײַע העברעיִשע ווערטער אין ארץ־ישׂראלדיקן ייִדיש

## פֿון ד״ר ישׂראל רובין

דאָס ייִדישע לשון האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפֿן גערעדטן און אַפֿילו אויפֿן געשריבענעם העברעיִש אין ארץ־ישׂראל. אין די ייִוואָ־בלעטער, ב׳ XXV, נומ׳ 2, האָב איך געבראַכט אַ סך אילוסטראַציעס וואָס ווײַזן ווי אַזוי מען האָט איבערגענומען פֿון ייִדיש הן באַזונדערע ווערטער, הן גאַנצע אויסדרוקן און ווי אַזוי די פֿאָנעטיק פֿון ייִדיש האָט געווירקט אויף דעם אַקצענט פֿון אַ סך ווערטער אין העברעיִש.

אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט דאָס גערעדטע ייִדיש געהאַלטן אין איין נעמען פֿון דעם גערעדטן העברעיִש. דאָס גערעדטע ייִדיש איז בנוגע צום גערעדטן העברעיִש אין דעם מצב אי פֿון אַ געבער, אי פֿון אַ נעמער. צווישן ייִדיש און העברעיִש איז אין ארץ־ישׂראל פֿאַראַן אַ קעגנזײַטיקע ווירקונג.

דאָס ארץ־ישׂראלדיקע ייִדיש האָט אין זיך אַ סך מער העברעיִזמען ווי דאָס ייִדיש אין אַנדערע לענדער. איך האָב געמאַכט סטענאָגראַמען פֿון שמועסן צווישן ייִדיש־רעדנדיקע. צווישן זיי זײַנען געווען אויך אַזעלכע וואָס אידעאָלאָגיש זײַנען זיי פֿאַראינטערעסירט אין אויפֿהיטן די ריינקייט פֿון זייער ייִדיש, און נאָך אַ פּרטימדיקן אַנאַליז פֿון דעם לעקסישן באַשטאַנד פֿון אָט די שמועסן, בין איך דערגאַנגען אַז אין דורכשניט זײַנען דאָרטן פֿאַראַן אַ 40 פּראָצענט העברעיִשע ווערטער, ד״ה לכל־הפּחות צוויי מאָל אַזוי פֿיל ווי געוויינטלעך.

פֿאַראַן אַ היפּשע צאָל העברעיִשע ווערטער אין דעם ארץ־ישׂראלדיקן ייִדיש, וואָס זיי זײַנען ניטאָ אין קיין אַנדער לאַנד און וואָס האָבן זיך אַזוי אײַנגעבירגערט אין דעם היגן ייִדיש, אַז זיי לאָזן זיך שווער פֿאַרבײַטן מיט אַנדערע ייִדישע לעקסישע עקוויוואַלענטן. דער דאָזיקער פֿאַקט זאָגט אַגבֿ עדות אויף דעם, אַז די העברעיִשע סביבֿה־שפּראַך איז געוואָרן ביז אַ געוויסער מאָס אַ מוזזאַך. מיט דעם העברעיִשן לעקסישן עלעמענט אין היגן

ייִדיש קומט פֿאַר כּמעט דאָס אייגענע וואָס מיטן רוסישן עלעמענט אין רוסלאַנד, מיטן ענגלישן — אין אַמעריקע, מיטן שפּאַנישן — אין אַרגענטינע. העברעיִש שפּילט דאָ אין לאַנד די ראָלע פֿון אַזאַ שפּראַכיקן באַווירקער, וואָס פֿון זײַן השפּעה איז שווער זיך אַרויסצודרייען (געוויסע העברעיִשע ווערטער זײַנען אַרײַן אויך אין היגן אַראַביש, לעצטנס אויך צווישן די פּאָליאַקן די פּליטים, צווישן ניט־ייִדישע מיליטער־לײַט דאָ אין לאַנד).

דעריבער איז כּדאַי אָנצוּווײַזן אויף עטלעכע זייער פֿאַרשפּרייטע ווערטער וואָס זײַנען אַרײַן אין ייִדיש פֿון העברעיִש, אַזעלכע ווערטער וואָס זײַנען אין העברעיִש אויך נײַ און וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן מיט אַ קורצער צײַט צוריק, אָדער זיי האָבן זיך פֿאַרשפּרייט ערשט די לעצטע עטלעכע יאָר. ס׳רוב זײַנען עס ווערטער וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דאָ געשאַפֿענע לעבן־שטייגערישע באַגריפֿן. צו די ווערטער קבֿוצה, קיבוץ, הסתּדרות א״אַ, וואָס זײַנען געווען באַוווּסט אין אַלע לענדער, ניצט מען אין היגן ייִדיש אויך: קבלן, קבלנות, צריף, קופּת־חולים און אַ סך אַנדערע ווערטער פֿאַר באַגריפֿן וואָס זײַנען דאָ אויפֿגעקומען אָדער האָבן געהאַט ערשט דאָ אַ געלעגנהייט צו ווערן פּאָפּולער. נאָך אינטערעסאַנטער זײַנען די מלחמה־ווערטער פֿון די לעצטע עטלעכע יאָר אין גערעדטן ייִדיש. איך ברענג דאָ עטלעכע בײַשפּילן:

פֿאַר דעם באַגריף אַלאַרם איז דאָ פֿאַראַן דאָס וואָרט אזעקה;

פֿאַר פֿאַרטונקלונג — האפּלה;

פֿאַר „שעלטער" האָט מען גענומען דאָס אַלטע וואָרט מקלט און אים צוגעגעבן אַ נײַעם צוגאָב־באַטײַט;

אַ קאָמאַנדאָ־איבערפֿאַל האָט אויך פֿאַר זיך אַ נײַ קורץ וואָרט — נחיתה.

אַזוי ווי העברעיִש האָט אַ ווידערווילן קעגן אינטערנאַציאָנאַליזמען און אויב מען קען נאָר זיך דערטראַכטן צו אַן אייגן וואָרט, ניצט מען ניט דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, האָבן מיר פֿריִער אין העברעיִש און גלײַך נאָך דעם אין גערעדטן ייִדיש פֿאַרן פּאַראַשוטיסט — צנחן;

איבער דעם זעלביקן טעם ווערט פֿאַר אינוואַזיע געניצט דאָס וואָרט פּלישה.

> חוץ דעם וואָרט מקלט וואָס האָט שוין בירגעררעכט אין ייִדיש במילא אויפֿן סמך פֿון די אַלטע ערי־מקלט, איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אַט די ווערטער זאָלן קענען אַרײַנדרינגען אין דעם ייִדיש פֿון אַנדערע לענדער און אין דער ליטעראַטור־שפּראַך. זיי זײַנען אָבער אינטערעסאַנט פֿון אַ לינגוויסטישן און לעבן־שטייגערישן שטאַנדפּונקט. — רעד׳.

## מען קען ניט סתּם אויסטראַכטן ווערטער

פֿון ט. ר—ס

אַגוסטן איז גאָלדע גראָסבערג פֿון ברוקלין געקומען מיט עטלעכע גאָר האַרבע פֿראַגעס וועגן אַ פּאָר ווערטער. זי האָט גראָד געהאַלטן אין שרײַבן אַ דערציילונג וועגן אַ חבֿרה־מאַן וואָס איז אַליין אַ בייזבאָל־שפּילער און נאָך מער פֿאַרקאָכט אין בייזבאָל, און זי האָט נייטיק געהאַט ווי דאָס לעבן ייִדישע

עקוויוואַלענטן פֿאַר אַזעלכע ווערטער: 1) „פּיטשער", 2) „בעט" און 3) „קאָוטש". די שרײַבערין האָט ניט געוואָלט גיין מיט דער ליניע פֿון קלענסטן אַקעגנשטעל און איבערנעמען די ענגלישע ווערטער, און לשם דער ריינקייט פֿון דעם לשון אין איר דערציילונג האָט זי געוואָלט האָבן אייגענע יידישע ווערטער, הגם זי ווייס גאַנץ גוט אַז מען האָט אָט די ווערטער דערווײַל קיין מאָל ניט גענוצט בײַם שפּילן בייזבאָל.

זי האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: וואָסערע ווערטער וואָלט מען גענוצט אויף יידיש, אויב די בייזבאָלשפּילערס וואָלטן דווקא געוואָלט האָבן יידישע ווערטער פֿאַר די דרײַ ענגלישע? הילף האָט זי געקענט קריגן נאָר בנוגע די ערשטע צוויי ווערטער.

„פּיטשער" איז דער וואָס וואַרפֿט די פּילקע, בכן קען מען דאָ נעמען צו הילף דאָס וואָרט פּילקע און פּרוּוון שאַפֿן עפּעס אויף דעם סמך. מען מוז דאָך ניט אומבאַדינגט איבערזעצן אות־באות; עס קען אין גאַנצן באַפֿרידיקן, אויב דאָס נײַע וואָרט וועט ווי ניט איז אָנווײַזן אויף דער פֿונקציע פֿון דעם „פּיטשער", דעם פּילקע־וואַרפֿער. פֿאַרשטייט זיך אַז דאָס נאָר וואָס אָנגע־שריבענע וואָרט איז צו לאַנג; „בעל־פּילקע" פּאַסט זיך דאָ ניט. „פּילקעניק" קען אפֿשר אָנגיין, אָבער אין דעם סופֿיקס ־ניק איז אָפֿט פֿאַראַן אַ בײַטעם פֿון ביטול, און דאָס וואָרט קען גיכער באַטײַטן סתּם אַ מענטש וואָס האַלט אין איין שפּילן פּילקע (עס איז מיגלעך אַז אַ מוטער זאָל מוסרן איר קינד און זאָגן צו אים: „דו האָסט נאָר פּילקעס אין זינען, דו ביסט אַ פּילקעניק און מער גאָרניט"). דעריבער איז פּילקעניק אויך ניט דאָס פּאַסיקע וואָרט. איז לכן כּדאַי צו פּרוּוון אַזאַ מין קינסטלעכע שאַפֿונג ווי פּילקער. פֿאַרשטייט זיך אַז אַזאַ וואָרט איז אין יידיש ניטאָ און אַז קיינער האָט דערווײַל עס ניט גענוצט. עס איז אויך גרינג איינצוזען אַז דערבײַ האָט מען געמוזט טעאָרעטיש אָננעמען אַזאַ ווערב ווי פּילקען (פּילקענען), כּדי צו קענען שאַפֿן דעם נאָמען פֿון דעם טוער פֿון דעם ווערב (ווי ברעכער פֿון ברעכן, שטעכער פֿון שטעכן א"אַ). אָבער דאָך איז מיגלעך, אַז דער וואָס לייענט די דערציילונג און דערוויסט זיך אַגבֿ־אורחא וועגן דער פֿונקציע וואָס דער פּילקער פֿירט דורך, זאָל ווי ניט איז קענען אויפֿנעמען אַזאַ נעאָלאָגיזם, פֿאַרבינדנדיק עס מיט דעם פּשוטן און אַלגעמיין פֿאַרשטענד־לעכן וואָרט — פּילקע.

דאָס צווייטע וואָרט איז גרינגער. שטעקן, שטעקל, פֿלעקל, פֿלאָקן — די אַלע ווערטער טויגן ניט, זיי זײַנען צו אַלגעמיין, זיי קענען ניט אָנווײַזן אויף דער ספּעציעלער פֿונקציע וואָס עס פֿירט דורך דאָס פֿלעקל אין בייזבאָל. עס איז אָבער מיגלעך צו נעמען דאָס וואָרט מקל (מאַקל), אַ העברעיזם וואָס איז צום טייל פֿאַראַן אין יידיש דורך דעם ווערב מקלען (אָנמקלען די ביינער, אויסמקלען), און אָנרופֿן דאָס פֿלעקל בײַ דער בייזבאָלשפּיל מיטן וואָרט מקל.

די ביידע עצות זײַנען ניט קיין אידעאַלע. ווען יידישע חבֿרה־לײַט וואָלטן געשפּילט בייזבאָל און דערבײַ גערעדט יידיש, וואָלטן זיי אָדער אַריבערגעטראָגן די ענגלישע ווערטער, ווי מען האָט עס געטאָן אין אייראָפּע צווישן דער יידיש־

ריידנדיקער יוגנט בנוגע טייל טערמינען פון פוטבאל און אַנדערע שפּילן וואָס זיינען געווען פּאָפּולער, אָדער אין פּראָצעס פון לעבעדיקן ריידן וואָלטן זיך שוין געשאַפן ווערטער, קען זיין — ריכטיקער, זיכער — אַנדערע ווי די אויסגעמוטשעטע ווערטער וואָס ווערן דאָ פאַרגעלייגט. מיר בעטן אויך די לייענערס פון יידישע שפּראַך אַ קלער צו טאָן און צו געפינען בעסערע ווערטער.

אָבער ווען עס איז געקומען צום דריטן וואָרט, האָבן מיר זיך שוין גאָר קיין עצה ניט געקענט געבן. אין „קאָוטש" איז פאַראַן אי אַנפירער, אי טרע־נירער, אי עלטערער חבר, אי עפּעס פון דעם וואָס מען זאָגט מיט די ווערטער: אַ יאָט פון די יאָטן, אַ בראָט פון די ברעטער. בכן, וואָלט זיך דאָ אַוודאי געפּאַסט עפּעס אַן אַנדער וואָרט ווי סתּם איבערנעמען דאָס וואָרט „קאָוטש" — אָבער וואָסער?

אַ פּאָר טעג נאָכן שמועס וועגן אָט די ווערטער, איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פ' גאָלדע גראָסבערג מיט דער בשורה אַז זי נעמט אָן די ווערטער פּילקער און מקל און אַז זי האָט צוגעקלערט אַ ניי וואָרט — „אַרקירער". וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט און פון וואַנען האָט זי עס גענומען? זי האָט גענומען דאָס גריכישע וואָרט ארכאָס וואָס באַטייט פירער און דאָס העברעישע יקירי וואָס הייסט מיין טייערער, צוגעשטעלט די ענדונג ־ער, און פון אָט דער קאָמבינאַציע האָט זיך באַקומען „אַרקירער" („אַר" פון אַרכאָס, „קיר" פון יקירי, דער סופיקס פון טוער ־ער). „דאָס וואָרט קלינגט ווייך און וואַרעם אַזוי ווי דאָס ענגלישע", אַזוי שרייבט די אויסגעפינערין, און זי איז אין גאַנצן צופרידן.

אָבער ווי פריידנקעריש, ווי ברייטהאַרציק מען זאָל זיך ניט באַציען צו נייע ווערטער, קען מען בשום אופן ניט אָננעמען אָט אַזאַ מין וואָרט. פאַר וואָס? מיט וואָס איז דאָס פּילקער כּשר און אַרקירער איז טרייף? קיינער זאָגט ניט פּילקער און קיינער זאָגט ניט אַרקירער. הייסט עס זיי זיינען פון גלייכן יחוס? ניין, ווייל מען קען ניט סתּם אַזוי צונויפשטעלן נייע ווערטער. די נייע ווערטער וואָס קומען אַריין אין אַ לשון קען מען נעמען: א) אָדער גרייטערהייט פון אַן אַנדער שפּראַך און דערביי בלויז אַסימילירן דאָס וואָרט פון שטאַנד־פּונקט פון זיינע קלאַנגען און זיין גראַמאַטישן פאָרעם, ב) אָדער צונויפקאָמבינירן אַ ניי וואָרט אויפן סמך פון די שטאַמען און די וואָרטשאַפנדיקע עלעמענטן וואָס זיינען פאַראַן אין דער שפּראַך. מען דאַרף אין איטלעכן נייעם וואָרט זיין בכוח צו דערקענען אָדער זיין אויסלענדישן יחוס, אָדער זיין יידישן אָפּשטאַם. מען דאַרף זיין בכוח צו דערגיין, ווי אַזוי דאָס וואָרט איז צונויפגעשטעלט, ווי אַזוי עס בינדט זיך דער באַטייט מיט די באַשטאַנדטיילן פון וואָרט. אויב דאָ קען געמאָלט זיין אַן אויסנעם, איז עס בלויז פאַר דעם וואָס קלערט צו אַ נייע זאַך (אַ נייע זאַך, ניט אַ ניי וואָרט!) ווען עמעצער געפינט אויס אַ נייס, קען ער אָט דאָס נייע וואָס האָט בכלל קיין נאָמען ניט, ווייל עס איז גאָר אויף דער וועלט ניט געווען בנמצא, אָדער מען האָט פון דעם ניט געוווּסט, אָנרופן ווי ער וויל (הגם אויך אין די פאַלן איז מען ס'רוב זיך נוהג צו נעמען פאַרטיקע שטאַמען, און ווען דאָס האָט צו טאָן מיט דער וויסנשאַפט, נעמט

מען ס׳רובֿ גריכישע צי לאַטייִנישע ווערטער). נאָר דער וואָס קלערט נ י ט צו קיין נײַע זאַך — דער קען אַוודאי ניט סתּם אַזוי אויסקלערן אין גאַנצן אַ נײַ וואָרט. שפּראַך איז אַ געזעלשאַפֿטלעכער אָפּמאַך, און אין די ראַמען פֿון דעם אָפּמאַך האָט דער יחיד בלויז באַגרענעצטע רעכט. פֿון די גרייטע ציגל קען מען צונויפֿבויען אַזוינס וואָס איז פֿריער ניט געווען, אָבער מען קען ניט מאַכן קיין נײַע ציגל, ווײַל דער זינען פֿון אַ וואָרט איז — עמעצער זאָל עס פֿאַרשטיין, לכל הפּחות — מען זאָל עס קענען פֿאַרשטיין, ווען מען וויל זיך מטריח זײַן צו פֿאַרשטיין.

לאָמיר אַפֿילו אָננעמען אַז אויסקלערן אַזאַ וואָרט ווי פּילקער איז ניט מער ווי אַ „שפּיל״; איז עס פֿאָרט אַזאַ שפּיל, וווּ עס ווערן אָפּגעהיט די כּללים פֿון דער שפּיל, בעת ווען מען טראַכט אויס אַזאַ וואָרט ווי „אַרקירער״ — איז מען אין גאַנצן אַנאַרכיסטיש און ווילדווילדיק און מען זאָגט זיך אָפּ פֿון דעם מיט־שפּילער, ער זאָל אויך פֿאַרשטיין, ער זאָל קענען מיטריידן.

דעם גאַנצן ענין מיט די טשיקאַווע ווערטער האָבן מיר געבראַכט פֿאַר אונ־דזערע פֿרײַנד כּדי זיך צו פֿאַרטראַכטן וועגן נײַע ווערטער, וועגן די באַגרענעצונ־גען וואָס זײַנען פֿאַראַן ביים שאַפֿן זיי און וועגן תּנאָים וואָס מען מוז דערבײַ אָפּהיטן.

## עטלעכע קאַלאָניסטן־ווערטער פֿון בעסאַראַביע, וויִא בראַזיל

פֿון שלמה אַקסלראָד

פֿון מײַנע קינדעריאָרן אין דער קאָלאָניע פֿיליפּסאָן, אין בראַזיל, געדענק איך אַזעלכע יידישע ווערטער וואָס איך האָב זיי ניט געהערט אַנדערש ווו און זיי ניט באַגעגנט אין דער ליטעראַטור. אונדזער משפּחה, אַזוי ווי כּמעט אַלע אַנדערע קאָלאָניסטן פֿון מײַן היים־קאָלאָניע, קומט פֿון בעסאַראַביע. מײַן זיידע אין איינעם מיט זײַנע בנים (מײַן טאַטן און מײַנע פֿעטערס) שטאַמען פֿון שטעטל דאָמבראָווען. איך ברענג דאָ אַ פּאָר בײַשפּילן פֿון אָט די טשיקאַווע ווערטער:

זאַוואַראָ׳וויע — אַ הילצערנע דאַמבע אָפּצושטעלן דאָס געהילץ וואָס מען לאָזט מיטן וואַסער;

טיטשקע — דאָס שטעקל וואָס מען שטעקט אַרײַן אין דער ערד בײַ באָב אָדער בײַ אַרבעס, כּדי די פֿלאַנץ זאָל זיך קענען אַרומוויקלען אַרום דעם;

פֿריפֿאַנעווען (אַרויסגערעדט מיט אַן אַקצענטירטן o) — אַרײַנקלאַפּן אין דער ערד אַ פֿלעקל און צו דעם פֿלעקל צובינדן מיט אַ לאַנגן שטריק דאָס פֿערד אָדער די בהמה, כּדי זיי זאָלן קענען עסן גראָז, זיך אַ ביסל באַוועגן, אָבער דאָך ניט אַנטלויפֿן. איך געדענק ווי איין פֿעטער מײַנער וואָס האָט געהאַט אַ גאַנצע כאָפּטע מיידן פֿלעגט שבת נאָך מיטאָג אַריבערשרײַען צו זײַן ברודער, אַן אַנדער פֿעטער וואָס האָט גראָד געהאַט אַ סך יונגען. „פֿריפֿאַנעווע די בחורים דײַנע, זיי האָבן זיך שוין אַ לאָז געטאָן צו די מיידן״ — און אויף דעם פֿלעגט ער קריגן דעם ענטפֿער: „פֿריפֿאַנעווע דו דײַנע מיידן״.

אויב אַזעלכע ווערטער זײַנען אינטערעסאַנט, וועל איך זען צוצושיקן אַ פּעקל.

אדרבה, שיקט! אַט די ווערטער זײַנען ביז גאָר אינטערעסאַנט. — רעד׳.

# די פּרעפּאָזיציע בײַ

פון י. מ.

די פּרעפּאָזיציע בײַ טרעפט זיך אָפט אין יידישן זאָץ, באַזונדער אָפט אין דער גערעדטער שפּראַך און אין פאָלקלאָר (שפּריכווערטער, פאָלקסלידער). ווען מיר קענען האָבן צוויי פּאַראַלעלע קאָנסטרוקציעס אויף אויסצודריקן דאָס זעל־ביקע, האָט דער אויסדרוק מיט דער פּרעפּאָזיציע בײַ ניט זעלטן דעם כאַראַקטער פון דעם יידישערן, דעם אייגנאַרטיקערן אויסדרוק.

די פּרעפּאָזיציע בײַ קען צוגעבן פאַרשיידענע באַטײַטן, וואָס זיי לאָזן זיך דאָך גרופּירן אין די ווײַטערדיקע פינף קאַטעגאָריעס: אָרטבאַטײַט, צײַט־באַטײַט, תנאַי־באַטײַט, אָביעקט־באַטײַט, פּאָסעסיוו־באַטײַט. אין אַ סך פאַלן איז ניט פּשוט אײַנצושטעלן, צו וואָסער קאַטעגאָריע פון אָט די פינף עס גע־הערט דער בײַ פון אַ קאָנקרעטן זאָץ און עס קענען דאָ געמאָלט זײַן פאַרשיידענע אויסטײַטשונגען.

אָרטבאַטײַט. דאָ קען זײַן אָרט ממש און דער בײַ הייסט: לעבן, ניט ווײַט פון — ד״ה אַ בפירושער ערשטיקער אָרטבאַטײַט, און אויך אַ צווייטיקער אָרטבאַטײַט, ווען בײַ ווײַזט אָן: דאָרטן ווו עס לעבט, וווינט, געפינט זיך דער שייכדיקער פאַרשוין. די ווײַטערדיקע בײַשפּילן וועלן קלאָר מאַכן דעם חילוק צווישן די ביידע גרופּעס.

א) בײַשפּילן פאַר דירעקטן, ערשטיקן אָרטבאַטײַט: מיר שטייען בײַ דער וואַנט; ניו־יאָרק איז בײַם האָדסאָן; די שלאַכט בײַ געטיסבורג; בײַ די שליטנס פאַרבונדן שטייען די פערד (מאַני לייב); גוט איז אונדז איצטער בײַם פּרײַלעכן פײַער אין הויז (מאַני לייב); איצטער וועסטו לאַנגע שעהן וואַרטן בײַ מײַן טיר (סעגאַלאָוויטש); אַז מען שטייט בײַם טאַמבאַנק, האָט מען אַ פּאָר גראָשן; ער שטייט בײַם טײַך און בעט א טרונק וואַסער; אַ חתונה, אַ חתונה איז הײַנט בײַ אונדזער הויז (לייב ניידוס).

ב) בײַשפּילן פאַרן אומדירעקטן, צווייטיקן אָרטבאַטײַט: זי איז געווען בײַ אַ שכנטע; בײַם זיידן צו גאַסט; קיין בעסערער אָרט אויף צו באַהאַלטן זיך ווי בײַ דער מאַמען איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט (שלום־עליכם); זי דינט בײַ אַ גביר; טאָמער וועל איך דאַרפן זײַן אַ מיידל בײַ אַ פּוילישן חסיד (לינעצקי); קיין האָניק האָב איך בײַ דעם שנײַדער ניט געלעקט (מענדעלע); בײַ אונדז פאַראַן אַ קעצעלע (קוויטקאָ); אַז איך וועל שוין זײַן בײַ געלט וועל איך אָננעמען פולע הויפּנס; בײַ מײַן רבין איז געווען אַ גנבה.

צ יי ט ב א ט יי ט. דא איז דער באטייט קלאר און איינליניק: בעת, אין דער צייט פון, למשל: זאלסט ניט לייענען ביים עסן; עס האלט שוין ביים פאטשן זיך (מענדעלע); ביי די מצות זיין א רעדלער.... ביי א שׂרפה טרייבן מע זאל ראטעווען (אזוי באשרייבט לינעצקי די פרנסות פון א יידן); דאס שענסטע לידגעזאנג, די שענסטע מעלאדיען — ניט זינג ביים בליען, נאר זינג ביים אונטערגאנג; ביי א משפט מוז מען אויסהערן ביידע צדדים; ביי דעם גלעזל געפינט מען א סך גוטע פריינד.

ת נ א י ־ ב א ט יי ט. די פרעפאזיציע ביי ווייזט אן אויפן באדינג, אויף די אומשטאנדן, ווען עס קען עפעס געמאלט זיין, למשל: ביי א בריה א ווייב האט דער מאן א שיינע בארד — ד"ה אויב די ווייב איז א בריה, איז דער מאן ריין און ציכטיק אנגעטאן און אפילו זיין בארד זעט אויס שיין. נאך ביישפילן פון דעם מין: ביי אזא באלייכטונג וועל איך ניט קענען ארבעטן; ביי א גוטער בעל־הביתטע איז פול די פאס; ביי אזא מין עסן קען מען קוים דעם הונגער פארגעסן.

מיר מיינען דעריבער, אז עס איז אויך נייטיק צו זאגן: ביי אזעלכע אומ־שטאנדן האט ער געמוזט פארלירן, און ניט „אונטער אזעלכע אומשטאנדן...", ווארעם דא האבן מיר צו טאן מיט א תנאי־ אדער מיט א צייט־אומשטאנד.

א ב י ע ק ט ־ ב א ט יי ט. אין דעם פאל קען די פרעפאזיציע ביי פאר־בייטן און האבן דעם באטייט פון די פרעפאזיציעס: פאר, פון, בנוגע, לגבי, און פון די אויסדרוקן: וואס שייך צו, פון שטאנדפונקט פון, אין די אויגן פון. די וויטערדיקע ביישפילן אילוסטרירן עס:

ביי אים איז אלץ רעכט; ביי א פוילן וואקסט דער וועג אונטער די פיס; ביי א פערד קוקט מען אין די ציין, ביי א מענטשן — אויפן שׂכל; ביי אן ארעמאן זאל מען קיין געלט ניט לייען; ביי א נאר זיינען די הענט און די צונג איבעריק; ביי גאט איז אלץ מיגלעך; דער מענטש איז ביי זיך אליין פארנארט; ווען איז ביי א הונט יום־טוב? ווען מען צעברעכט אים א פוס.

דאס לידל וואס איז געווען אין אמעריקע זייער פאפולער וועט דא אונדז ארויסהעלפן צו ווייזן, ווי אזוי מען ניצט אין אונדזער פאל דעם ביי: „ביי מיר ביסטו שיין, ביי מיר האסטו חן, ביי מיר ביסטו טייערער ווי גאלד".

פ א ס ע ס י ו ו ־ ב א ט יי ט. די קאנסטרוקציע מיט דער פרעפאזיציע ביי קען פארבייטן דעם פאסעסיוו פון א זאכווארט אדער דעם פאסעסיוון פראנאם. די ווערטער־פארבינדונג מיט ביי איז דא א פארווארצלטער פאלקסטימלעכער נוסח. פריער וועלן מיר געבן ביישפילן ווו ביי פארבייט דעם פאסעסיוו, נאך דעם ביישפילן ווו ביי מיט דעם פערזענלעכן פראנאם פארבייט דעם שייכדיקן פאסעסיוון פראנאם.

א) ביי מנשה דעם רופא אין גארטן (שלום־עליכם, אנשטאט — אין מנשה דעם רופאס גארטן); ביי דער מאמען הינטערן פארטעך (אנשטאט הינטער

דער מאַמעס פּאַרטעך)‏; ערנצט ווערט דאָס פּנים בײַם אַלטן פישער (פּרץ, אַנשטאָט — ...דעם אַלטן פישערס פּנים)‏; בײַ גרונמען אין מיל האָט זיך אַ ברעט צעבראָכן (ריוועסמאַן, אַנשטאָט — אין גרונמס מיל...)‏; איך האָב אָנגע־הויבן צו ווערן בײַ גאָלדען אין שטוב אָן אָפּטער גאַסט (מענדעלע, אַנשטאָט — ...אין גאָלדעס שטוב)‏; טאַפּנדיק דעם חולה בײַ די פיס (מענדעלע, אַנשטאָט — דעם חולהס פיס)‏; שוין דער פּאַסטעך ביי די פי,[1] זון בײַ בערגלעך אויף די קני (קוויטקאָ, אַנשטאָט — זון אויף די קני פון די בערגלעך[2])‏; ווי ביים טאַטן אין ווײַנגאָרטן (אַנשטאָט — ווי אין טאַטנס ווײַנגאָרטן).

ב) בײַ מיר איבערן קאָפּ — אַנשטאָט: איבער מײַן קאָפּ; עס פלאַמט בײַ[3] איר דאָס פּנים — אַנשטאָט: עס פלאַמט איר פּנים.

אין אַ סך פאַלן איז ביז גאָר שווער צו באַשטימען, צי מיר האָבן פאַר זיך אַ צײַטבאַטײַט אָדער אַ תּנאַי־באַטײַט; עס גרענעצן זיך די פאַלן פון דעם אומדירעקטן אָרטבאַטײַט מיטן אָביעקט־באַטײַט, וואָרעם אָפט גייט דאָ בלויז אין זייער אַ דינעם ניואַנס.

לסוף עטלעכע ציטאַטן פון שלום־עליכמס „דרײַ קעפּלעך", וווּ מיר טרעפן גראָד אַ סך מאָל די פּרעפּאָזיציע בײַ: „די אייגעלעך קוקן אויף אײַך און פרעגן ביי דער וועלט אַ קשיא... דער טאַטע און די מאַמע זײַנען שטענדיק אין דער אַרבעט: די מאַמע ביים אויוון, דער טאַטע בײַ די שאַכטלען... אַז ביים טאַטן קלייבן זיך אָן אַ סך שאַכטלען, נעמט ער זיי אויפן קאָפּ און איןביידע הענט און גייט אַרויס אין מאַרק... אַ גוטער, אוי אַ גוטער טאַטע בײַ זיי, אַ גאָלד... בײַ משהלען און בײַ דבורהלען ברענען די אייגעלעך... די מאַמע איז נישט צופרידן און שענקט די קינדער דעם אַ זעץ, דעם אַ דריי ביים אויער. אַ מאָדנע מאַמע בײַ זיי!"

## עס טויג ניט אזוי

די דאָזיקע אָפּטיילונג איז אויסן צו פאַרצייכענען אויסדרוקן און זאַצן וואָס טויגן נישט איבער גראַמאַטישע אָדער סטיליסטישע טעמים. מיר נעמען אַרויס דעם מאַטעריאַל פון דער פּרעסע, פון נייע ביכער, פון אויפרופן און צירקולאַרן.

מיר בעטן אונדזערע לייענערס אַריינשיקן אונדז מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיקער אָפּטיילונג — רעדאַקציע.

**ס'איז דעריבער ניט נאָר אײער חוב, נאָר אײַער פליכט זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן.**

אזוי לאָזט אַ ייִדישע אָרגאַניזאַציע וויסן אירע מיטגלידער. פון וואַנען עס וואַקסט ביים שרייבער פון דער מעלדונג די פאַרשטעלונג, אַז „פליכט" איז שטאַרקער

[1] די ייִדישע פאָרעם פון דעם וואָרט איז אייגנטלעך פיך.

[2] עס לאָזט זיך דאָך שווער זאָגן „אויף די בערגלעכס קני", דעריבער גיבן מיר דעם פּאַראַפראַסטישן פּאָסעסיוו — מיט פון און דאַטיוו: אויף די קני פון די בערגלעך. אָבער עס איז פאַרשטייט זיך נאָך גלייכער די קאָנסטרוקציע מיט בײַ.

[3] דאָ איז מיגלעך אויסצוקומען אָן דער פּרעפּאָזיציע, אָבער דערבײַ באַקומט זיך אַ ביסל אַן אַנדער ניואַנס.

ווי חוב, איז ניט קלאָר; סיידן דערפֿון וואָס דאָס דייטשע וואָרט, דאָס מער אינטעליגענטישע, דאָס ווינציקער היימישע קומט אויס שטאַרקער.

**די לאַגע האָט אויסגעקוקט צו זיין ערנצט.**

דער אויסדרוק איז בפֿירוש ניט קיין יידישער, אויף יידיש איז עס אַ סך פּשוטער: די לאַגע האָט אויסגעזען זייער ערנצט.

**די קאָרעספּאָנדענטן זיינען געווען די ערשטע אויפֿצודעקן דעם שוידערלעכן נאַצי־טעראָר אין...**

דאָס איז אַן ענגלישע, אָבער ניט קיין יידישע קאָנסטרוקציע. אויף יידיש דאַרף עס זיין: ...זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן אויפֿגעדעקט. נאָך די ווערטער ערשטע, לעצטע דאַרף קומען אַ בייזאַץ וואָס הייבט זיך אָן מיט וואָס.

**אויב לערער וועלן געפֿינען פּאַר פּאַסיק צו באַנוצן דאָס לייענביכל אַליין, איז דאָס זייער רשות.**

אַזוי שרייבט אַ צונויפֿשטעלער פֿון אַ לייענביכל אין דער הקדמה. דאָס באַנוצן אַ לייענביכל איז ניט זייערס אַ רשות, עס קען בלויז זיין אין זייער רשות. מיר האַלטן אויך אַז אַנשטאָט „געפֿינען פֿאַר פּאַסיק" איז בעסער — געפֿינען אַז ס'איז פּאַסיק, און אַנשטאָט געפֿינען איז גלייכער — איינגעפֿינען. מיר פֿאַרטיידיקן אויך די ענדונג פֿון מערצאָל ־ס פֿאַרן וואָרט לערער. בכן: אויב לערערס וועלן איינגעפֿינען אַז ס'איז פּאַסיק צו באַנוצן דאָס לייענביכל אַליין, איז דאָס אין זייער רשות. און נאָך דעם אַלעם איז כּדאַי דאָ ניט צו ניצן „אין זייער רשות" נאָר גאָר פּשוט — זאָלן זיי עס טאָן, אָדער מעגן זיי (עס טאָן), אָדער איז מעגן זיי.

# מע שרייבט אונדז

35. י. מ. לערנער, פֿון ניו־יאָרק:

אין פֿאָרווערטס פֿון 22סטן יוני ד"י האָט מ. ווינאָגראַד אין אַ לענגערן אַרטיקל „די יידישע שפּראַך איז אויך אַ קרבן פֿון דעם איצטיקן קריג" אויפֿגעהויבן ממש אַ ויצעקו קעגן אַזעלכע גוטע, גלאַטע און געראָטענע יידישע ווערטער ווי: לופֿט־כּוחות, ים־כּוחות, באָדן־כּוחות. ער האַלט אַז מען דאַרף זיין רחמנא לצלן משוגע כּדי צו ניצן אין יידיש אַזעלכע אויסדרוקן. דערלויבט זשע מיר אין אייער זשורנאַל וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די פּראָבלעמען פֿון יידיש זיך איינצושטעלן פֿאַר אָט די פּשוטע און געראָטענע אויסדרוקן. יעדער ייד וואָס פֿאַרשטייט דעם באַטייט פֿון לופֿט און כּוחות קען זייער גרינג אויך פֿאַרשטיין דעם טייטש פֿון וואָרט לופֿט־כּוחות, בפֿרט נאָך אַז עס רעדט זיך וועגן מלחמה און וועגן מלחמה־אָפּעראַציעס (אַוודאי וועט דאָס לעצטע וואָרט אויך ניט נושא חן זיין אין די אויגן פֿון דעם דערמאָנטן היטער פֿון אַ ריינעם יידיש).

36. דווקא אַן אַפּיקורס, פֿון ברוקלין:

„ניט קיין אַפּיקורס" פֿון ברוקלין האָט צו אייך זיך געווענדט מיט דער שאלה: יום־טובֿים אָדער ימים־טובֿים? יום־נוראָים אָדער ימים־נוראָים? און איר האָט געפּסקנט (זען יידישע שפּראַך, ב' IV, נומ' 1, ז' 31) דווקא יום־טובֿים. ביי

יום־נוראָים, ימים־נוראָים זײַט איר שוין ניט געווען אַזוי זיכער, אָבער דאָך זאָגט איר אַז די אַנאַלאָגיע איז מחייב אַזוי. אין מײַנע אויגן איז עס נישט קיין פּסק, נאָר אַ פּסקעץ. אַ פּנים אַז די שליטה פֿון עם־האַרצות, וואָס ליגט אַזוי טיף אין די ביינער בײַ ייִדן אין אונדזער לאַנד, דערגייט אַזש צו די וואָס פּסקענען שאלות. עס איז דאָך ניט די פֿראַגע, ווי אַזוי מען הערט אָט די ווערטער, ניט אַזוי ווי מען רעדט זיי אַרויס (מען קען הערן „יאָנטייווים" און „יאָמים־טויווים" אָדער „יאָמנויראָים"), נאָר ווי אַזוי מען דאַרף עס שרײַבן. דאַרף מען שרײַבן ווי מען דאַרף: ימים־טובֿים און ימים־נוראָים. אײַ מען הערט אַ ביסל אַנדערש? וועט איר אויך רעקאָמענדירן צו שרײַבן „ליאַנעווע" אָדער „לעהאַנעווע", וואָרעם דער המון רעדט אַזוי אַרויס דאָס וואָרט, ווען מען וויל זאָגן אליהו הנבֿיא? אָדער וואָס וועט איר טאָן מיט ממה־נפֿשך? מען הערט אויף אַלע אופֿנים: „מאַנעשאַך", „מאָנעשלעך" און ווי נישט!

פֿון דער רעדאַקציע: דאָ איז ניטאָ קיין אַנאַלאָגיע מיט די פֿאַרשיידענע אופֿנים אַרויסריידן אליהו הנבֿיא און ממה־נפֿשך. דא האָבן מיר צו טאָן בלויז מיט דער מערצאָל, און כּידוע זײַנען פֿאַראַן אַ סך פֿאַלן, ווען די מערצאָל פֿון אַ וואָרט אין ייִדיש וואָס שטאַמט פֿון העברעיִש פֿאַלט ניט צונויף מיט דער פֿאָרעם ווי עס איז דער רבים אין העברעיִש. וועגן דעם זען דעם אַרטיקל „וועגן מערצאָלן פֿון ווערטער וואָס שטאַמען פֿון העברעיִש", ייִדישע שפּראַך, באַנד II, נומ' 3, זז' 76—82. דאָ גייט ניט אין עם־האַרצות, נאָר אין אויסגעפֿינען די ריכטיקע ייִדישע פֿאָרעם, די ייִדישע, וואָס זי מוז ניט שטענדיק צונויפֿפֿאַלן מיט דער העברעיִשער. — רעדאַקציע.

37. מיכל שאַטאַן, פֿון מאָנטרעאָל:

אין ייִדישע שפּראַך, ב' IV, זז' 24—25 און 96, האָב איך באַגעגנט פֿאַרשיידענע חקירות וועגן אָפּשטאַם פֿון שפּריכוואָרט: אַ בעדער האָט שיינע טעכטער. עס ליגט זיך אויפֿן שכל אַז די דערקלערונג פֿאַר אָט דעם שפּריכוואָרט איז ביז גאָר אַ פּשוטע. אין די אַמאָליקע אָרעמע הײַזער איז דאָס וואַשן זיך ניט געווען קיין גרינגע זאַך און פֿאַרן באָדן זיך האָט מען אַוודאי געדאַרפֿט באַצאָלן. דעם בעדערס טעכטער האָבן אָבער זיך געקענט באָדן וויפֿל זיי ווילן, זיי האָט קיין וואַסער ניט געפֿעלט, זײַנען זיי געווען ריינער — און אויך שענער — ווי די טעכטער פֿון די אַנדערע אָרעמע טאַטעס. מען דאַרף דאָ ניט זוכן ניט קיין גראַמאַטיק און ניט קיין טיפֿע פּסיכאָלאָגיע, נאָר זיך דערמאָנען ווי אַזוי אונדזערע זיידעס האָבן געלעבט.

מײַן מאַמע האָט אַגבֿ אַלע מאָל געזאָגט: ניט קיין וווּנדער — בײַ אַ מלך שיינע טעכטער (מײַן מאַמע איז פֿון קוטנע, פּוילן).

38. ל. זאַמעט, שיקאַגאָ.

איך וויל אויפֿמערקזאַם מאַכן, ווי אַזוי דאָס אות־באַות־איבערזעצן אַ וואָרט פֿון אַ פֿרעמדן לשון קען פֿירן צו אַ קוריאָז. אין אַ דערציילונג פֿון אַ ייִדישן שרײַבער האָב איך געטראָפֿן דאָס וואָרט „חזירל" — און ס'איז שווער געווען צו כאַפּן זיך וואָס דער שרײַבער מיינט. ער האָט געוואָלט זאָגן מומס, די באַוווּסטע קראַנקייט וואָס ס'רובֿ לײַדן פֿון איר קינדער, אָבער אָט די קראַנקייט רופֿט מען אויף רוסיש „סווינקאַ", האָט ער פֿאַרטײַטשט — „חזירל".

# שאלות און תשובֿות

162. איך האָב געהערט פֿון ייִדן וואָס שטאַמען פֿון ליטע אַז זיי זאָגן אויף ליפּ — „לופּ" און אויף ליפּן — „לופּן". איך האָב אויך געהערט די זעלביקע „לופּ" און „לופּן" פֿון ייִדן וואָס שטאַמען פֿון דרומדיקע געגנטן און ווילן ריידן אַ ליטוויש ייִדיש. איז די פֿאַרעם מיטן ו אַ באַרעכטיקטע אין ייִדיש?

בדרך־כּלל נישט. ווען אַ ייִד פֿון פּוילן אָדער אוקראַינע וויל ריידן ווי דער ליטווישער ייִד, איז נאַטירלעך אַז ער זאָל מאַכן אַ טעות: ער איז דאָך געוווינט דערצו אַז דאָרטן וווּ ער רעדט אַרויס י — איז ביים ליטווישן ייִד ו, און ווי באַלד ער זאָגט ליפּ, מיינט ער אַז דאָס „ריכטיקע" איז „לופּ". עס דוכט זיך אַז לופּ און לופּן איז פֿאַראַן אין געוויסע לאָקאַלע ריידענישן. דאָ האָט געקענט מיטווירקן דאָס ליטווישע וואָרט lupa.

אין ווילנע, און אפשר אויך אין אַנדערע ערטער, מיינט די לופּ 'אַ גראָבע, גרויסע, פֿליישיקע ליפּ'. אין דעם זינען קען דאָס וואָרט גילטן אין דער כּלל־שפּראַך אויך.

163. די זעלביקע משפּחה ליטווישע ייִדן וואָס שטאַמען פֿון אַ קליינעם שטעטעלע נית ווייט פֿון קאָוונע און וואָס זאָגן לופּ און לופּן, האָבן אויך אַ וואָרט אורוועס מיטן באַטייט: אַ מיסטקאַסטן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין וואָרט?

דאָס וואָרט נעמט זיך פֿון ליטווישן urvas און באַטייט: גרוב, הייל, נאָרע. מיסט האָט מען געוואָרפֿן אין אַ גרוב אין געהעפֿט (אין הויף). דאָס וואָרט ווערט כּמעט ניט גענוצט אין ייִדיש פֿון דער ליטע. אַ פּנים אַז די משפּחה וועגן וועלכער איר רעדט שטאַמט פֿון ייִשובֿניקעס.

(די פֿראַגעס 162—163 האָט צוגעשיקט ב. ג. חפֿץ, טאָראָנטאָ).

164. „אליין האָט מען ניט געקענט באַהייבן" — אַזוי שרײַבט ה. אַבראַמאָוויטש אין די ייִוואָ־בלעטער, נאָוו׳־דעצ׳, 1943. איז דאָס וואָרט באַהייבן אַ גוט וואָרט אויסצודריקן דעם באַגריף: באַווייזן (וואָס מען זאָגט עס מיטן משונהדיקן „אָפּפֿאָרדערן", „דערפֿאָרדערן" צי „דערפֿאַדערן" אין אונדזער אַמעריקאַנער ייִדיש)?

דאָס וואָרט באַהייבן איז זייער אַ פֿיין, גוט, ניצלעך און פֿאַרשפּרייט וואָרט אין דעם ליטווישן ייִדיש. אַזאַ וואָרט וואָלט מען געמעגט אָפּטערס טרעפֿן אין דער ליטעראַטור־שפּראַך.

165. איך האָב עטלעכע מאָל באַמערקט אין די צושריפֿטן צום אַרבעטער־רינג־ברענטש דאָס וואָרט „מיטגלידערין", ווען מען וויל אָנווײַזן אויף אַ מיטגליד אַ פֿרוי. בײַ מיר פֿאַרטשעפּעט זיך די צונג בײַ אַזאַ מאָדנער פֿאַרעם. קען עס זײַן ריכטיק? און ווי דאַרף מען זאָגן וועגן אַ מיטגליד אַ פֿרוי?

זען וועגן דעם וואָרט „מיטגלידערין" ה. איצקאָוויצעס אַרטיקל „אַ זיצונג אויף אַ ריינעם ייִדיש", אין ייִדישע שפּראַך, ב' IV, מיי־דעצעמבער, 1944, ז' 116.

166. איך האָב געלייענט אין אַן עדיטאָריעלן אַרטיקל פֿון מאָרגן־זשורנאַל (פֿון 1טן אָקטאָבער 1944): „און טאָגן ניט דאָרט וווּ מיר נאַכטן און נאַכטן ניט דאָרט וווּ מיר טאָגן". צי איז נאַכטן אַ גוט וואָרט? מיר וואָלטן זיך דאָך געריכט דאָ צו טרעפֿן דאָס וואָרט נעכטיקן.

אַוודאי איז נעכטיקן אַן אַלט ייִדיש וואָרט. נאַכטן איז אַ נעאָלאָגיזם וואָס מען קען אים געוויינטלעך ניט ניצן אַנשטאָט נעכטיקן. אָבער גראָד דאָ פּאַסט ער זיך ביז גאָר אַריין אין דעם זאַץ. אויב דער שרײַבער וואָלט גענוצט דאָס געוויינטלעכע וואָרט נעכטיקן, וואָלט ער צעשטערט די ריטמיק פֿון זײַן שיינעם זאַץ. דער וואָס האָט דעם זאַץ

אָנגעשריבן האָט אַ פֿײַנעם חוש פֿאַר דעם ריטעם פֿון זאַץ. לאָמיר אויך צו־געבן אַז הגם מיר האָבן זיך צוגעוווינט צום וואָרט טאָגן, איז עס אויך אַ נעאָ־לאָגיזם, בלויז אַן עלטערער. קען זײַן אַז דער ערשטער האָט אים געניצט מאָריס ראָזנפֿעלד אין זײַן באַרימטן גלות־מאַרש: „ווּ גענעכטיקט, נישט געטאָגט". לכתחילה הייסט טאָגן — דאָס אָנקומען פֿון טאָג און ניט דאָס פֿאַר־ברענגען דעם טאָג, ניט דאָס דורכלעבן דעם טאָג.

(די פֿראַגעס 164—166 האָט צוגעשיקט ש. הורוויץ, ברוקלין).

**167.** צי דאַרף מען שרײַבן: „צוקווינטן" אָדער צוגווינטן, מיט א ג אָדער מיט א ק?

מען דאַרף שרײַבן צוגווינטן, מיט אַ גימל, ווײַל ערשטנס איז דערצו מחייב דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ, וואָרעם עס בינדט זיך מיט ציִען — געצויגן, און צווייטנס אויך מחמת דעם וואָס פֿאַר דעם הילכיקן וו רעדט מען במילא אַרויס דעם ג.

**168.** אין א קליינער מסיבה האָבן מיר זיך געאַמפּערט וועגן באַטײַט פֿון וואָרט אָפּגע־לעבט. איין מיינונג איז געווען, אז דער ריכטי־קער באַטײַט איז: אויפֿהערן לעבן. ווי א ראיה האָט מען געבראַכט אַזעלכע זאַצן: ער האָט אָפּגעלעבט זיינע יאָרן; ער איז שוין אַן אָפּ־געלעבטער (ד"ה אַן אַלטער, א פּאַרוויאַנעטער). די צווייטע מיינונג איז געווען אַז דער ריכ־טיקער באַטײַט איז: אָנהייבן לעבן, לעבן פֿון דאס ניי, און ווי א ראיה האָט מען געבראַכט אַזעלכע זאַצן: ער האָט אָפּגעלעבט, ווי נאָר ער האָט דערהערט די פֿריילעכע בשורה; נאָכן רעגן האָבן די בלומען אָפּגעלעבט. האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו ייִדישע שפּראַך נאָך א באַשייד.

דער געוויינטלעכער באַטײַט פֿון ווערבאַלן צוגאָב אָפּ איז: פֿ אַ ר ע נ ־ ד י ק ן די טוּונג, דערפֿירן די טוּונג ביזן סוף, למשל — אָפּעסן, אָפּטראָגן, אָפּרייניקן און אַנדערע. אָבער אַ פּרע־פֿיקס און אַ ווערבאַלער צוגאָב קען האָבן מ ע ר ו ו י א י י ן באַטײַט. עס טרעפֿט זיך אַפֿילו אַז דער זעלביקער פּרעפֿיקס אָדער צוגאָב זאָל האָבן צוויי אַקעגנדיקע באַטײַטן, אי פֿון אָנהייבן אי פֿון פֿאַרענדיקן (וואָס בײדע זײַנען זיי אַזוי צו זאָגן פּרטים פֿון איין כּולל־דיקן גרענעץ־באַטײַט). דאָס אייגענע איז מיט אָפּ, וואָס קען אויך באַטײַטן (הגם אַ סך זעלטענער ווי דער הויפּטבאַטײַט): אָנהייבן די טוּונג פֿון דאָס נײַ. דעריבער מיינען מיר אַז ביידע צדדים זײַנען גע־ווען גערעכט און ביידע זײַנען געווען אומגערעכט, ווײַל קיין איין באַטײַט איז ניט אויסשעפּיק.

אַגבֿ איז בײַם צווייטן באַטײַט כּדאַי אײַנצוזען דעם חילוק צווישן אויפֿגע־לעבט און אָפּגעלעבט. אויפֿגעלעבט באַ־טײַט: עס האָט פֿריִער אויך געלעבט, אָבער עס האָט אָנגעהויבן לעבן בולטער, פֿריילעכער, לעבעדיקער; אָפּגעלעבט באַטײַט: עס האָט ניט געלעבט און עס האָט פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבן צו לעבן (פֿאַרשטייט זיך אַז מען מוז עס פֿאַר־שטיין פֿיגוראַטיוו). דעריבער איז מעג־לעך אין די ביידע זאַצן צו האָבן דעם ווערב אויפֿגעלעבט, אָבער דער באַ־טײַט וועט זײַן אַ ביסל אַן אַנדערער.

(די פֿראַגעס 167—168 האָט צוגעשיקט מ. ל—ן, לאָס־אַנדזשעלעס).

רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע: מ. ווײַנרײַך, יודאַ אַ. יאָפֿע, יודל מאַרק, ש. ניגער.
רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# „ידיעות פֿון ייִוואָ"

נומ' 1, סעפּטעמבער, 1943

נומ' 2, פֿעברואַר, 1944

נומ' 3, יולי, 1944

נומ' 4, סעפּטעמבער, 1944

נומ' 5, נאָוועמבער, 1944

נומ' 6, דעצעמבער, 1944

נומ' 7, פֿעברואַר, 1945

נומ' 8, אַפּריל, 1945

פֿון 1945 גייען די ידיעות פֿון ייִוואָ אַרויס 6 מאָל אַ יאָר

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



### TABLE OF CONTENTS



A Bi-Monthly
Devoted to the
**PROBLEMS OF STANDARD YIDDISH**
Published by the
Section of Linguistics,
Yiddish Scientific
Institute

**January-February, 1945**

Printed in U. S. A.

**Vol. V, No. 1**

# יידישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
יידישער כּלל־שפּראַך

ארויסגעגעבן
איין מאָל אין צוויי חדשים
פֿון דער פילאָלאָגישער סעקציע
פֿון יידישן וויסנשאַפטלעכן
אינסטיטוט



אינהאַלט:






באַנד V, נומ׳ 2

מאַרץ־אַפּריל, 1945

# „ייִוואָ־בלעטער“

באַנד XXV, 3 (מיי־יוני, 1945)

## אינהאַלט:



## רעפֿעראַטן און רעצענזיעס:



## דיסקוסיע:



## מאַטעריאַלן און נאָטיצן:

# וועגן ד"ר ח. זשיטלאָווסקיס סינטאַקס און סטיל

פון יודל מארק

אין פריערדיקן נומער (ב' V, נומ' 1) האָבן מיר גערעדט וועגן די אַלגעמיינע אייגנ־שאַפטן פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס שפּראַך און דער עיקר זיך אָפּגעשטעלט אויף זיין ווערטער־אוצר. איצט וועלן מיר האָבן צו טאָן מיט זיין סינטאַקס און סטיל. מיר דערמאָנען אַז מיר אַנאַליזירן דאָס לשון נאָר פון איין באַנד, פון צוועלפטן (פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ, וואַרשע, 1931) — איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט. די אַלע זײַטן וואָס ווערן דאָ ווייטער אָנגעגעבן זיינען פון אָט דעם באַנד.

## גוט קאָנסטרויִרטע זאַצן

קען זיין אַז עס איז פאַראַן אַן אינעווייניקסטע שייכות צווישן דער גרויסער מעלה פון ח. זשיטלאָווסקיס אַרבעטן — זייער שיינער אַרכיטעקטאָנישער סטרוק־טור — און זיין פעיִקייט אויפצובויען גערעכטע לאַנגע זאַצן. צווישן אַלע זיינע כשרונות איז געווען דער בולטסטער — דער כשרון פון אַ גוטן אַרכיטעקט. פון דעם נעמט זיך דער עיקר דער עסטעטישער פאַרגעניגן בײַם לייענען זשיטלאָווס־קיס אַן אַרבעט. אָבער אַפילו אויב מען זאָל דאָס ניט וועלן צוגעבן, וועט מען מסכים זיין מיט מיר אַז די קונסט פון דעם לאַנגן זאַץ איז ביי אונדז אַ זעלטענע מעלה. אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור האָט מענדעלע מוכר־ספרים דערהויבן די קונסט פון אויפבויען אַ שיינעם און פולקום קאָרעקטן לאַנגן זאַץ צו אַזאַ מדרגה, וואָס ניט אַלע זיינע תלמידים האָבן געקענט זיך האַלטן אויף איר. אין דער פּראָזעשפּראַך האָבן מיר אפשר ניט קיין איינציקן גרויסן מייסטער פון לאַנגן זאַץ. און אויב עס איז עמעצער פאַראַן וואָס קען פּרעטענדירן אויף דעם אָרט פון אַ מייסטער אין אויפבויען דעם לאַנגן זאַץ, איז עס ד"ר זשיטלאָווסקי. מיר גיבן דאָ עטלעכע ביישפּילן:

1. אָבער ווען איינשטיין זאָגט, אַז די מאַטעריעלע וועלט איז ניט קיין אין־סוף, אַז זי האָט אַן ענד פון אַלע זײַטן און פון דעסט וועגן איז זי אומבאַגרענעצט; אַז ווען אַ וועלכער עס איז פּינטל זאָל זיך לאָזן פליִען פון דער ערד אין דעם אומבאַגרענעצטן הימל אַרײַן און כסדר פליִען אין איין און דער זעלביקער גלײַכער ליניע דורך אַלע שטערן און אַלע פּלאַנעטן, וואָס באַגעגענען זיך אים אויפן וועג, וועט ער סוף־כל־סוף קומען צוריק, פון דער אַנדערער זײַט, צו דעם זעלביקן פּונקט פון וואַנען ער איז אַרויסגעפלויגן, — קאָן זיך דאָס דער מענטשלעכער **פאַרשטאַנד** נישט משער זײַן (ז' 9).

2. פּונקט אַזוי ווי אַלע אייגנשאַפטן פון ניוטאָנישן רוים קומען לאָ־גיש אַרויס דערפון וואָס עס ווערט אָנגענומען, אַז ער איז אַבסאָלוט ליידיק און פּאַסיוו, ד"ה אַז אַלע זאַכן זיינען אין אים ווי אין אַ ליידיקער

כּלי און אַז ער אַליין האָט ניט קיין פּיזיקאַלישע אייגנשאַפֿטן און קאָן דעריבער נישט ווירקן אויף די זאַכן וואָס זײַנען אין אים, — אַזוי קומען לאָגיש אַרויס אַ סך אייגנשאַפֿטן פֿון איינשטיינישן רוים שוין פֿון דעם אַליין, וואָס עס ווערט אָפּגעלייקנט זײַן לײדיקייט און זײַן פּאַסיוויטעט: דער רוים איז תּמיד אָנגעפֿילט, האָט נאָך אַנדערע אייגנשאַפֿטן אחוץ דער ריינער אויסגעשפּרייטקייט, און איז ניט פּאַסיוו, נאָר אַקטיוו, ד"ה זײַנע פּיזיקאַלישע אייגנשאַפֿטן ווירקן, פֿלעכטן זיך אַרײַן אין דעם פּראָצעס פֿון דעם וועלט־געשעען און שפּילן אין זיי אַ מיטבאַשטימענדיקע ראָלע (ז' 34).

3. ווען מיר באַטראַכטן די ווירקונגען פֿון דער שווערקראַפֿט אין דעם גאַנצן זונען־סיסטעם — פֿון די פּלאַנעטן און קאָמעטן איינע אויף די אַנדערע — און מיר קאָמבינירן די ווירקונגען פֿון דער דאָזיקער שווער־קראַפֿט מיט די ווירקונגען פֿון די אינערציאַלע טראָגקרעפֿטן, וואָס אין זיי, — געפֿינען מיר אויס אין וואָס פֿאַר אַ באַשטימטן עליפּס, מיט וואָס פֿאַר אַ באַשטימטער געשווינדקייט און אין וואָס פֿאַר אַ משך צײַט יעדערער פֿון יענע קערפּערס מוז מאַכן זײַן אַרומדריי אַרום דער זון (ז' 225).

4. אויך דאָ, ווי אין אַלע טיילן פֿון איינשטיינס לערע, ליגט אויפֿן גרונט אַ וועלכע עס איז אינעווייניקסטע סתּירה אין די אַלטע געדאַנקען, אָדער אַ האַרבע שאלה, אויף וועלכער די פֿריִערדיקע נאַטור־וויסנשאַפֿט האָט נישט געקאָנט געבן קיין תּירוץ מספּיק; און אויך דאָ שפּילט די הויפּטראָלע דער מאַטעמאַטישער באַווײַז, געפּאָרט מיט דער **אַבסאָלו־טער** פֿרײַהייט פֿון דענקען: מיט דעם קוראַזש זײַנען נישט נתפּעל צו ווערן, ווען דער חשבון פֿירט צו משונהדיקע רעזולטאַטן, וואָס ווילן זיך נישט לייגן אויפֿן געוויינלעכן מענטשלעכן שכל (ז' 232).

**מען וואָלט געקענט אַזעלכע מיני זאַצן אויסשרײַבן אין די צענדליגער, ווײַל אָט די פֿיר וואָס מיר ברענגען דאָ לדוגמא זײַנען געקומען פֿון מישן אַ ביסל אין אָנהייב באַנד און פֿון סוף.**

**לאָמיר אַ ביסל באַטראַכטן די עטלעכע זאַצן. דער ערשטער איז געבויט אויף אַזאַ אופֿן: ער באַשטייט פֿון צוויי ניט־גלייכע טיילן, אַ לאַנגן טייל ביז צום טירע און אַ קורצן; דער קורצער איז דער הויפּטזאַץ, דער לאַנגער — אַ בײַזאַץ וואָס צעפּאַלט זיך אויף אַ ריי באַשטאַנדטיילן. דאָרטן האָבן מיר דעם קורצן אָנשפּאַר „ווען איינשטיין זאָגט" און נאָך דעם קומט אין דרײַ זאַצן וואָס ער זאָגט; די ערשטע צוויי פֿון די דרײַ אָביעקטזאַצן זײַנען קורצע און פֿאַרבונדן ענגער צווישן אַנאַנד ווי דער דריטער אָביעקטזאַץ וואָס איז אַזוי ווי פּאַראַלעל צו די ערשטע צוויי (אין אים זײַנען אָגב פֿאַראַן נאָך צוויי טרעפּ מיט בײַזאַצן). מיר האָבן פֿאַר זיך אַ ריטמישע גאַנצקייט, און ווען מיר לייענען פֿאַר זיך אין דער שטיל צי אויפֿן קול אַזאַ מין זאַץ, קומט ער אונדז אָן גרינג ביז גאָר. מיר באַמערקן ניט די קאָמפּליצירטקייט פֿון דער סטרוקטור (אַז דאָ איז למשל פֿאַראַן אַ בײַזאַץ אַזש פֿון דער פֿערטער מדרגה[1]) און אין ערגעץ פֿאַרטשעפּען מיר זיך ניט. אַ ביסל פּשוטער איז דער אויפֿבוי פֿון דעם דריטן זאַץ. דער פֿערטער זאַץ האָט אין דעם בוך אַ פּינטל אין דעם אָרט ווו מיר האָבן געשטעלט דאָס קאָמע־פּינטל (;), אָבער אין תּוך איז עס איין זאַץ, געבויט אויף אַן אַנדער אופֿן ווי דער**

---

**[1] אַ בײַזאַץ וואָס איז אָפּהענגיק פֿון הויפּטזאַץ איז אַ בײַזאַץ פֿון דער ערשטער מדרגה; איז אַ בײַזאַץ אָפּהענגיק פֿון אַ בײַזאַץ פֿון דער ערשטער מדרגה — איז ער שוין פֿון דער צווייטער מדרגה אאַז"וו. דער בײַזאַץ „וואָס באַגעגענען זיך אים אויפֿן וועג" — איז פֿון דער פֿערטער מדרגה.**

ערשטער און דריטער — לויט דער סיסטעם פון קאָאָרדינירן די צוויי טײלן, און אויך דאָ איז פאַראַן אַ פולקומע ריטמישקייט.

דער אויפבוי פון צווייטן זאַץ איז דער סאַמע קאָמפּליצירטער. עס קענען זיין אַזעלכע וואָס וועלן זאָגן אַז ער איז בכלל ניט געראָטן, אַז אַנשטאָט דעם צווייפּינטל (:) וואָלט געדאַרפט קומען אַ פּינטל און אָן אָנהייב פון אַ גאַנצן אַ נייעם זאַץ מיט אַן ערך אַזעלכע ווערטער: „איינשטיין האַלט אַז" — און ווייטער ווי אין טעקסט. אַוודאי איז פאַראַן אַזאַ מיגלעכקייט. מיר מיינען אָבער אַז מען קען בויען אויך אויף דעם שטייגער ווי ד״ר זשיטלאָווסקי האָט עס געטאָן, הגם דאָ האָבן מיר אַ פאַל וואָס איז קאָמפּליצירטער ווי די געוויינטלעכע פּעריאָדישע זאַצן וואָס וועגן זיי ריידן די גראַמאַטיקעס.

די דוגמאות וואָס מיר האָבן דאָ געהאַט פאַר זיך זיינען מיגלעך אין ד״ר זשיטלאָווסקיס שפּראַך, ווייל ער האָט זיך געלערנט בויען אַזעלכע קאָמפּליצירטע זאַצן אויף רוסיש און אויף דייטש. ער נעמט אָבער כסדר פון דער גערעדטער שפּראַך און פון דעם פאָלקסטימלעכן יידישן סינטאַקס די מיטלען און פאַרבינדונגען, וואָס זיי גיבן צו זיינע זאַצן אַ בייגיקייט און יידישן חן. מיר שטעלן זיך אָפּ אויף די מיטלען וואָס ער ווענדט זיי אָן גאַנץ אָפט.

אַזוי ווי עס איז דער גאַנג ביים ריידן, חזרט ער איבער אַ געוויסן זאַצטייל, און אָט דער זאַצטייל וואָס ווערט איבערגעחזרט איז דער יסוד פאַרן אויפבויען דעם לענגערן זאַץ און ער פאַרגרינגערט אויך דאָס געבוי. למשל:

> מיר, פּשוטע בשר־ודמס, וואָס דאָס רובֿ זיינען מיר געבליבן שטעקן אין דער פּיזיק פון דער צייט וואָס פאַר מאַקסוועלס און לאָרענצעס עפּאָכע מאַכנדיקע אונטערזוכונגען, — מיר קאָנען נאָר אויפנעמען מינקאָווסקיס אַלגעמיין לאָגישן געדאַנקען־גאַנג, אין דעם בטחון[2] אַז וואָס איז שייך חשבון און פּיזיק קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף זיינע, מינקאָווסקיס, גרונט־באַהויפּטונגען (ז' 38).

דער זאַץ ווערט אויפגעבויט אויפן איבערחזרן דעם סוביעקט מיר. עס איז אויך אין גוסט פון דער גערעדטער שפּראַך אַזאַ מין אויסטייטשן: „זיינע, מינקאָווסקיס, גרונט־באַהויפּטונגען".

## פאַרבינד־מיטלען פון דעם לערנער און דעם פאָלקסמענטש

עס איז גרייטערהייט גענומען פון דעם לערנערשן שטייגער אַזאַ מין פאַרבינדן זאַצן:

„וואָס איז דערפון געדרונגען? געדרונגען איז דערפון קודם כל . . ." (ז' 15).

אָבער גראַד אָט די סיסטעם פון פרעגן זיך אַליין און תיכף ענטפערן איז פאַרשפּרייט ניט בלויז ביי ד״ר זשיטלאָווסקין. דערפאַר אָבער איז ער צווישן די זעלטענע פּראָזע־שרייבערס אונדזערע וואָס שייט זיך ניט פאַר אַזעלכע פאַרבינדמיטלען ווי: ווייל אַז יאָ, אַמער, היינט און פאַרן איבעררייסן דעם זאַץ כדי אַריינצושטעלן דעם פילאָזאָפגנדיקן נישקשה. ביישפּילן:

> איינשטיינס טעאָריעס שטייגן נישט אַריבער די כוחות פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, ווייל אַז יאָ, וואָלטן זיי נישט געקאָנט געבאָרן ווערן אין אַ מענטשלעכן פאַרשטאַנד (ז' 7).

---

[2] „אין דעם בטחון" — דער אויסדרוק איז דאָ ניט געראָטן; און מיר זיינען זיכער וואָלט געווען אַ סך בעסער.

הײַנט פֿאַר וואָס זאָל מען פֿאַר רוים און צײַט פֿירן צוויי באַזונדערע חשבונות? אמער לאָמיר לכתּחילה צונויפֿגיסן די ביידע רעכענונגען אין איינעם (ז' 39).

און די רעוואָלוציע, וועלכע קאָפּערניק האָט אַרײַנגעטראָגן אין די מוחות, בעת ער איז אַרויסגעטרעטן מיט זיין שיטה, אַז נישט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, איז אין איר צײַט געווען נאָך אַ האַרבערע אומפֿאַרשטענדלעכקייט, און — נישקשהי — מען האָט זיך צו איר צוגעוווינט, און איצטער „פֿאַרשטייט" זי שוין אַ תּלמיד פֿון די נידעריקערע קלאַסן גימנאַזיע, אַפֿילו ווען ער הייבט נאָרניט אָן צו וויסן און צו פֿאַרשטיין, וואָס זײַנען די טעמים, וואָס צווינגען דעם מענטשלעכן שכל צו גלייבן אין איר אמת (ז' 8).

**דער לומדישער** אדרבה **קומט זשיטלאָווסקין זייער שטאַרק צו ניץ:**

אין דער אמתן איז נישטאָ קיין סתּירה צווישן דעם רעלאַטיוויטעטס־פּרינציפּ און דעם געזעץ פֿון ליכט־אויסשפּרייטונג; אַדרבה — דורך אַ סיסטעמאַטיש האַלטן זיך פֿאַר ביידע געזעצן קומט מען צו אַ טעאָריע וואָס איז פֿרײַ פֿון לאָגישע אײַנווענדן (ז' 76).

**ד"ר זשיטלאָווסקי נעמט אויך צו הילף דעם אַלטן טראַדיציאָנעלן** אזוי צו זאָגן, **און דורך אים ווערט היימישער און גרינגער אַ האַרבער ענין מיט שווערע עבֿרי, למשל:**

אין זײַן אַרבעט . . . פֿון יאָר 1895, שרײַבט ער וועגן מיכעלסאָנס אינטערפֿערענץ־פּרוּוו אַזוי צו זאָגן: מיר מוזן זיך דעריבער פֿאַרשטעלן . . . (ז' 81).

**עס איז אַלט, טראַדיציאָנעל און מאַכט לעבעדיק דעם זאַץ דער** ערשט **אין אַזאַ פֿאַרבינדונג:**

אַ געלערנטער האָט געקוקט דורך אַ שפּעלטעלע און האָט דערוואַרט צו זען פֿינצטערקייט, ערשט ער האָט דערזען ליכטיקייט . . . (ז' 65).

**עס איז נאָענט צו דער שמועסשפּראַך און עס מאַכט גרינגער אָן ענין דאָס אוועקשטעלן ביים סאמע אָנהייב פֿון כּסדרדיקע פּאַראַגראַפֿן דעם פֿאָלקסטימלעכן** לאָז זײַן, למשל:

לאָז זײַן, מיר האָבן צוויי סיסטעמען, וואָס זייער קעגנזײַטיקער צושטאַנד פֿון באַוועגונג און רו איז אַזאַ וואָס . . . לאָז זײַן, אַז די צוויי סיסטעמען זײַנען די ערד און די פֿלימאַשין, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט . . .(ז' 116).

**פֿון דער גערעדטער שפּראַך איז אויך גענומען דער אייגנאַרטיקער** איז[8] **וואָס פֿאַרגרינגערט די פֿאַרבינדונג צווישן בייזאַץ און הויפּטזאַץ און וואָס העלפֿט בולטער אונטערצושטרייכן אַ געוויסן פּונקט, למשל:**

אויב עס איז אַזוי — איז דעמאָלט ווערן אַ סך אַנדערע פֿראַגן וואָס האָבן צו טון מיט דעם רוים אוועקגעשטעלט אין אַ גאַנץ אַנדער באַלויכטונג (ז' 36).

[8] **זשיטלאָווסקי שטעלט דעם** איז **גאַנץ באַוווּסטזיניק. ער האָט אַפֿילו אַ חקירה צי מען מעג אים ניצן און ער קומט צום אויספֿיר, אַז היבאַלד דאָס פֿאָלק ניצט אַזוי — „איז מעג מען".**

היות ווי די געשטאַלט און די דימענזיעס פון אַ פעסטן קערפּער ווערן אין דער לעצטער שורה באַדינגט דורך דער אינטענסיוויטעט פון די מאָלע־קולאַר־ווירקונגען, איז קאָן דערביַי נישט אויסן בלײַבן אַן ענדערונג אין די דימענזיעס (ז' 82).

און איצט אַ פאַל, ווען די פאָלקסטימלעכקייט און דער גערעדטער נוסח זיינען ניט גוט. מסתּמא האָט מען געהערט אַז דער עולם זאָגט אָפט אַנשטאָט פּשוט כּדי — „אום כּדי" און זעלטענער „כּדי אַז", וואָס אים האָב איך באַגעגנט אין באַנד מיט וועלכן איך פאַרנעם זיך:

לאָמיר נעמען נאָך אַ ביַישפּיל פון דער זעלביקער אַרט, כּדי אַז דער זייער וויכטיקער ענין זאָל זיך נאָך טיפער אַריַינקריצן אין אונדזער באַוווּסטזיין (ז' 68).

*

מיר מוזן זיך באַנוגענען מיט דעם ביסל מאַטעריאַלן וואָס דערוויַיזן אַז ד"ר זשיטלאָווסקי האָט אין זיַין סיסטעם פון אויפבויען זאַצן אַריַינגענומען מיטלען וואָס ער האָט געקאָנט אַרויסקריגן פון דער גערעדטער שפּראַך, פון דעם לומדישן שטייגער און פון טראַדיציאָנעלן נוסח. מיר דערמאָנען בלויז, אַז וועגן דעם אַטריבוטיוון ביַיזאַץ ביַי ד"ר זשיטלאָווסקין און אויך אַ ביסל וועגן דער אַטריבוטיווער פּראַזע איז שוין אויסגעקומען צו ריידן אין יידישע שפּראַך,[4] און אַז די ביידע קאַטעגאָריעס וואָס האָבן ניט קיין צו גוטן מזל ביַי אַ סך גוטע שריַיבערס קומען אַרויס ביַי ד"ר זשיטלאָווסקין אין אַ יידישן פורעם. אויפן סמך פון דעם אַלעם דערלויבן מיר זיך אַליין צו פאַרלויפן דעם וועג און צו קומען צו אַזאַ אויספיר:

אין זיין סינטאַקס איז ד"ר ח. זשיטלאָווסקי געקומען צו אַ מין סינטעז צווישן אייגנס און פרעמדס, צווישן די אופנים פון פאַרבינדן זאַצן און אויפבויען זאַצן וואָס ער האָט גענומען פון יידישע מקורים און פון ניט־יידישע לשונות.

## פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פּרטים פון ד"ר זשיטלאָווסקיס סינטאַקס

איצט קענען מיר אַריבערגיין צו עטלעכע פּרטים און אָנוויַיזן אויך אויף געוויסע דורכפאַלן אין ד"ר זשיטלאָווסקיס סינטאַקס.

דאָ אין אַמעריקע האָט מחמת דער השפּעה מצד ענגליש זיך פאַרשפּרייט אַזאַ קאָנסטרוקציע: „ער איז געווען דער ערשטער (אָדער דער לעצטער) דאָס צו טון". אפילו די אָפּגעהיטנסטע צווישן אונדזערע שריַיבערס פאַלן דאָ דורך. ביַי ד"ר זשיטלאָווסקין באַגעגענען מיר אָבער שטענדיק דעם קאָרעקטן אופן:

1. מינקאָווסקי איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט (ז' 38);

2. קאַרל ערנסט פאָן בער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט נאָך אין די 60ער יאָרן איַינגעזען אַז . . . (ז' 56);

---

[4] זען יידישע שפּראַך, ב' II, ז"ז 39—47 און 130—141, ספּעציעל ז"ז 47 און 139.

3. לאָרענץ איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אַרײַנגעטראַכט אין דעם גאַנצן באַטײַט פֿון אָט דער אומגעהײַערער סתּירה (ז׳ 81);

4. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז מאַך געווען דער ערשטער וואָס האָט געפּרוּווט געבן אַ דעפֿיניציע פֿון מאַסע אָן דער הילף פֿון יענע צוויי אַבסאָלוטע באַגריפֿן . . . (ז׳ 133).

אין אָט דעם פּונקט דאַרף מען זיך אַוודאי לערנען בײַ ד״ר זשיטלאָווסקין.

אויב מיר זעען ניט בײַ אונדזער שרײַבער קיין בייזע השפּעה מצד ענגליש, איז ער אָבער ניט שטענדיק פֿריי פֿון שלעכטע ווירקונגען מצד דייטש און רוסיש. ווען ער פֿאָרמולירט: „געזעץ פֿון דער דערהאַלטונג פֿון דער מאַטעריע [5] (אָדער פֿון דער ענערגיע)“ — האָט ער ניט בלויז אונדז מזכּה געווען מיט די צוויי פֿונען נאָך דער ריי, נאָר אויך געגעבן דאָס וואָרט „דערהאַלטונג“, וואָס איז אַ דײַטשיש וואָרט מיט אַ ייִדישער לאַטע.

די קאָנסטרוקציע „ווערן פֿון... נאַטור“, „זײַן פֿון... כאַראַקטער“ איז אין ייִדיש ניט קאָרעקט, און דאָך טרעפֿן מיר בײַ ד״ר זשיטלאָווסקין:

1. „רוים און צײַט ווערן פֿאַר דעם פֿיזיקער פֿון איין און דער זעלביקער נאַטור“ (ז׳ 40) — עס דאַרף זײַן: זיי האָבן פֿאַרן פֿיזיקער איין און די זעלביקע נאַטור;

2. „אויך די פֿאַרשנעלערטע באַוועגונגען זײַנען נישט פֿון אַן אַבסאָלוטן כאַראַקטער“ (ז׳ 179) — עס דאַרף זײַן: אויך די פֿאַרשנעלערטע באַוועגונגען האָבן ניט (פֿאַרמאָגן ניט) קיין אַבסאָלוטן כאַראַקטער, אָדער: . . . דאַרפֿן ניט באַטראַכט ווערן ווי אַבסאָלוטע באַוועגונגען;

3. „די נײַע געזעצן פֿון רוים־צײַטלעכקייט וואָלטן געווען פֿון דער גרעסטער פּראַקטישער באַדײַטונג“ (ז׳ 102) — עס דאַרף זײַן: די נײַע געזעצן... וואָלטן געהאַט די גרעסטע פּראַקטישע באַדײַטונג.

ד״ר זשיטלאָווסקי פֿאַרשטייט זייער גוט ווי אַזוי אויסצומײַדן דעם איבעריקן פֿון, למשל: „איך נעם אין האַנט אַ שטיקל צונויפֿגעפּרעסטן שניי“ (ז׳ 123) און כּמעט שטענדיק קומט ער אויס אָן אַ פּאַראַזיטישן פֿון. אָבער ניט שטענדיק. מיר טרעפֿן למשל אַזאַ מין גרייז: „צו געווינען אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם ענין פֿון 'מאַסע' “ (ז׳ 127), בעת עס איז אין גאַנצן גוט דער זעלביקער אויסדרוק אָן דעם פֿון.

מיר טרעפֿן בײַ אים אין עטלעכע פֿאַלן דעם גרייזיקן פֿון נאָך דעם אינפֿיניטיוו, ווען עס דאַרף קומען אַ דירעקטער אָביעקט, למשל: „עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אויפֿמערקן פֿון אַ פֿיזיקאַלישער פּאַסירונג“. — עס דאַרף זײַן: . . . וועגן דעם אויפֿמערקן אַ פֿיזיקאַלישע פּאַסירונג. עס טרעפֿן זיך אויך אַנדערע בולטע גרײַזן אין ניצן פּרעפּאָזיציעס, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ פֿאַלשער קאָנסטרוקציע, למשל: „אונטער איינשטיינס הענט ווערט דער רעלאַטיוויטעט־געדאַנק צו אַ נײַעם דענקגעצײַג“ (ז׳ 113) — די גאַנצע פֿאַרבינדונג „ווערט צו“ איז ניט מיגלעך אויף ייִדיש, און דער זאַץ דאַרף ווערן איבערגעבויט אָן ערך אַזוי: א) אונטער איינשטיינס הענט ווערט דער רעל׳־געדאַנק מגולגל אין אַ נײַ דענקגעצײַג, אָדער ב) . . . ווערט פֿון רעל׳־געדאַנק אַ נײַ דענקגעצײַג, אָדער ווי ניט איז אַנדערש געבויט.

עס טרעפֿן זיך פֿאַלן, ווען מיר זעען אַ פּשוט נאָכגיין דעם דײַטשישן מוסטער, למשל: „. . . יסודות . . . וואָס שטימען אין די וויכטיקסטע פּונקטן מיט די פֿון רימאַן און העלמהאָלץ“ (ז׳ 235, הערה) — אויף ייִדיש קומט אויס איבערצוחזרן דאָס וואָרט פּונקטן, וואָס דאָס איז ניט געראָטן, און מען דאַרף בכן געפֿינען נאָך אַ וואָרט אָדער אין דער ערשטער העלפֿט פֿון דער פֿראַזע, אָדער אין דער צווייטער העלפֿט, א) . . . שטימען בנוגע דעם עיקר מיט די וויכטיקסטע פּונקטן פֿון . . . , ב) . . . שטימען אין די וויכטיקסטע פּונקטן מיט די אַרויסזאָגונגען (מיינונגען, טעזיסן, הנחות אָדער אַן אַנדער וואָרט) פֿון . . .

---

[5] די פּשוטסטע פֿאָרמולירונג אויף ייִדיש: דאָס געזעץ אַז מאַטעריע היט זיך אויף — עס איז אַ סך קירצער און גרינגער און אין דעם פֿאַל איז ניט נייטיק קיין סובסטאַנטיוו.

עס קומט אויס אַ מאָל זיך צו דערמאָנען דעם רוסישן אויסדרוק, כּדי באמת צו פֿאַר־שטיין דעם כּלומרשט יידישן, למשל: „פֿאַר אויסגעדינטע יאָרן״ (ז׳ 229), וואָס דאַרף זיין דאָס זעלביקע וואָס „זאַ ווּסלוּגוּ לעט״.

מיר באַגעגענען אויך אויסדרוקן וואָס זיינען בלויז אין איין פֿינטעלע דעפֿעקטיוו, אָבער דער מום מאכט דאָך קאַליע דעם אויסדרוק. אַזאַ פֿאַל איז „אויסלייגן צו גוטן״ און „אויסלייגן צו בייזן״ (ביידע ז׳ 149), בעת עס מוז קומען: אויסלייגן צום גוטן און צום בייזן. אויב אַפֿילו עס זאָלן זיין דערלאָזלעך ביידע אופֿנים: איינס פֿון דאָס אַנדערע און איינס פֿון דעם אַנדערן, איז דאָך ניט גוט, ווען דער זעלביקער שרייבער וואַרייִרט די ביידע נוסחאות (זען למשל זז׳ 37 און 38).

כּדי שפּעטער ניט צוריקצוקומען צו דעפֿעקטן, לאָמיר אויף דער שטעל אויך אָנווייזן אַז עס זיינען פֿאַראַן ניט־אויסגעהאַלטנקייטן אויך בנוגע דעם גראַמאַטישן מין. אַ מאָל איז עס די שיף, אַ מאָל — דאָס שיף. עס איז אויך ניט שטענדיק אָפּגעהיט דער נייטראַלער מין ביי סובסטאַנטיווירטע אינפֿיניטיוון, למשל: „דער איבערגעריסענער קירעווען זיך״, „ניט קיין אַב־סאָלוטער פֿאַרשווינדן״, אָבער אויך דער ליטווישער גאַנג פֿון די ביידע בייִשפּילן ווערט ניט אָפּגעהיט אומעטום. עס איז אויך פֿאַראַן אַ פּלאָנטער: דער און די דויער (אויב דאָס ווערט זאָל קענען פֿאַרבייטן דאָס געדויער, דאַרף עס זיין — דער דויער). אַזעלכע ווערטער ווי פּראָבלעם און סיסטעם האָבן ניט קיין שטענדיקן גראַמאַטישן מין ביי ד״ר זשיטלאָווסקין. אמת, אין געוויסע פֿאַלן איז שווער צו האַלטן אַז די אחריות פֿאַלט אויפֿן שרייבער און ניט אויפֿן זעצער צי קאָרעקטאָר, למשל, ווען מיר טרעפֿן: „דער אַנדער געדאַנק״ (ד״ה דער אַנדערער...). „מחמת יענס געזעץ״ טרעפֿט זיך עקשנותדיק עטלעכע מאָל אָנשטאָט: מחמת יענעם געזעץ.

הכּלל, אויב ד״ר זשיטלאָווסקיס גראַמאַטיק איז כּמעט שטענדיק אַ קאָרעקטע, איז זי דאָך ניט פֿריי פֿון דעפֿעקטן. און אַפֿילו זיין סינטאַקס וואָס שטייט אויף אַ הויכער מדרגה רוקט זיך צייטנווייז אַזוי ווי אָפּ אין אַ זייט און עס באַקומען זיך טיפּישע שווערע זאַצן, וואָס מיר טרעפֿן זיי די והותר ביי אַ סך פּראָזע־שרייבערס. עס איז אַ פֿאַרדראָס, וואָס ביי דעם פֿיינעם סטיליסט קענען מיר זיך אָנשטויסן אויך אויף אַזעלכע זאַצן, וואָס זיינען געבויט היפּש אומבאַהאָלפֿן, למשל:

„אַט דער רעזולטאַט, צו וועלכן איינשטיין איז געקומען, איז אַ נויטווענדיקער פּועל־יוצא פֿון יענער ענדערונג, וועלכע ער האָט אַריינגעטראָגן אין די באַגריפֿן פֿון רוימלעכקייט און צייטלעכקייט, און פֿון יענעם רעלאַטיוויסטישן מעטאָד, וועלכן ער האָט אָנגעווענדט אין דער באַאַרבעטונג פֿון פֿיזיקאַלישע פּראָבלעמען״ (ז׳ 127). חוץ דער סעריע: צו וועלכן, וועלכע און וועלכן (אַלץ אויף איין שווערן שטייגער!), איז נאָך דער סוף פֿון זאַץ, לשיטתי, ניט קיין יידישער, ווארעם עס דאַרף זיין: ביים באַאַרבעטן פֿיזיקאַל(יש)ע פּראָבלעמען.

דאָס זיינען באַוואָרענישן, אַז הגם ד״ר זשיטלאָווסקי מעג אונדז דינען ווי אַ מוסטער, טאָר מען זיך בלינדערהייט ניט פֿאַרלאָזן אויף אים.

## די אייגנשאַפֿטן פֿון דעם גוטן לערער

אַזוי האָף אַז מען וועט מסכּים זיין מיט מיר: ד״ר חיים זשיטלאָווסקי איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּאָפּולאַריזאַטאָר. אויב עמעצער האָט נאָך ספֿקות אין דעם, זאָל ער זיך מטריח זיין אַ לייען טאָן דעם באַנד וועגן איינשטיינס טעאָריע פֿון רעלאַטיוויטעט. אמת, אים וועט שטעלנווייז אויסקומען צוצולייגן קאָפּ, אָבער אין גאַנצן גענומען לייענט זיך ד״ר זשיטלאָווסקיס פּאָפּולאַריזאַציע פֿון איינ־שטיינס טעאָריעס גרינג און ממש פֿאַרכאַפּנדיק. וואָס, וואָס, אָבער מסביר זיין אַן ענין, פֿאַרזיסן אַ שווערע שטעל מיט אַ שיינעם משל, איבעררייסן די אָנגע־

צויגנקייט ביי אן ערנצטן אנאליז מיט א חכמהלע, — אויף דעם איז ד״ר זשיטלאווסקי געווען א גרויסער בריה.

און ד״ר זשיטלאווסקי האט ביי זיך זייער קלאר געוווסט אז ער איז א גרויסער פאפולאריזאטאר, און ער האט פון דעם שטארק הנאה געהאט. דאס פאפולאריזירן איז ביי אים געווען פארבונדן מיט פרייד, ווי ביים אמתן שאפן. און ער האט געשפילט זיך מיט משלים, מיט פארגלייכן, מיט ווערטלעך, זיך געלאבט מיט זיי, אזוי ווי א גורמאן מיט זעלטענע מאכלים.

אין דעם באנד איז אים ס׳רוב אויסגעקומען צו זיין זאכלעך־לערעריש. ביי יעטווידן פונקט הייבט ער אן פון די סאמע פשוטע פאלן און גייט בהדרגה אריבער צו אבסטראקטערע און ווייטערע ענינים. ער פירט עס דורך פאמעלעך, שטאפלענווייז, אריינציִענדיק דעם לייענער אלץ טיפער און טיפער אין דער הארבער סוגיא. איך ברענג דא איין ביישפיל. דער פאפולאריזאטאר דארף דא קלאר מאכן א סעריע באגריפן: מאסע, אינערציע, שווערקייט, מאטעריע — און ווייזן ז׳ערביי אי דעם אלטן שטאנדפונקט אי איינשטיינס חידושים. ער האט שוין פריער גערעדט וועגן ניוטאנען און מאכן און האט א פנים דערפילט, אז ער האט שוין גענוג אנגעשטרענגט דעם לייענער. הייבט ער אן ריידן מיט אפגעהיטער פשטות:

> מיר האבן אין געוויינלעכן לעבן א סך פאלן, ווו מיר קאנען שטודירן די דערשיינונגען פון מאסע אן א ברעקל שייכות צו איר שווערקייט. דאס זיינען יענע פאלן, ווו די שווערקראפט, ווען אפילו ניט פארשווונדן, הערט דאך אויף צו שפילן א וועלכע עס איז ראלע אין דער מאסע. אלעמען איז צום ביישפיל באקאנט דער פאקט, אז די באוועגונג פון א קערפער, אפילו זייער א שווערן, אויף דער ערד גופא, ווי צום ביישפיל דאס אריבערשלעפן (איבער דער ערד) פון איין ארט אויף אן אנדער ארט, — האט גארנישט צו טאן מיט זיין שווערקייט. ווען איך וויל אויפהייבן פון דער ערד א מאסע, מוז איך בייקומען איר שווערקייט. אבער ווען איך וויל זי פירן אדער שלעפן איבער דער ערד, דארף איך נישט גובר זיין די שווערקראפט, ווייל זי, די שווערקראפט, בלייבט דאך אין יעדן פלאץ די זעלביקע, בייקומען דארף מען דערביי איר רייבונג אן דער ערד און דעם ווידערשטאנד פון דער לופט. זעט מען צו פארמינדערן [6] די רייבונג ביז צו א מעגלעכן מינימום, קאן מען מיט דער אנווענדונג פון זייער א קליינער קראפט באוועגן גרויסע משאות איבער דער ערד. אזוי קאן איין מענטש שטופן א שווער אנגעלאדענעם וואגאן איבער די רעלסן, ווי נאר מען האט געמאכט דעם וואגאן זיך רירן פון ארט. דאס איז מעגלעך דערפאר, ווייל מען האט צו טאן מיט דער מאסע פון דעם וואגאן, מען האט אבער א ברעקל נישט צו טאן מיט זיין שווערקייט (זז׳ 136—137).

נאך אט די גלאטע און גרינג פארשטענדלעכע רייד קומט א ביסל א שווערערער ביישפיל מיט א לופטבאלאן וואס הייבט זיך ניט און פאלט ניט, און עס קומט שוין די הארבערע שאלה: אין וואס זשע ווייזט זיך ארויס זיין מאסע? א טריט ווייטער איז א ביישפיל מיט א קייקל אויף א גליטש, נאך א טריט — צוויי קייקלעך

---

[6] פארמינערן איז, פארשטייט זיך, די ריכטיקערע פארעם פון דעם ווארט.

אויפן גליטש. און דער ענין ווערט ביסלעכווייז קאָמפּליצירטער. נאָר מיר קלע־טערן ניט סתם אויף אַ באַרג, מיר גייען אויף טרעפּנווייז אויסגעבויטע טעראַסעס, און מיר פאַרלירן ניט די כּוחות דערביי. ווו עס לאָזט זיך נאָר, האָט ד״ר זשיט־לאָווסקי ליב פאַרצושטעלן ענינים דראמאטיש. אמת, עס קומט אויס דערביי זאַכן צו פאַראיינפאַכן און אונטערצושטרייכן בלויז די עיקרדיקסטע מאָמענטן. אָבער דאָס איז דאָך דער גאַנג פון יעדן גוטן לערער: ער מאַכט פשוטער, ער סכעמאַ־טיזירט און אויב עס לאָזט זיך — דראַמאַטיזירט ער. לאָמיר זיך צוקוקן צו איין פאַל ביי אונדזער שרייבער, ווען ער וויל קלאָר מאַכן, וואָס האָט אייגנטלעך גע־צוווּנגען איינשטיינען זיך אָוועקצולאָזן אויף נייע, רעוואָלוציאָנערע דרכים. ער שטעלט די זאַך פאָר אַזוי:

א געלערנטער האָט געקוקט אין א שפּעלטעלע און האָט דערוואַרט צו זען פינצטערקייט, ערשט ער האָט דערזען ליכטיקייט. איז דער גאַנצער וויסנ־שאַפט פינצטער געוואָרן אין די אויגן! ווייל ווען מען האָט גענומען אויס־חשבונען, וואָס דאָ איז אַזוינס פאָרגעקומען, האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז מען האָט צעטיילט די צאָל פיר אויף צוויי קלאָפּטער, קומט אויס ניט צו צוויי אויף יעדן קלאָפּטער, נאָר צו צוויי מיט א פּערטל. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס אַז צוויי מאָל צוויי איז נישט פיר.

האָט מען געבראָכן די קעפּ און נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. ביז עס איז געקומען א גרויסער רעוואָלוציאָנערער קאָפּ און וויסנשאַפטס־מאַן, אנטאָן הענדריק לאָרענץ פון האָלאַנד, און האָט זיך א זאָג געטאָן: אין דער צאָל פיר קאָנען מיר גאָרנישט נישט פאַרענדערן... בלייבט פאַר אונדז קיין אנדער ברירה נישט: מיר מוזן זיך א נעם טאָן פאַר די קלאָפּטערס פון אָט דער ווונדערלעכער זאַך־פאַסירונג. מיר מוזן אָננעמען אַז אין דער ווונדערלעכער זאַך־פאַסירונג ווערן די קלאָפּטערס קלענערע . . .

האָט אָט דער געדאַנק אויפגערודערט איינשטיינס נשמה . . . איינשטיין פלעגט חדשים לאַנג זיך אָפּפלאָגן מיט דעם געדאַנק: וואָס שטעקט דאָ אַזוינס? . . . (זז׳ 65—66).

### די נטיה צום ווערטל, צום פאָלקסטימלעכן נוסח

ד״ר זשיטלאָווסקי איז ניט בלויז א גוטער לערער וואָס ווייס ווי אַזוי איינצושטעלן א סדר אין לערנען און איינצוטיילן די פּאַרציעס פון גרינגערן צום האַרבערן. ער קען אויסשמידן דעם בולטן, דעם אַפאָריסטישן זאָץ וואָס איז ענלעך צו אַ שפּריכוואָרט. אַזוי למשל דריקט ער אַזוי אויס זיין אייגענעם אני־מאמין פון א גוטן פּאָפּולאַריזאַטאָר: אַלץ וואָס איז קלאָר געטראַכט קאָן ווערן קלאָר געמאַכט (ז׳ 7).

פאַרשטייט זיך אַז אָט די פעיִקייט צו שאַפן אַפאָריזמען האָט פאַר זיך ווינציק וואָס מעגלעכקייטן זיך ארויסצוווייזן ביים באַטראַכטן איינשטיינס טע־אָריעס. אָבער דאָס שפּילן זיך מיטן וואָרט, אַפילו דאָס האַנדלען זיך מיט אים איז פאַר ד״ר ח. זשיטלאָווסקין אַזא גוואַלדיקער יצר־הרע וואָס ער האָט ניט געקענט ביישטיין. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין סטיל דאָס ווייטערדיקע:

1. דער מחבר דערציילט, אַז איינשטיין האַלט, אַז אונדזער כּמו־ספערישע וועלט איז „אין ערגעץ נישט באַגרענעצט, ווײַל די באַוועגונגען אין איר קאָנען זיך אין ערגעץ נישט אָנשטויסן אויף אַ ברעג. זי איז אָבער ענדלעך ווײַל אין זיך אײַנגעשלאָסן". נאָך דעם אינפאָרמירט ער אַז על־פּי איינשטיינען איז די וועלט ניט קיין כּדור, נאָר אייפאָרמיק — אַן עליפּס. „זײַן טעאָריע גיט אַפילו די מעגלעכקייט אויסצורעכענען דעם ראַדיוס פון דעם וועלטאַל..."[7] און דאָ קומט דער צוגאָב: ס'איז נישט קיין קליין אייעלע, אונדזער וועלטל (ז' 242).

2. אַן אַנדער כאַראַקטער האָט אַזאַ מין ווערטלען זיך, ווען עס ווערט דערציילט אַז אַ מאַגנעטישע קראַפט ווירקט אויך פון דער ווײַטנס: „פּלוצלינג ווערט אין דעם קײַקל דערוועקט אַ חשק צו לויפן שנעלער. מחמת וואָס? מחמת אין אַ מהלך פון אים געפינט זיך אַן אַנדער קערפּער וואָס באַזיצט פּאַר אים אַ געוויסן מאַגנעטישן חן. אָבער דער אײַזן איז דאָך נאָך נישט צוגעקומען צו אים, פון וואַנעט ווייס ער וועגן דעם דאַזיקן חן? (זז' 169—170).

3. ד"ר ח. זשיטלאָווסקי נוצט אויס זײַן וויסן, אַז אין אַלטן יידיש איז געווען אַ וואָרט קורצווײַליק מיטן באַטײַט אינטערעסאַנט (הלוואַי וואָלטן מיר אויפגעהיט אַזאַ פײַן וואָרט!), און ווען ער דאַרף אויפקלערן דעם חילוק צווישן דער אָביעקטיווער צײַט (דער „וועלט"־צײַט) און דעם סוביעקטיוו אויפגענומענעם דויער פון אַ פּאָרקומעניש (דער „פּסיכישער" צײַט), רעדט ער דערבײַ וועגן: לאַנג־ווײַלן זיך און קורץ־ווײַלן זיך, וועגן לאַנגווײַליק און קורצווײַליק (ז' 52).

4. אַ מאָל ניצט דער שרייבער אויס די לאָקאַלע אייגנטימלעכקייטן פון זײַן מוטערשפּראַך כּדי צו דערגרייכן דעם זעלביקן עפעקט וואָס עס האָט אַ שפּיל מיט אַ וואָרט: א זייגערנע שעה קאָן בײַ א געוויסער געשווינדקייט דויערן צוויי שעה, ווי פּינקטלעך און ריכטיק דער זייגער זאָל ניט גיין" (ז' 154). פּאַרן רוב לייענערס איז עס אַ פּנים אַ טשיקאַווער אויסדרוק: אַ זייגערנע שעה אַנשטאָט — פונקט א שעה, אַ שעה אויפן זייגער; אָבער אין וויטעבסקער געגנט איז עס אַ פּאַרשפּרייטער אופן אויסצודריקן זיך.

5. עס טרעפט זיך אויך אַז ד"ר זשיטלאָווסקי זאָל אויסניצן שוואַכקייטן בײַ אונדזערע שרײַבערס און א ביסל א שפּאַס טאָן מיט אַ וואָרט, למשל, ער שרײַבט: „קאַפּויעריש" (ז' 153), אַנשטאָט קאַפּויער אָדער קאַפּויערדיק, ווײַל ער האָט באַגעגנט „נאַציאָנאַליש", „מאַקסימאַליש".

אָבער דאָס שפּילן זיך מיט אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק איז ניט גענוג. ד"ר זשיטלאָווסקי האָט ליב אין מיטן פון אַ האַרבן ענין פּלוצעם אָנצוהייבן צו סטיליזירן, נאָכצומאַכן די רייד פון אַ פּאַלקסמענטש. דערבײַ שטעקט אין דעם ניט בלויז די כּוונה צו לאָזן דעם לייענער זיך פאַררוען פון שווערע ענינים, צו געבן אַ ביסל אַגדתא נאָך האַרבער הלכה, נאָר אויך אַ דראַנג צו שפּיל, און אפשר אויך צו קאָקעטערײַ. עס איז אַ פראַגע פון געשמאַק: איינער קען אין דעם אײַנזען

[7] אונדז דוכט זיך אז דאס וואָרט וועלטאל טויג ניט איבער דעם „אל". עס איז שוין גלײַכער: דער אוניווערס.

בלויז חן און דאָס טיפּע קעגן דאָס פּאָלקסטימלעכע ייִדיש, אַ צווייטער — אַ געמיש פון סטילן וואָס קען זיין ניט אַנגעלייגט. מיר ציטירן דאָ עטלעכע שטעלן:

1. „ווי מיר האָבן, ברוך השם, נישט פאַרשטאַנען אַ האָר אין זיינע ׳צירופי אותיות׳ פון דער ספּעציעלער טעאָריע, אַזוי וועלן מיר, מיט גאָטס הילף, פאַרטיק ווערן אויך מיט דער אַלגעמיינער: זאָל זיין אַן מאַטעמאַטיק! פּראָפ׳ איינשטיין איז ביי אונדז, א דאנק זיין ליבן נאָמען, א גוטער בטוח. האָבן מיר אים פרי׳ער געגלייבט אויף ׳קוואַדראַט־וואָרצל׳, וועלן מיר אויך אויף ווייטער נישט אָפּטאָן אונדזער חסד פון אים.״ (ז׳ 155).

2. „אַ מענטש הייבט אָן צו ריידן ווי דער סדר איז מיט אַ מענטשלעכן קלאָרן לשון... און איר האָט הנאה פון דער קלאָרקייט און שיינקייט, ווי אַזוי ער שטעלט אַוועק די שאלה, אָבער קוים גייט ער אַריבער צו דעם ענטפער, אַזוי — פּורץ! — שליידערט ער אַריין אַ שלל פון אַלערליי ציפערן, אותיות (לאַטיינישע און גריכישע, גרויסע און קליינע) און נאָך אַנדערע מאַטעמאַטישע צייכנס. וואָס ער טוט דאָרטן, ווייסט איר נישט, איר זעט נאָר אַז ער טוט דאָרטן אַן מעשים. ער שטעלט זיי אויס אין ראַנדן[8] און לאָזט זיי אַנפאַלן איינער אויפן אַנדערן ווי אין אַ מלחמה. ער גיסט זיי צונויף אין איינעם און נעמט זיי ווידער פונאַנדער, און אייך דוכט זיך, אַז ער האָט אַ באַזונדערן תענוג אַרויס־צודרייען פון זיי נעבעך די לעצטע וואָרצלען, און לסוף ווען ער צעטרייבט די גאַנצע מחנה און פון איר בלייבן איבער נאָר אַ פּאָר אותיות מיט צאָלן, קומט ער ווידער צו אונדז מיט קלאָרע מענטשלעכע רייד און מיט אַ פאַרטיקן ענטפער אין דער האַנט״ (ז׳ 143).

3. „אַנגענומען אַז אַ סעקונדע קאָן אַ מאָל ווערן פון אַ קלענערער אָדער גרעסערער דויער און אַז אַ מעטער קאָן א מאָל ווערן פון אַ גרעסערער אָדער קלענערער לענג,[9] קאָן מען (אַזוי דוכט זיך) נאָר אין אַזאַ וועלט, ווו אַלע שבת צו נאַכטס, נאָך האַלבן טאָג, גליטשן זיך לעבעדיקע מתים אויף א לונג־און־לעבערל פון א ניסל, ד״ה אין דער וועלט פון דעם אבסאָלוטן פידרעך״ (ז׳ 24).

4. „אויב איר ווייסט דאָס — קאָן אונדז אָבער ענטפערן איינשטיין — איז טאַקע אייך וווּיל ווי די וועלט און איך בין אייך פשוט מקנא, ווייל איך ווייס דאָס נישט...״ (ז׳ 85).

5. „די מינקאָווסקישע פערטע דימענזיע איז... אַ נאַטור־דערשיינונג, וועלכע מיר נעמען אויף... מיט דעם אינעווייניקסטן צייט־חוש, און מען קאָן אין איר נישט אומגיין אהין און צוריק. מען קאָן זיך אין איר נישט אומקערן צו די קינדעריאָרן, אפילו נישט צו דעם נעכטיקן טאָג, און וואָס אָפּגעלעבט איז (אַך! אָדער: געלויבט איז גאָט!) שוין אויף אייביק אָפּגעלעבט״ (ז׳ 42).

---

[8] רייען.

[9] פריער (ז׳ 38) ווערט שוין אנגעוויזן אז אזא קאָנסטרוקציע איז ניט קיין יידישע; אנשטאט „ווערן... פון״ דארף זיין: האבן א ... א סעקונדע קען האבן א קלענערן אדער גרעסערן דויער, א מעטער קען האָבן א קלענערע אדער גרעסערע לענג.

6. „מיר ... געפינען זיך אין אַ וועלטווינקל וואָס איז לפי ערך אָרעם אין גרויסע מאָסן, און די מישטיינס געזאָגט — עטלעכע פלאַנעטלעך — מאַנעלעך, אַרבעסלעך און ניסעלעך — וואָס דרייען זיך אַרום דער זון, איז — קוים וואָס זיי שלעפּן זיך אין זייער ׳לויף׳ — ריכטיקער אין זייער ׳קריכעניש׳ אַרום דעם צענטראַל־קערפּער...״ (ז׳ 223).

עס טרעפט זיך אויך אַז די הלצה זאָל אָוועק גאָר אין אַ זייט. אַזוי האָבן מיר אין באַנד צוויי מאָדנע הערות. אין איינער, נאָכן דערציילן אַז ביי אַ גע־וויסער געשווינדקייט קען מען אויף אַ גאַנץ יאָר געווינען איין סעקונדע צייט, קומט אַזאַ הוספה: „אויף דעם זעלבן אופן קאָן מען אויסרעכענען, מיט וואָס פאַר אַ געשווינדקייט עס האָט געדאַרפט זיין דער ׳קפיצת הדרך׳ פון יענעם רבין, כדי דורכצופירן דעם נס, אַז ׳פון איין זייט וועג שבת, פון דער אַנדערער זייט וועג שבת, און אין מיטן, ווו דער רבי פאָרט, איז אין דער וואָכן׳...״ (ז׳ 102). אין אַ צווייטער הערה איז דער קרבן פון חכמהן זיך דער לייענער; עס רעדט זיך אַז אויבן־אַראָפּ איז אַ רעלאַטיווער באַגריף און אַז עס באַטייט דאָ „אין רעלאַציע צו דעם לייענער״, און עס קומט אַזאַ צוגאָב: „מיר מוזן אָבער דערביי אויסנעמען דעם תּנאַי אַז דער לייענער, ווי אַ ׳רעלאַציע־קערפּער׳, זאָל בלייבן דאָ, אין דער פּוסנאָטע, און נישט קריכן אין טעקסט אַריין, ווייל מיר וועלן זיין חשובֿע אָנוועזנהייט נישט אַריינציען אין חשבון״ (ז׳ 201).

## אומגעריכטע פאַרבינדונגען

אויפן אַריינפאַלן אין טאָן פון דעם פאָלקסמענטש, צו מאָל אַפילו פון דער קלאַסישער יידענע ווי מיר קענען זי פון מענדעלען און שלום־עליכמען, איז געבויט דער אומגעריכטער איבערגאַנג פון איין שפּראַכספערע צו דער צווייטער. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן דאָס אילוסטרירן:

1. ד״ר זשיטלאָווסקי רעדט וועגן דעם מאָניסטישן מאַטעריאַליזם און וועגן דער מאַטעריע, „וואָס מוז עקסיסטירן אין דעם רוים אַזוי, אַז ווען דער רוים זאָל חלילה איר אַפּזאָגן פון דער דירה, איז פאַר איר נעבעך נישטאָ ווו אַהינ־צוטאָן זיך: כאַטש נעם און פּעקל זיך אַריבער — שונאי ציון — אין דעם ׳אידעאַליזם׳ אַריין און וווין שוין דאָרטן ווי אַ דמיון אין אַ גייסט״ (ז׳ 47).

2. דער מחבר באַשרייבט אַן עקספּערימענט, ווען מען שטעלט אַוועק אַ כלי מיט בוימל, וואַסער און קוועקזילבער אויף אַ צענטריפוגאַלער ראָד, אויף אַזאַ לעבעדיקן אופן: „דער קוועקזילבער שניידט דורך אין אַ שלאַנגען־באַוועגונג די טעריטאָריעס פון זיינע שכנים און יאָגט זיי אַלעמען אַריבער. נאָך אים קומט דאָס וואַסער, שוין מיט ווייניקער פלינקייט, און ערשט צו לעצט שאַרט זיך נאָך זיי דער בוימל״ (זז׳ 183—184).

3. עס קלינגט באמת אומגעריכט אַזאַ פאַרבינדונג צווישן אַ פּאַטש און דער טעאָרעטישער פיזיק: „פּאַטשט אָט דער רעזולטאַט אין פּנים אונדזער רע־לאַטיוויטעט־פּרינציפּ״ (ז׳ 74).

4. די מאַטעריע קריגט אזאַ לעבן־שטייגערישן עפּיטעט: „די בכבודיקע מאַטעריע״ (ז׳ 123).

5. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אויך אין דער פיזיק קענען זײַן „וואָכעדיקע פּאַסירונגען״ און „יום־טובדיקע פּאַסירונגען״ (ז׳ 66).

6. אַ פּראָגראַם פאַר איינשטיינס טעאָרעטיזירן ווערט אזוי איבערגעגעבן: „ער מוז גובר זיין אויך אַט דעם דואַליזם, אַפשאפן אויך דעם ייחוס פון דער פאַרשנעלערטער באַוועגונג און צווינגען אויך די פאַרשנעלערטע באַוועגונג, זי זאָל זיך אויפפירן פונקט אַזוי לייטיש ווי די אַנדער אַרט. נעמט זיך איינשטיין פאַר די פאַרשנעלערטע באַוועגונגען...״ (ז׳ 168).

7. ביים רעדן וועגן מאַסן וואָס ציען זיך קעגנזייטיק צו, קען מען זיך פאָרשטעלן אַז זיי זאָלן זיין אַזוי ווייט איינע פון דער אַנדערער אַז די צוציונגס־קראַפט זאָל אין גאַנצן פארשווינדן, אָבער ווען זיי זאָלן זיך ווידער אָנהייבן צו דערנענטערן, וועט אין זיי „ווידער דערוועקט ווערן דער חשק צו שפּילן אין ׳צוציען זיך׳ ״ (ז׳ 132).

8. אַן עלעקטרישער שטראָם מאַכט דעם דראָט „נערוועיש״ (דאָרטן גופא).

9. „איינשטיין האָט אַרויסגעזאָגט זיין ברוך דיין האמת אויף דער מאַסע״ (ז׳ 147).

10. איינשטיינס אָפּערירן מיט מאטעמאַטישע סימבאָלן און פאָרמלען ווערט אַזוי פאַרגעשטעלט: „ער טוט א צי דעם פאָרהאַנג, און אויף דער סצענע מאַר־שירן ארויף זיינע גימנאַסטן וואָס הייבן אָן צו באַווייזן זייערע מאַטעמאַטישע קונצן״.

אומגעריכטע איבערגאַנגען פון איין ספערע אין דער צווייטער באַגעגענען מיר אויך ביי פאַרגלייכן. למשל:

1. „זי [די מאַטעריע] לאָזט מען זאָל טאָן מיט איר וואָס מען וויל, כחומר ביד היוצר, ווי אַ גולם. טוט מען עס[10] א שטויס, באַוועגט עס זיך ווי אַ גולם, אָן אַן אויפהער; שטעלט מען עס אָפּ, בלייבט עס אין רו״ (ז׳ 145). פאַרשטייט זיך אַז דאָ האָט דעם שטויס צום פארגלייך געגעבן איינער פון די באַטייטן פון וואָרט גולם וואָס איז פאראַן אין העברעיש: אַן אומבאַלעבטער קערפּער.

2. „פּונקט ווי אַ שפין, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון סופיט אויף דעם צוויי־דימענזיאָנאַלן טיש, קען זיך צוריק אַרויפהייבן צום סופיט אויף דעם זעלביקן פאָדעם, אַזוי קען אַ ׳גייסט׳ זיך אראָפּלאָזן פון דער ׳פערטער דימענזיע׳ צו מענטשן אין דעם דריי־דימענזיאָנאַלן רוים...״ (ז׳ 42).

3. „...פאַר אונדז, דעם אמת געזאָגט, ׳מיסטישע׳ ׳צירופי אותיות׳ פון דער לאָרענץ־טראַנספאָרמאַציע, וואָס מיט זייער הילף האָט איינשטיין רעוואָ־לוציאָניזירט די מאָדערנע פיזיקאַלישע נאַטור־וויסנשאַפט, ווי אַ בעל־שם מיט

---

[10] דאָ דאַרף בעסער זיין: זי, וואָרעם עס רעדט זיך בפירוש וועגן מאַטעריע.

זיינע קאַבאַליסטישע שמות" (ז' 110). דאָ האָט דאָס דערמאָנען די מיסטיק און די צירופי־אותיות געשטויסן צו אַ פאַרגלייך מיט אַ בעל־שם.

דאָס כסדרדיקע פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען מאַכט פאַרשטענדלעך אזא כאַראַקטעריזירן איינשטיינס „ספּעציעלע רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע":

„[זי] איז געווען אויפגעבויט... כדי אַזוי צו זאָגן דורכצופירן דעם דע־מאָקראַטישן גלייכהייטס־פּרינציפּ אין דער נאַטור־וויסנשאַפט... ווי אַן אמתער רעוואָלוציאָנער האָט ער נישט דעם ליכטשטראַל אראָפּגעדריקט צו דער מדרגה פון די געוויינלעכע באַוועגונגען, נאָר ער האָט זייער געמיינעם עולם אַרויפגע־הויבן צו דער מדרגה פון דעם ליכטשטראַל. ער האָט זיי אַלעמען גענומען מעסטן מיט דער אַריסטאָקראַטישער ליכטשטראַלמאָס, און ממילא איז פאַרשוווּנדן גע־וואָרן דער באַזונדערער ייחוס פון דעם ליכטשטראַל" (זז' 163—164).

פאַרשטייט זיך אַז דער גאַנג אסאָציאַציעס, וואָס פירט פון איינשטיינען אַזש צו ר' לוי־יצחק באַרדיטשעווער (ז' 246), גייט שוין ארויס פון ענין סטיל, הגם אָט אַזאַ דרך איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר ד"ר ח. זשיטלאָווסקין, און דערפירט אים לסוף צום אויספיר אז דאָס שטערבן צו אויבעטן 'לשם יחוד', דאָס שטערבן צום 'וועלט־אחד' איז דאָס גרונטיקסטע ביי איטלעכן יידישן דענקער.

*

לסוף, דערמאָנען מיר אַז ווען מען זאָל אין ערגעץ אין ענלעכע ארבעט דורכ־פירן אויפן סמך פון נאָך צוויי בענד מיט אַנדערע טיפן ווערק קען מען האָבן כמעט אַ פולן אַנאַליז פון ד"ר ח. זשיטלאָווסקיס לשון.

## א בינטל בונטע ווערטער פון ביאַליסטאָק

פון ראָזע נעוואַדאָווסקי

אין אונדזערע חורבן־טעג ווילט זיך קומען צו זיך אַליין און צו אונדזערע שפּראַך־אוצרות. די ווערטער פון אונדזער יידישן לשון זיינען ווי קלאַנגען־עדות פון אונדזער עשירותדיקן לעבן דאָרטן, ווו מען האָט דורות געוועבט די גאָלדפעדעם פון יידישן לשון.

איך שטאַם פון ביאַליסטאָק. מיין פאָטער ר' בנימין־בער איז דאָרט גע־באָרן, מיין מוטער חיה־נעכע בת שמאַי אבראַמאָוויטש שטאַמט פון פּרוזשענע, ווו די נאָציס האָבן אַלץ פאַרוויסט און דעם בית־עולם פאַראַקערט. ביי אונדז אין הויז האָבן זיך אויפגעלעבט דריי און דערנאָך פיר דורות אונטער איין דאַך.

איך האָב דאָרטן געהערט אַ רייכן, פאַרוואָרצלטן יידיש, פאַרבראַקט מיט העברעישע למדנישע ווערטער, מיט גלייכווערטלעך, מיט אידיאָמען, מיט אויס־טערלישע אויסדרוקן, מיט שפּריכווערטער און שפּרוכן.

ביי אונדז פלעגן אויך זיין ביים טיש אורחים אויף שבת און יום־טוב — סאָלדאַטן פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן זיך גערעדט זייער לשון. און אין וואָכנטעג — פאַרשיידענע ישיבה־בחורים וואָס האָבן „געגעסן טעג".

פון מיינע באָבעס האָב איך געהערט אַ גוטן יידיש. מיין מוטערס מוטער פלעגט ניצן אַ סך העברעישע ווערטער — פון איר האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט אַזעלכע ווערטער ווי: רשימה, החלטה און נאָך אַ סך פון דעם מין.

מיין מוטער האָט פאַרמאָגט אַ פאַרביקן לשון און זייער אַ קלאָרע אויס־שפּראַך. מיין פאָטער האָט גערעדט זייער ווייניק, אָבער זיין אויסדרוק איז שטענדיק געווען געשליפן.

מיין שטאָט איז בכלל געווען אַ רירעוודיקע, אַ קולטורעלע, מיט איניציאַ־טיוו, קאָמערציעל סאָליד און מיט אַ דראַנג צו בילדונג, לומדות, תורה.

איצט... ווען די שטילקייטן פון די געשאָכטענע שטעט שרייען צו אונדז דורך שטחים, שטייען אויף ווערטער אין זכרון.

זיי לעבן אויך נאָך דעם חורבן, לעבן און ווילן ניט שטאַרבן. כל־זמן מיר זיינען דאָ, וועלן זיי ניט שטאַרבן. גיב איך דאָ אַ בונט בינטל אַזעלכע ווערטער וואָס זיינען געווען אייגן און היימיש אין דער ביאַליסטאָקער היים:

אד׳ליגע — ווען ס׳לאָזט אָפּ דער פראָסט.

אודזשגען, אנאודזשגען — אָנרייצן, אויפרייצן.

אולניק — אַ מאכל פון געריבענע קאַרטאָפל.

אוסאַ׳ק — אַ קורץ מעסער מיט אַ טעמפּן שפּיץ; ווערט גענוצט אין קיך.

איינגייערקע — אַ פרוי וואָס קומט שטענדיק אין הויז, אַ פאַרקויפערקע.

איינסטאַלירן — איינשטעלן אַ זאַך, סטאַביליזירן.

אמת ויציב — דיין טאַטע איז אַ קצב.

אַ קאָפּ ווי אַ צעבער.

אַ שטים פון אַ זויערער אוגערקע.

באַליי׳ע — אַ רונדע הילצערנע כלי צו וואַשן וועש.

באַרנעס:

בושקעס — קליינע באַרנעלעך וואָס ווערן שפּעט צייטיק.

סאַפּאַזשאַנקעס — זאַפטיקע, האָניקדיקע באַרנעס, ווערן פרי צייטיק.

ציטרינאַווקעס — באַרנעס וואָס זעען אויס ווי ציטרינען.

שאַרעבערעס — שפּעטע באַרן מיט אַ האַרטער טונקל־ברוינער שאָלעכץ.

פּאַנעס — לענגלעכע באַרן.

פּערגאַמאָטן — ווינטער־באַרנעס.

שמאַלצבאַרן, דיושע׳ס.

בונקע (מיט אַ ווייכן נון) — אַ מעשענע אָדער קופּערנע כלי מיט אַ קליינעם העלדזל פאַר הייסע וואַסער.

בו׳צאַק — אַ פעטער מענטש.

בליאַנד — דינע שפּיצן צו אַ קלייד.

בליושטש — ווייכע, סאַמעטענע גראָז. שבועות־צייט פלעגט מען אונ־טערלייגן בליושטש ביים באַקן לעבלעך ברויט.

גערלט:

דידקע — 3 קאָפּיקעס,
האַלבער גילדן — $7\frac{1}{2}$ קאָפּיקעס,
צענערל — 5 קאָפּ׳ = 10 גראָשן,
צוואַנציקער — 10 קאָפּ׳ = 20 גראָשן,
זעקסער — 3 קאָפּ׳ = 6 גראָשן,
פערציקער — 20 קאָפּ׳ = 40 גראָשן.

גלײַך ווי א קאַטשערע, פֿרום ווי א לאַפּעטע — א קרומער צדיק.
דזשובען, פאַרדזשובען — פאַרפּירן איינעם, אָנפּאַלן, דערנידעריקן, פאַרפּיקן. דער האָן פאַרדזשובעט די הון.
דזשובעק — אַ נעזל פון א טשייניק.
דראַנגאַטש, דראַנגאַי׳לע — אַן איבערגעוואַקסענער, זייער אַ הויכער.
דראַ׳פּאַטש — אַ זייער דאַרער יינגל.
וויאַלען — וויאַנען, פאַרוועלקן.
זוברא׳וקע — א שמעקעדיקער גראָז; מען האָט זובראָווקע אַרייַנגעלייגט צווישן וועש, אויך אין בראָנפֿן.
זשליפּעק, זשליפּקע — אויף אַ לאַבן ברויט דאָס אויפגעפּלאַצטע טייג.
זשניקלע — א שלעכטע, א פאַרצאַרנטע, אזאַ וואָס יאָדעט זיך און אַנדערע.
טאַ׳מבאַקעס — קנעפּלעך פון טאַמבאַק אָדער פון מעש; קינדער פלעגן שפּילן אין טאַמבאַקעס.
טראַזבענקען — אַרויסגעבן אַ שטאַרק געררויש, למשל ווען אַ פור פאַרט איבער אַ שלעכטן ברוק.
טראַפּע׳טשען זיך — כסדר זיך כעסן.
טשאַ׳באַטעס — גרויסע, צעפּאַרענע אומגעלומפּערטע שיך.
טשאַכמאַטשי׳רקע — אַ בעטלערקע וואָס שטייט שטאַרק צו.
טשאַרנו׳שקעס — שוואַרצע קערנדלעך צו באַשיטן ברויט, קימל.
יאַן — אַ יאַרמאַרק אין טאָג פון הייליקן יאַן.
יאַשעק — אַ קליין קישעלע צו קאָפּנס.
כאַרעי׳ען — קראַנק זיַין, קרענקען.
כעכליען — שלעכט וואַשן.
לאַ׳דישקע — אַן ערדן טעפּל, ס׳רוב פאַר סמעטענע אָדער זויערמילך.
ליאַ׳טשעק — אַ גרויסע פלאַש פון עסיק, אַרומגעפלאָכטן מיט שטרוי.
ליאַקי׳ר — גלאַנציקע לעדער.
ליאַקירקעס — שיך פון גלאַנציקע לעדער.
לייַביאַק — אַ וואָלענער יאַק, וואָס מען טראָגט ווינטער איבערן העמד.
מאַווע, מאַווע לאַקשן — איראָניש: רעד, רעד, אַבי מען גלייבט דיר. לאָקשן איז דאָ גענוצט איראָניש אין זינען פון הייליקע רייד.
מאַוויען — זאָגן.

מאַטענפליא׳סן — כּלערליי באַפּוצונגען אין איינעם גענומען.
מאַקאַרא׳נעס — מאַנדל־קיכעלעך.
מורזשע, מורזע — אַ פאַרשמאָדערטער פּנים, אַ מיאוסער.
מידלינעס — זייפּעכץ, דאָס אָנגעזייפטע.
מידער, דער — א צודאַט פון שטייפן געוואַנט צום קליידל (צום ראָק) עס זאָל זיך בעסער האַלטן אַרום דער טאַליע.
ניט, ניטעווען, אריינניטעווען, פאַרניטעווען — אַרייַנטאָן ניטן אין מעטאַלן.
סטאַניק — אונטערשלאַק, צוגעניים צום ראָק אָדער קליידל; מען טוט עס אָן אויף די אַקסלען.
סטריגעוואַניע — אַן אופן פון שלעכטן און גיכן נייען.
סקאַרבונקע (מיט אַ ווייכן נון) — אַן ערדענע אָדער מעטאַלענע פּושקע אויף צו קלייבן געלט אין איר.
סקאַרגע — אַן אָנקלאָג, אַ טענה.
סקאַרגען — זיך באַקלאָגן.
סקראַבאַ׳טשען — שאַרן מיט די שיך, מאַכן א גערויש מיט זיי.
עס איז נאָך ניט קיין מן המעשר — עס איז נאָך פאַראַן צו דערציילן.
עס שיט זיך אויף אים גרויע מאָן — עס לעבט זיך אים שלעכט, מען טוט אים אָן צרות.

**עפּל:**

ראַנעטן — ווינטער־עפּל מיט אַ ברוינלעכער הויט.
אַנטאַ׳נאַווקעס — גרויסע, גרינלעכע, ווייניקע עפּל.
קרימער.
בעלאַסלאַדקעס — ווייַסלעכע זיסע עפּל (אין דוקאָר, מינסקער גוב׳).
עשרה דבריא [אויסשפּראַך: סאָרע דיברייע] — ניין מאָס רייד, אַ מענה־לשון, אַ יידענע מיט אַ מענה־לשון.
פּאַטופען — אויפפּנעמען אַ זאַך, פאַרשטיין; עס פּאַטופּעט זיך אים ניט אין מוח — ער פאַרשטייט ניט.
פּאַ׳טשעווקע — אונטערשלאַק.
פּאַ׳טשערעס — גויישע געבעטן.
פּאַמפּאַדו׳רעכע — איינע וואָס בלאָזט פון זיך, מאַכט זיך גרויס.
פּאַפּעליא׳טע — גרויער קאָליר.
פּו׳רעטשקעס — ווײַמפּערלעך.
פּי׳לינעס — זעגעכץ, די מעל וועך מען זעגט האָלץ אָדער ברעטער.
פּיסקעווען — רעדן שלעכטע רייד.
פליטקע — פלאַכע וואַסער.
פּע׳טשערע — אַן אויוון אָדער די עפענונג פון אַן אויוון.

פּרוכנע — צעפּוילט האלץ, למשל: „ער איז אַזוי אַלט, אַז פֿון אים שיט זיך שוין פּרוכנע".
פּאַרטויטשען — עמעצן דערנידעריקן, ניט לאָזן אויפֿהייבן דעם קאָפּ.
פּאַרקלאַפּן דעם קאָפּ — אָנרעדן אַ סך.
פּיקסאַטאַר, פּיקסאַטור — פּאָמאַדע פֿאַר די האָר.
צאַ׳פּעווען — כאַפּן עמעצן ביי אַ גרייז.
צוגעדעמפּטס — געדעמפּטע פֿלייש.
קאַטשעלאַ׳פּע — אַ קריכער, אַ בעטלער.
קאַטשעלאַפּיכע — אַ פֿרוי וואָס „סטראָיעט זיך", פּוצט זיך אין שמאָטעס.
קאַטשעלאַפּניק — אַ מאַן וואָס פּוצט זיך אין שמאָטעס.
קאַלאַ׳טניע — רכילות, פּליאָטקעס.
קובעבע מיט לאַקרעץ — מען פֿלעגט זאָגן איראָניש אויף אַן איבער־קלייבער אין עסן: וואָס ווילסטו? קובעבע מיט לאַקרעץ?
קוטשע — קאָטוך ווו ס׳זיצן הינער.
קורטשען — דאָס פֿילן אַ קראַמף אין אַ גליד, למשל: „עס האָט מיך געכאַפּט אַ קורטש אין אַ פֿוס".
קלאַפּאַ׳טשעכע — אַ באַרעדעוודיקע יידענע וואָס פֿאַרקלאַפּט דעם מוח.
קלאַפּאַטשען — פּלאַפּלען.
קרוטשיק — אַ קליינע פֿלעשעלע בראָנפֿן.
ראַזשיק, קרײַטשיק — דער אָנהייב פֿון אַ ברייטל.
ראַק — „יובקע", קליידל.
רײַ׳באַך, דער — אַ טשאָלנט פֿון געריבענע קאַרטאָפֿל.
שאַלעגוי׳דע — אַ גרויסער בנין אָן אַ טעם, אָן אַ ראַם, אָן פּראָפּאָרציע, אָן געשמאַק.
שאַלעמייזען — אָפּזאָגן אויף גיך: האָסט שוין אָפּגעשאַלעמייזעט שמנה־עשׂרה?
שטשערבאַטע לאַדישקע — אַ קאָמישער אויסדרוק, ווען ביי אַ קינד הייבן אָן זיך בייטן די ציין.
שידע׳לקע — אַ נאָדל צום שטריקן.
שינקעווען — אריינטאָן שינקע (בלויעכץ) ביים וואַשן וועש.
שליאָנדער — אַ פֿאַרשמירטער, ניט קיין ריינער.
שמעיגל — גלאָזפּאַפּיר אויף שלייפֿן מעסערס.

# סינאָנימיק אין יהואשעס פּאָעזיע

פֿון ח. ש. קאַזדאַן

די זעקס בענד יהואָשעס פּאָעזיע פֿאַרמאָגן אַ גרויסן אוצר פֿון סינאָנימיק. לאָמיר פּרוּוון אריינדרינגען אין דער דאָזיקער סינאָנימען־רייכקייט דורכן אַנאַ־ליזירן אַ פּאָר פֿון יהואָשעס לידער. מיר האָבן פֿאַר דעם צוועק אויסגעקליבן די באַקאַנטע פּאָעמעס: שניי און בין־השמשות.

שניי. דער דיכטער שילדערט פריער דאָס געבוירן ווערן און שפּעטער דעם פאַרלויף פון אַ זאַווערוכע. לכתחילה אַ „גראָער פאַרגליווערטער אָוויר״, ס׳פּאָלט אַן „איינציק קליין שנייעלע״ — דאָס זיינען די „ערשטלינגען־שנייען״, זייער גורל איז — גיך צעגיין. אָבער צו ביסלעך שיט דער שניי ווייטער און ווייטער — און דאָ טרעטן מיר אַריין אין יהואָשעס מייסטערשאַפט־מלוכה פון סינאָנימען. פאַר יעדער נייעם באגריף, פאַר יעדער נייַער דערשיינונג — הויפּנס און הויפּנס סינאָנימען און סינאָנימישע בילדער. לאָמיר נאָכגיין די סינאָנימישע גרופּעס אַזוי ווי זיי גייען אין דעם ליד:

אין לופט דאָס געזעמל פארמערט זיך,
און לאנגזאם א שיכט נאָך א שיכט
בעט אויס און צעשפּרייט אויף דער ערד זיך...
ביז איטלעכער קוסט ווערט באקליידט
און יעטווידער בוים ווי א בר־מינן שטייט,
און דאָס בלאָלעכע אייז
פונעם טייך —
ווערט גלייך
ווי באפּעלצט מיט א פּוטער פּון ווייס...
און וועגן און שטעגן פארשווינדן פון לאנד,
באליילעכט אין זעלביקן לייכטן געוואנט,
באדעקט פּון דעם שנייקעניגס פּאלע...

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען אַלע סינאָנימישע גרופּעס, וואָס מיר האָבן דאָ וועגן דער „טעטיקייט״ פון שניי:

1. דער שניי — „בעט אויס און צעשפּרייט אויף דער ערד זיך״.
2. דער קוסט, בוים — „ווערט באקליידט״, „ווי א בר־מינן שטייט״.
3. דער טייך, דער וועג — ווערט „באפּעלצט מיט א פוטער פון ווייס״, „באליילעכט אין זעלביקן לייכטן געוואנט״, „באדעקט פון דעם שנייקעניגס פאלע״.

איצט קומט א צווייטע סצענע — עס ברעכט אויס דער שטורעם, די זאַווערוכע:

שוין פּייפט עס און ברומט עס און בילט...
די לופט ווערט געפילט
מיט פלאָנטערס און ווילדע געמישן,
ביז צווישן
דער ערד און דעם הימל
זיך ווירבלט און וויכערט א ווילדער געווימל,
און ס׳וואָיעט די וויסטע ממשלה
פּון שדים און גייסטער —
דער שטורעם איז מייַסטער...
ער רייסט זיינע קייטן אראפּ פונעם האלדז,
און גייט מיטן שניי אויף דער פרעירי א וואלץ,
און אלץ
קערט ער איבער,
דער איילנדער גבור...

דאָ איז ווידער א היפשע סעריע סינאָנימישע גרופּעס וועגן דער „טעטיקייט״ פון ווינט:

1. דער ווינט — „פֿײַפֿט, ברומט און בילט".
2. אין דער לופט — „פּלאָנטערס און ווייסע געמישן".
3. די זאַווערוכע — „זיך ווירבלט און וויכערט", „און ס'וואָיעט די וויסטע ממשלה פֿון שדים און גייסטער", „רייסט זיינע קייטן אַראָפּ פֿונעם האַלדז", „גייט מיט שניי אויף דער פּרעירי אַ וואַלץ".
4. דער שטורעם — „איז מײַסטער", „דער איילנדער גבור", „אַ ווילדער געווימל".

און איצט קומט די שילדערונג פֿון דעם שניישטורעמס מעשׂים־תּעתּועים:

דאַ בעזעמט ער גריבער,
דאַ בויט ער פּאַלאַצן און טורעמס
אין האַסטיק פֿאַנטאַסטישע פֿורעמס
און מויערט גיגאַנטישע שטיבער...
און באַלד אין אַ וואַנזין־געשלידער
זיך קרייזט ער און דרייט זיך און פּלעכט זיך,
און יאָמערט און סווישצעט און צויבערט,
און שופּלט און שאַרט און צעשויבערט,
ביז איטלעכער בנין צעברעכט זיך
און פֿאַלט אין אַ הויפֿן אַנידער,
צי ווערט אין די וואַלקנס געהויבן
אין פֿוכיקע שטיקלעך און שטויבן...
און שוין איז דער ווירבל צעפּלויגן...

ווידער די זעלבע שפּע סינאָנימען און סינאָנימישע גרופּעס:

1. דער שטורעם — „בעזעמט גריבער", „און שופּלט און שאַרט און צעשויבערט".
2. ער בויט — „פּאַלאַצן און טורעמס", „האַסטיק פֿאַנטאַסטישע פֿורעמס", „גיגאַנטישע שטיבער".
3. די זאַווערוכע — אַרבעט „אַ וואַנזין־געשלידער", „זיך קרייזט ער און דרייט זיך און פּלעכט זיך".
4. זי — „יאָמערט און סווישצעט"; אויבן האָבן מיר געהאַט, אַז זי „פֿײַפֿט און ברומט און בילט", „רייסט די קייטן פֿון האַלדז".
5. איר גאַנצע אַרבעט פֿאַרשווינדט — „איטלעכער בנין צעברעכט זיך" און „פֿאַלט אין אַ הויפֿן אַנידער", אָדער „ווערט אין וואַלקנס געהויבן אין פֿוכיקע שטיקלעך און שטויבן".

דאָס גראַנדיעזע בילד פֿון דער זאַווערוכע ווערט ניט געגעבן אין גע־מאָסטענעם מעטער, דער ריטעם איז דאָ פֿרײַ און שטורעמדיק; די שורות, די סטראָפֿעס זײַנען פֿאַרשיידנאַרטיק געבויט. אָבער דאָס עיקר־געווער זײַנען דאָ סינאָנימישע גרופּעס. זיי ווערן באַנוצט ווי אַ מיטל צו פֿאַרשטאַרקן דעם אײַנ־דרוק פֿון אָט די שטורעם־כוואַליעס און זייער „ווילדן געווימל". די סינאָנימען־שפּע ווירקט אַזוי ווי אַ שרויף, וואָס פֿאַרקלאַמערט אַלץ שטייפֿער און שטייפֿער, עס באַקומט זיך אַן אָנגעהויפּנטקייט פֿון בילדער און אַסאָציאַציעס — געגליכן צו די הויפֿנס און שיכטן שניי. דער דיכטער וויקלט אַלץ מער פֿונאַנדער די מעטאַפֿאָר, ער שטעלט אויס די מעטאַפֿאָרן אין איינהייטלעכע, אויף דעם זעלבן שטייגער געבויטע, ריטמיש־סינטאַקטישע גרופּעס, און דאָס העלפֿט נאָך מער צו פֿאַרשטאַרקן דעם רושם. אָט זײַנען אַ פּאָר מוסטערן פֿון אַזעלכע ריטמיש־סינטאַקטישע פּאַראַלעליזמען:

1. ביז איטלעכער קוסט ווערט באַקליידט...
ביז איטלעכער בנין צעברעכט זיך.
2. און יאָמערט און סווישצעט און צויבערט
און שופּלט און שאַרט און צעשויבערט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יהואָשן, אַז אַפילו דער שטורעמדיקער געדראַנג פון בילדער, אַט די סצענע פון זאַווערוכע און איבערקערעניש פאַרענדיקט ער מיט אַ לירישן אַקאָרד:

און דאָס איז דער שניי — אַז ס'האַרץ טוט אײַך וויי,
אַזוי לויטער און ריין... אים צו טרעטן ביים גיין.

אַן אַנדער שטענדיקע אייגנשאַפט פון יהואָשעס פּאָעזיע באַשטייט אין אונטערשטרײַכן טעזע און אַנטיטעזע, אַזוי ווי עס איז דער נאָמען פונעם גאַנצן באַנד לידער, ווו עס געפינט זיך די פּאָעמע „שניי". און אויך אין דעם ליד, וואָס מיר אַנאַליזירן, האָבן מיר דעם זעלבן מעטאָד פון אַנטיטעזע: נאָכן גרויסן רעש און געפּילדער — קומט שטילקייט און לויטערקייט, קומט דער איידעלער „אַז ס'האַרץ טוט אײַך וויי", און דער עפעקט פון אַט דעם אַקאָרד באַשטייט אין דעם, אַז אייער פריערדיקער אײַנדרוק ווערט נאָך מער פאַרשטאַרקט, פאַרבולט.

בין־השמשות. אין דער ערשטער העלפט פון ליד, אין רויקע 10־12סטראָפיקע שורות, אין געמאָסטענע אמפיבראַכישע פערזן שילדערט דער דיכטער דעם אָנקום פון בין־השמשות. אין פינף סטראָפעס האָבן מיר אַנגעהויפנטע בילדער, וואָס אין תוך גענומען זיינען זיי סינאָנימישע וואַריאַציעס אויף דער טעמע בין־השמשות. מיט דער הילף פון פאַרשיידענע זע־ און קלאַנג־בילדער גיט אונדז דער דיכטער איבער דעם אָטעם און כישוף פון אָנקומענדיקן בין־השמשות. נאָך דעם קומט דער דיכטער צום פונקט, ווען ער רופט אויס:

א, זאָג, איז עס טאָג,
יענע פראַכט — איז עס נאַכט?...

און פון אַט דעם מאָמענט — אַזוי ווי צו באַרעכטיקן, אויסצוטייטשן און צו אַנטוויקלען די דאָזיקע פראַגע זײַנע — הייבט אָן דער דיכטער אָנצוהויפן סינאָנימישע כאַראַקטעריסטיקעס פון יענעם צושטאַנד, וואָס איז ניט טאָג און ניט נאַכט. עס איז צו באַוווּנדערן, ווי גרויס עס איז די צאָל סינאָנימישע וואַריאַציעס אויף דער דאָזיקער איינציקער טעמע — בין־השמשות. דערבײַ, ווי מיר וועלן זען, אַנטהאַלט נאָך יעדע וואַריאַציע פאַר זיך אַ געוויסע צאָל אינעווייניקסטע סינאָנימען.

1. ס'איז דער חן
פון פאַרגיין,
ס'איז דער טויט, וואָס איז שיין;
2. ס'איז דער גייסט,
וואָס זיך ווייזט,
ווען דער קערפּער צעפאַלט;
3. ס'איז א טאָן, וועלכער שאַלט,
ווען יעדע מוזיק איז פאַרקלונגען;

4. ס'איז דאס הארץ פון דער וועלט,
וואָס זיין תּהום איבערקוועלט,
און איז ביז ארויף צו די שטערן געדרונגען;
5. ס'איז ניט טאָג,
ס'איז ניט נאכט —
עס איז עפּעס וואס שמאכט;
6. ס'איז א קלאג
און א שלוכצן פארשטיקט;
7. ס'איז א גאט ביז צו ווייטאג אנטציקט;
8. ס'איז א פרייד
וועלכע וויינט
שטילערהייט;
9. ס'איז די לופט און די פּײַן;
10. ס'איז די נאכט און דער שיין,
וועלכע זיינען פאראיינט
און געווארן
פון פּארן
איז יעדע באשײַנט;
11. ס'איז א שלאף
און א וואך־זיין צוזאמען;
12. ס'איז א סוף און אן אנהייב פון ווערן;
13. א לעשן פון פלאמען און א צינדן פון שטערן;
14. ס'איז א לויב און א דאנק און עס איז א באגערן;
15. עס איז א געזאנג
און א הארכן און הערן;
16. ס'איז א וועל,
וועלכער האט זיך צעגאסן
און שימערט און שוימט;
17. ס'איז א זעל,
וועלכע האט זיך פארשלאסן
און טרויערט און טרוימט.

זיבעצן וואַריאַציעס, וואָס אַלע צוזאַמען און יעדע פון זיי באַזונדער, זיינען זיי סינאָנימען פונעם באַגריף בין־השמשות. נאָר אַ פּאָר וואַריאַציעס (6, 11, 15, 16) קאָנען באַצייכנט ווערן ווי קאָנקרעטע בילדער. די איבעריקע זיינען אַבסטראַקציעס אָדער אַלעגאָריעס און אַזוי ווי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א באַגריף פון „ניט' טאָג און ניט נאַכט", מיט א ווידעראַנאַנד, מיט א סתּירה אין זיך — איז דעריבער נאַטירלעך, אַז דער דיכטער באַנוצט דאָ אין די אַלע פּערזן אַזאַ גרויסע צאָל אָקסימאָראָנען.[1] אָבער גראָד די דאָזיקע אויסדרוקן גיבן צו דעם ליד אַ באַזונדער חן, פּאַסן זיך אויף אַ ווונדערלעכן אופן אַריין אינעם בילד פון בין־השמשות. אַזוי האָבן מיר מיטן מעטאָד פון אַנטיטעזע, וואָס איז יהואָשן אַזוי ליב:

[1] אָקסימאָראָן — א שארפזיניקער געדאנק וואס אויבן אויף זעט ער אויס ווי א סתּירה אין זיך; א פּאָעטישער מיטל צונויפצופּארן צוויי אייגנשאפטן, צוויי זאכן אדער שאפן אזעלכע פארבינדונגען צווישן אטריבוט און סובסטאנטיוו צי צווישן סוביעקט און פּרעדיקאט וואָס זיינען אויבן אויף זיך סותר, למשל: א שטומער רוף, די שטילקייט רעדט.

1. דער חן פון פארגיין,
2. דער טויט וואס איז שיין,
3. ביז צו ווייטאג אנטציקט,
4. א פרייד וועלכע ווינט שטילערהייט,
5. די לופט און די פיין,
6. די נאכט און דער שיין,
7. א שלאף און א וואך־זיין,
8. א סוף און אן אנהייב פון ווערן,
9. א לעשן און צינדן,
10. א דאנק און א באגערן,
11. א געזאנג און א הארכן און הערן.

•

נאָכן אנאליזירן די צוויי פּאָעמעס וועלן מיר פּרוּוון מאַכן אַ שטיקל אינ־ווענטאר פון יהואָשעס סינאָנימען־רייכקייט, לויט דעם ווי זי איז צעוואָרפן איבער די זעקס בענד פון זיין דיכטונג. מיר וועלן דאָ געבן אַ הויפן סינאָנימען אָן שום קאָמענטאַרן. מיר האָבן זיי צונויפגענומען פון אַלע זעקס בענד און אויפגעשטעלט אין באַטייט־גרופּעס. מיר פלעכטן אויך אריין ציטאַטן פון לידער.

אַלץ ווייטער: אָפּגעטרעטענער.

אנטציקט: פאַרבלענדט.

אָפּגרונט: תּהום, שוואַרצער גיהנום.

באַזיגט: באַצווונגען, געבויגן; „פאַרקריפּלט, אלט און אָפּגענוצט".

באַזייט: באשפּרינקלט.

באַטריבט: באַקלעמט, פארצאָרנט.

באַפּרוכפּערן: געבערן, באַפּאָטערן.

בייגן זיך: וויגן זיך, האַלטן ביים פאַלן, „וואַקלט און וויגט זיך", שאָקלען. טרייסלען זיך.

בינדן: צוזאַמענקייטן, פאַרפלעכטן, „מיט שטריק געקניפּטע", אָנגעקייט.

ברומען: פייפן, רייסן, טומלען; „ברומט און בילט און פייפט און מיאוקעט".

גלאנצן: שימערן, גלימצערן, גליען, פלאַמען, שטראַלן, לייכטן.

געגלעט: געלאָשטשעט, ווייך און מילד, „געניאַנטשעט און געליולעט", גלעטן און האַלדזן, האָלוביען.

געזוכט: געבדקעט, געאַקערט; קראַצט, גראַבלט, „זיך גראָבן און גריבלען".

געכישופט: געצויגן; כּישוף־מאַכט, שוואַרצע קונסט, וווּנדערשפּרוכן.

געשווינד: שנעל, ס'זאָל קאָכן און זידן; פלינק, מיט לייכטן שוווּנק.

געשושקעט: געשאָרשקעט; „אַ געשאר, אַ געשאָרך, אַ גערויש".

וואַרטן: ציילן די שטונדן, האָפן און גלייבן, זיך טרייסטן, זיך קלאַמערן; „און אַנקערט מיין געדאַנק אין דיר".

ווײַכן: „ווייכט די פרייד פון שלמהס הארצן, מיידט די רו זיין נאכט־געלעגער".

ווינטשן: פאַרלאַנגען, שמאַכטן, בענקען, באַגערן, שטרעבן, וועלן.

זינגט: טרילערט, טרעלט, „טראָגט זיך זיין שירה", קלינגט, „בלאָז די חצוצרות מיט געהילך, לאָז שאַלן די טראָמפּייטן".

טאַנץ: צום טאַקט געשוועבט, „מיר שווימען און וויגן זיך", „אַט הייבן מיר אויף זיך — אַט זינקען מיר", „גלידער פאַרפלאָכטן אין איינעם", „צו אַנאַדער געפּרעסט — זיך טונקען אין לעבלעכע אינדן".

טויט: שטאַר, פאַרלאָשן; אין קבר, שליסט די אויגן, „טויט און ניט־זיין"; „דער טויט מיט שוואַרצע פליגלען".

טראַנטעס: טאַרבעס, קרוע־בלוע, „ניט געהאט אַ גאַנצן פאַדעם".

טרייסט: „מיך טרייסט און באַרויִקט און קילט".

יסורים: ליידן, קלאָגט, „טרערן פון די אויגן אים רינען", פליקט זיינע האָר, ברעכט די הענט, קען קיין טרייסט ניט געפינען, „אַ ביטערער ווייטאָג צעשפּאַלט אים דאָס הארץ און וויקלט אין וואָלקנס זיין זינען", טרערן פאַרגיסן, באַוויינען, „ער וועלצט זיך פון צאָרן און דרייט זיך פון שמערץ, און צופּט זיך נאָך שטאַרקער די לאָקן".

לייטערט זיך: דערשיינט און באַווייזט זיך, עס קלערט זיך, עס שטראַלט און שימערט, „האָט אַ שיין דערוואַכט, א שפּראָץ פון מאָרגן־שטערן".

מוטיקער: מעכטיקער, גיבור־מענטש, מאַן פון טאַט, זיכער און פעסט, קרעפטיקער, געזונטער, פיבערישער, גלוטיקער.

עלנט: פוסט, וויסט, מאַט און אפּגעבליאַקעט, נאַקעט און בלויז, „אויף יענעם קאַלטן, וויסטן באַרג", פאַרוואָגלט, פאַרדאַרט און טרוקן.

עס בליצט: געוויטערט, וואָיעט, יאָמערט, שטורעמט.

פאַנצער: שילד, באַפּאַנצערט און באקיווערט.

פייניקט: פּלאָגט, „זיך פייניקט און לייטערט", „עס צופּט מיין געוויסן און רייסט", „געגנאָיעט, געשמאַכט די נשמה", פאַרגיפט, פאַרגאַלט, חוזקט און שפּאַסט, „פאַרביטערט און פאַרזיירט".

פאַרפאָלגט: יאָגט, „און ווערגט מיין נשמה און שטיקט", „לעכערט און בויערט", „ער הויערט און לויערט אויף מיר".

פינצטער: חושך, דאָס ליכט פאַרשטעלט, טונקל אין שאָטן, „אַ בליק אָן גלוט, אָן ליידנשאַפט".

פלאַקערן: ברענען, פלאַטערן, פונאַנדערמינטערן, פונאַנדערווייען, צע־פלאַקערן, צאַפּלען, צאַנקען.

פרום: ריין, הייליק, מילד, צערטלעך.

פרייד: פאַרגעניגן, גליק, שטילער גליק, לוסט און תענוגים, „גדלות און שטאָלץ".

פרעמד: אליין, האַרט, קאַלט, פינצטער און שטום.

צ י ט ע ר ן: צוקן, זיך טרייסלען; „ווי א קערן שפריי געטריבן ווערן״; „צאַנקט און ציטערט און זיך ראַנגלט״.

צ ע ז י י ט: צעשפרייט, צעשליידערט; זיך וועגדן און קערן.

צ ע ר ט ל ע ך: ווייך און ווארעם, שטיל און מילד.

ק אַ מ ף: געפּעכט, שלאַכט.

ק ו י ק ו נ ג: מתיקות, זיסקייט, מילדקייט, תענוג, דערפרישונג.

ק ל אַ פּ ט: סטוקעט, פּילדערט, קלינגט, קנאַלט; טומלען, ברילן, ברומען, רוישן.

ק ל ע פּ: פּלעמען, בוכצען, רייסן און קנייפּן, פּראסקעט אין פּנים, פּאַטש.

ק נ יי ט ש ט: רונצלט, וואַלקנט, קרייזלט.

ק ר ע כ ק: יאָמערשטים, בענקעניש, בענקען און שמאַכטן, קלאָגן, שמאַכ־טעניש.

ר יי ן: קלאָר, לייטערן און ריינקן; „אַ ריינע, אַ געזעענע, פון אַלע פּסולת פּריי״.

ש ווי י ג ן: איינהאַלטן דעם סוד, ליגן אויפן מויל אַ שלאָס, פאַרשוויגן ווערן.

ש ו י מ ט: שפּריצט, שלאָגט, „זיך שלאָגן און שוימען און שומען״; „צו שוימען און שפּרינגען און שפּריצן״; „און שפּאַרט און שפּרינגט אַרויס״.

„ש מ ע ק נ ד י ק און זוכנדיק, לעקנדיק און ניוכענדיק״.

עס איז אַ באַזונדערע אויפגאַבע צו אַנאַליזירן די קוואַלן, די מעטאָדן און די קינסטלערישע וואָג פון יהואשעס סינאָנימיק, ווי אויך צו פאַרגלייכן זי מיט דער סינאָנימיק ביי אַנדערע גרויסע יידישע פּאָעטן.

## וועגן געוויסע אומפאַרשטענדענישן מצד אונדזערע פריינד

פון י. מ.

אין יידישע שפּראַך, ב׳ וו, נומ׳ 6 (נאָוועמבער־דעצעמבער, 1942), האָבן מיר זיך אויסגעטענהט מיט „אונדזערע פריינד די קריטיקערס״. עס איז יעמאָלט געווען דער לעצטער נומער פון דעם צווייטן יאָרגאַנג און עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַ שפּאָר ביסל איינווענדונגען קעגן אונדזער זשורנאַל. די ערשטע צוויי יאָר האָט מען רעלאַטיוו אָפּט געשריבן וועגן און קעגן יידישע שפּראַך. אָנהייב דריטן יאָר־גאַנג האָבן מיר געגעבן דעם אַנאַליז פון אַ צאָל איבערזעצונגען פון לינקאָלנס געטיסבורגער רעדע, און איבער דער אַרבעט זיינען די טענות קעגן זשורנאַל געווען באַזונדער הילכיק. אָבער פון יעמאָלט אָן האָבן אַפילו די קיבעצערס אויפגעהערט זיך אָנצוכאַפּן אין עפּעס אַ וואָרט אָדער אויסדרוק און עס צעלייגן אויף טעלערלעך. צו אונדזער האַרצווייטאָג קומט אויס איינצוזען, אַז אַפילו יענע ציטן, ווען מען האָט יאָ געשריבן וועגן יידישע שפּראַך, האָט מען אויך אַ סך מער זיך פאַרנומען מיטן אריינזאָגן, אָפּזאָגן דאָס לעבן, סתם עפּעס וואָס זאָגן, איידער מיטן אַנאַליזירן די אַרבעטן וואָס זיינען געווען געדרוקט אין זשורנאַל און מיטן אויסגעפינען דאָס גוטע און דאָס שלעכטע וואָס דאָרטן איז פאַראַן.

אין די לעצטע חדשים האָבן מיר באַמערקט בלויז צוויי אַרויסטרעטונגען קעגן אונדז וואָס אין תּוך נעמען זיי זיך פֿון אומפֿאַרשטענדעניש, וואָס עס איז נייטיק זיי קלאָר צו מאַכן.

*

שמואל ראָזשאַנסקי האָט אין זיין אַפּטייל „שטריכן", אין בוענאָס־אײַרעסער אידישע צײַטונג, געשריבן אויף דער טעמע: די יידישע קולטורשפּראַך און די מלחמה. דערבײַ האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט אַ פֿאַרגלייך צווישן דעם זשורנאַל יידיש פֿאַר אַלע וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן פֿון נח פּרילוצקי ע"ה און יידישע שפּראַך. אַזאַ מין פֿאַרגלייך קען ברענגען צו געוויסע אויספֿירן וועגן דעם כאַראַקטער פֿון די ביידע זשורנאַלן. אָבער ווען דער פֿאַרגלײַך האָט דערפֿירט דערצו אַז מען האָט אײַנגעזען בײַם ייוואָ אַ נײַע שפּראַך־פּאָליטיק און אַ בפּירושע נטיה צו אַנגליזירן די יידישע קולטורשפּראַך — איז עס אַ מאָדנע אומפֿאַרשטענדעניש.

פּ' שמואל ראָזשאַנסקי מיינט אַז יידיש פֿאַר אַלע האָט „זיך אָריענטירט דער עיקרשט אויף דער שײַכות פֿון יידיש מיט די עלעמענטן פֿון סלאַווישע לשונות און דיאַלעקטן, מיט די קעגנזײַטיקע (אָדער אײַנזײַטיקע) באַווירקונגען", אַז זיין רעדאַקטאָר האָט „דווקא געוואָלט אָנטרינקען אונדזער קולטור־לשון בײַם קוואַל פֿון פּרימיטיוון פּראָווינציאַליזם" און אַז מען האָט דאָרטן דעם „טראָפּ געלייגט אויף אַלע". אַקעגן זשע האָט יידישע שפּראַך דעם אײַנשטעל אָפּצוגעבן „דעם אויבנאָן פֿאַר ענגליש און פֿאַר שײַכותדיקע פּראָבלעמען מיטן ענגלישן לשון", אַז דאָ אין ניו־יאָרק „אפשר אונטער דער ווירקונג פֿון ניו־יאָרקער יידישן לעבן און תּנאָים פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער לשון — באַפּעסטיקט זיך גראָד אַ קעגנזעצלעכע אָריענטאַציע, 'אינטערנאַציאָנאַליזירן' אַזוי צו זאָגן דעם לשון, אים געבן אַ מער אַקאַדעמישן כאַראַקטער, באַפֿרייען אים פֿון פּראָווינציאַליזמען און מאַכן פֿון אינטעליגענטישן לשון אַ 'כּלל־שפּראַך', אָננעמענדיק ענגליש ווי אַן אַרויסהילף אין די זוכענישן פֿון און צו אונדזער קולטור־לשון". און ווײַטער דריקט אויס אונדזער אַרגענטינער פֿרײַנד די מורא, אַזאַ אָריענטאַציע זאָל חלילה ניט דערפֿירן דערצו אַז די השפּעה פֿון ענגליש אויף דעם קולטור־לשון זאָל ווערן אַזוי שטאַרק, אַז עס זאָל גאָר ווערן אַ נײַער מין „ענגלישער יידיש". ער פֿאַרענדיקט מיט ווערטער פֿון זאָרג און אומרויִקייט:

> דווקא דערפֿאַר ווײַל ענגליש האָט אַזאַ גרויסע קרובישאַפֿט מיט יידיש און ווײַל עס איז זייער גרויס די געפֿאַר פֿון זשאַרגאָניזירונג און שפּראַך־אַסימילאַציע, איז דאָס אַרײַנוואַרפֿן אונדזער קולטורשפּראַך אין די אָרעמס פֿון ענגליש זייער אַ דעליקאַטער ענין. דער אוניווערסאַליזם פֿון יידיש־לשון איז אין ווידערשפּרוך מיטן געבן צו פֿיל פּלאַץ פֿאַר סעפּאַראַטע, לאָקאַליסטישע ווירקונגען.

פּ' שמואל ראָזשאַנסקי האָט די בעסטע כּוונות אונדז צו וואָרענען. אָבער צי דאַרף מען טאַקע אונדזער זשורנאַל אָפּשרעקן פֿון זשאַרגאָניזירן יידיש? צי פֿאַרנעמען מיר זיך ניט שטענדיק מיטן אָנווייזן אויף די אַנגליציזמען וואָס כאַפּן זיך אַרײַן ניט בלויז אין דעם ווערטער־באַשטאַנד, נאָר אויך אין זאַצן און אויס־דרוקן? צי איז ניט דער ציל פֿון אַלע פֿאַרגלײַכן צווישן יידיש און ענגליש — דאָס אונטערשטרײַכן די יידישע אַנדערשקייטן? צי האָט אונדזער זשורנאַל נאָך אַלץ ניט קלאָר געמאַכט, אַז בעת עס זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך אין דער גערעדטער לאָקאַלער שפּראַך אַנגליציזמען — דאַרפֿן זיי ניט זײַן אין דער איבערלענדישער, דער אוניווערסאַלער יידישער כּלל־שפּראַך?

נאָר וואָס האָט דאָ געטראָפֿן? פּ׳ ראָזשאַנסקי האָט צונויפֿגעמישט דאָס אָפּטע ניצן ענגלישע ווערטער (טאַקע ענגלישע, אין לאַטייַנישן שריפֿט) אין אונ־דזער זשורנאַל מיט דער טרויעריקער טענדענץ פֿון אונדזערע ·גרינע זיך צו כאַפּן צו פֿאַרדרייטע און צעקאַליעטשעטע ווערטער פֿון ענגליש און מיט דער ברכה וואָס אַ טייל גייסטיקע פֿירערס פֿון דער אימיגראַנטישער מאַסע האָבן געגעבן דעם פּראָצעס פֿון פֿאַרזשאַרגאָניזירן יידיש דורך די הונדערטער אַנגלי־ציזמען. די דאָזיקע צוויי זאַכן טאָר מען ניט צונויפֿפּלאָנטערן אין איינעם.

ווען אונדזער זשורנאַל זוכט יידישע עקוויוואַלענטן פֿאַר ענגלישע ווערטער, איז דאָך די כּוונה דערבײַ ניט צו דאַרפֿן אָנקומען צו די ענגלישע ווערטער. ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף פּראָצעס און אויסדרוקן וואָס נעמען זיך פֿון דעם וואָס מען האָט זיי אות־באות איבערגעזעצט פֿון ענגליש, ווייזן מיר גלײַכצײַטיק אָן, ווי אַזוי דער אויסדרוק אָדער די פֿראַזע דאַרפֿן פֿאַרריכט ווערן, אַז זיי זאָלן ווערן עלעמענטן פֿון אַ ריינעם יידיש. די עשירות פֿון ענגליש איז פֿאַר אונדז ניט מער ווי אַ מין אַרויסרוף, און ניט מיר ווילן און ניט מיר האָבן בדעה עפּעס פֿון יידיש צוצופּאַסן איבער גוואַלד צו די אייגנשאַפֿטן פֿון ענגליש. מיר מיינען בלויז אונ־טערצושטרייכן אַז אַלץ וואָס לאָזט זיך אויסדריקן אויף ענגליש — דאַרף מען קענען, דאַרף מען זיך אויסלערנען צו קענען אויסדריקן אויף יידיש.

און פֿאַר וואָס האָבן מיר טאַקע אַזוי פֿיל צו טון מיט ענגלישע ווערטער און מיט איבערזעצונגען פֿון ענגליש? ווײַל כּמעט אַלע אונדזערע לייענערס קענען ענגליש און ניצן צום טייל ענגליש, און ווערן באַווירקט פֿון ענגליש. יעדער צײַטשריפֿט האָט דאָך אין זינען די לייענערס, און מיר, אין דער תּקופֿה פֿון דער וועלט־מלחמה, כּמעט אָפּגעריסן פֿון די אַנדערע יידישע קיבוצים, האָבן געהאַט פֿאַר זיך די פֿרײַנד אין צפֿון־אמעריקע. מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט אַז בלויז געציילטע נומערן דערגייען אַנדערש ווו, און אויב אונדזערע אַרגענטינער פֿרײַנד האָבן פֿאַר זיך דערבײַ שוועריקייטן (אָדער שטויסן זיך אָן אויף אַזוינס וואָס זיי פֿאַרשטייען ניט) איז דאָ זייער טענה זייער אַ פֿאַרשטענדלעכע. אָבער דאָס האָט קיין שײַכות ניט צו עפּעס אַ נײַער און בייזער שפּראַך־פּאָליטיק, צו אַן איינשטעל אַז אונדזער קולטור־לשון דאַרף באַווירקט ווערן פֿון ענגליש.

אַגבֿ האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן מיט אַנאַליזירן איבערזעצונגען אויך פֿון אַנדערע לשונות: פֿון העברעיש, פֿון דייטש און אויך פֿון אוקראַיניש. און דאָס עצם אַנאַליזירן איבערזעצונגען, פֿון וואָסער לשון דאָס זאָל ניט זיין, האָט בלויז צום טייל אַ פֿאַרזיכדיקן ווערט. דער עיקר־מיין איז דערבײַ אויסצולערנען באַ־מערקן שפּראַכיקע באַזונדערקייטן און אָפּצושטעלן זיך אויף ניואַנסן וואָס ס׳רובֿ ווערן זיי פֿאַרזען.

הלוואַי וואָלטן מיר געהאַט מיטאַרבעטערס פֿון די לענדער ווו די שפּראַך איז שפּאַניש, וואָס זיי וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט אויף די שטרויכלשטיינער לגבי שפּאַניש, וואָס וואָלטן אָנגעקליבן די דערפֿאַרונג פֿון די יידיש־לערערס וואָס האָבן צו טון מיט קינדער וואָס זייער סבֿיבֿה־שפּראַך איז שפּאַניש, וואָס וואָלטן גע־שאַפֿן עקוויוואַלענטן פֿון ספּעציפֿיש שפּאַנישע ווערטער און אויסדרוקן אָדער אַפֿילו זיך פֿאַרנומען מיטן אַנאַליזירן געוויסע איבערזעצונגען פֿון שפּאַנישע טעקסטן — ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען אַ געווינס און אַ געפֿינס פֿאַר אַזאַ זשור־נאַל ווי אונדזער יידישע שפּראַך. אַדרבה, פֿרײַנד ש. ראָזשאַנסקי! קיין שום נטיה צו פֿאַרשפּאַנישן יידיש וואָלט אין דעם ניט געווען.

עס איז אויך אַן אומפֿאַרשטענדעניש דאָס צושרייבן אונדז די כּוונה צו שאַפֿן אַ מין בלאָס, אומפּאַרביק לשון פֿון אינטעליגענטן וואָס העלפֿן זיך כּסדר אַרויס בלויז מיט אינטערנאַציאָנאַליזמען. אמת, דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז ניט קיין

שטיק טרפות און גאַנץ אָפט קען מען ניט אויסקומען אָן אים, אפילו ווען מען שטעקט מיטן קאָפּ אין געדיכטעניש פון לאָקאַליזמען. אָבער אויב מען קען יאָ געפינען אַ ריכטונג אין אונדזער זשורנאַל, באַשטייט זי אין זוכן אויסדרוק־מיטלען אין דעם לשון פון תּלמיד־חכם, אין די ווערטער פון די לאָקאַלע ריידע־נישן און אין נייע שאַפונגען, אין נעאָלאָגיזמען. ווען מען מאָנט אָבער, און מיט רעכט, מער מאַטעריאַלן פון לאָקאַלע ריידעניש, דאַרף מען געדענקען, אַז דאָרטן, אין וואַרשע און ווילנע, איז געווען אין לשער גרינגער צו האָבן אָט יענע טייערע מאַטעריאַלן — מען איז געשטאַנען ביים סאַמע קוואַל. דאָ קלייבן מיר צונויף רעשטלעך על־פּי זכרון אָדער נעמען אַרויס פון ווערק פון עלטערע שרייבערס. יעדער צושטייער איז אונדז ליב און טייער, צו מאָל אפילו איין איינציק וואָרט.

זאָל פּ׳ שמואל ראָזשאַנסקי נאָך אַ מאָל אַ בלעטער טאָן די נומערן יידישע שפּראַך, און ער וועט כמעט אין יעדער נומער געפינען יענע לאָקאַלע ווערטער און אויסדרוקן וואָס זיינען אים אַ פּנים זייער אָנגעלייגט. עס טרעפט זיך ניט זעלטן אַז זייער אַ גרויסער טייל פון אַ נומער איז פאַרנומען מיט רשימות פון געוויסע געגנטן, מיט פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן, מיט דעם אַלעם וואָס מען קען שעפּן פון פאָלקס קוואַל. מיר קענען ניט זאָגן אַז מיר זיינען „געווענדט מיטן פּנים צום פּוילישן יידיש״, אָבער מיר פאַרוואַרלאָזן עס נישט, און מיר האָבן אַ שאַרפן אינטערעס צו אַלע יידישן פון אַלע דיאַלעקטן. (אַמעריקאַנער יידיש איז אָגב ניט קיין דיאַלעקט, ווי עס איז ניט קיין דיאַלעקט דער גערעדטער אַרגענטינער יידיש וואָס האָט שוין אין זיך אַ היפּשע צאָל שפּאַנישע ווערטער.)

הכלל, מיר פאַרזיכערן פּ׳ ש. ראָזשאַנסקין אַז עס איז נישטאָ קיין שום „פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין קאָנצעפּציעס, וואָס איז פאַרגעקומען אין דער פאָר־שונג און אין דער געשטאַלטונג פון אונדזער קולטור־לשון״. מיר ווילן העלפן אויספּורעמען די יידישע כלל־שפּראַך, די שפּראַך איבער דיאַלעקטן און פאַר אַלע לענדער, מיר ווילן באַרייכערן יידיש און עס כּסדר רייניקן פון פּסולת, פון זשאַרגאָניזמען. מיר ווילן דאָס זעלביקע וואָס אונדזער אַרגענטינער פריינד. מיר בעטן אים און אַנדערע פריינד פון אַרגענטינע, זיי זאָלן אונדז העלפן אין אָט דער אַרבעט.

*

נפתּלי גראָס האָט אין פּראַלעטאַרישן געדאַנק אָפּגעדרוקט אַ סעריע לאַנגע אַרטיקלען „ווילקלאַנג און וויסנשאַפט״ (נומ׳ 1—6), און דאָך איז דער ענין דאָרטן ניט פאַרענדיקט. אָבער אַזוי ווי עס זעט אויס אַז מער וועט דערווייל ניט זיין פון אָט דעם אַרטיקל, איז ניט איבעריק קלאָר צו מאַכן געוויסע אומ־פאַרשטענדעניש.

איך האָב איצט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט מיין „פאַרגלייך צווישן פיר איבערזעצונגען פון קהלת״ (יידישע שפּראַך, ב׳ IV, נומ׳ 1, זז׳ 1—16) כּדי צו זען, צי האָב איך באַליידיקט פּ׳ גראָסן מיט אַ גראָב וואָרט, מיט ניט קיין איידעלן אויסדרוק, צי האָב איך צו נישט געמאַכט זיין איבערזעצונג. איך מוז זאָגן אַז בלויז אין איין שטעל, ביים אויסדרוק „אַן עבד־כּנעני פון אַ וואָרט־ביי־וואָרט־סיסטעם״, האָט מען זיך אפשר געקענט פילן געטראָפן פון דעם וואָרט עבד־כּנעני (אָבער ניט ווי די כאַראַקטעריסטיק פון אַ מענטשן, נאָר ווי אַן אונטערשטרייכן דאָס געטריי האַלטן זיך ביי דער סיסטעם פון איבערזעצן אות־באות). אויף וויפל איך קען זען האָב איך קיינעם פון די פיר איבערזעצערס ניט נושא פּנים געווען. איז די ערשטע מאָדנעקייט פון פּ׳ גראָסן: פאַר וואָס האָט ער דעם איינדרוק אַז די גאַנצע אַרבעט האָט געהאַט די כּוונה צו פאַרהערלעכן יהואָשעס איבערזעצונג און אַראָפּ־צורייסן זיינע? באמת, איך האָב עס ניט געהאַט אין זינען. אין תּוך איז די אַרבעט

אויפֿגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון פֿאַרנעמען זיך מיט דער שפּראַך פֿון מענדל סאַטאַנאָווער. ווען איך האָב פֿאַר זיך פֿאַרגליכן זײַן איבערזעצונג פֿון קהלת מיט אַנדערע, איז ווי אַ בײַפּראָדוקט אַרויסגעקומען דער פֿאַרגלייך צווישן די פֿיר איבערזעצונגען. און דער לייענער וואָס וועט ניט זוכן קיין פּניות בײַ מיר, וועט זען אַז מער פֿון אַלץ פֿאַרנעם איך זיך דאָרטן מיט דער איבערזעצונג פֿון מענדל סאַטאַנאָווער. עס איז ביז גאָר פּריקרע וואָס פּ׳ גראָס האָט דעם גאַנצן ענין אויפֿגענומען טיף פּערזענלעך. עס איז נאָך פּריקרער, וואָס טאָמער ווערט געזאָגט אַ גוט וואָרט וועגן יהואָשעס איבערזעצונג, נעמט עס פּ׳ גראָס אויך אויף ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג קעגן אים. צי באמת קען נאָר זײַן בײַ אונדז איין איבערזעצער פֿון תנך? און פֿאַר וואָס זאָלן מיר טאַקע ניט האָבן עטלעכע גוטע איבערזעצונגען? פֿאַר וואָס איז ניט מיגלעך אַז אי יהואָש זאָל זײַן גוט אי גראָס זאָל זײַן גוט?

אַ צווייטע אומפֿאַרשטענדעניש: טאָמער ווערט וועגן א פּסוק געזאָגט אַז דאָ ווײַזט זיך אַרויס אַזאַ און אזא טענדענץ פֿון אַן איבערזעצער, הייסט עס ניט, אַז איך האַלט אַז אָט די טענדענץ איז אויף אַלע הונדערט פּראָצענט דורכגעפֿירט אין דער גאָרער אַרבעט פֿון דעם איבערזעצער. דער בעסטער איבערזעצער איז נישט מער ווי אַ מענטש, און ער קען געשטרויכלט ווערן, און ער פֿאַלט טאַקע דורך — און גאָרניט אַזוי זעלטן. איך דערלויב זיך צו זאָגן אז איך האַלט פֿון יהואָשעס איבערזעצונג, אָבער דאָס הייסט ניט אַז איך באַטראַכט זי ווי אַן אידעאַלע אַרבעט, אַ מין הייליקייט וואָס מען טאָר אויף דעם קיין שפּרענקעלע ניט געפֿינען. איך בין זיכער אַז אויב יהואָשן וואָלטן באשערט געווען נאָך יאָרן, וואָלט ער איבערגעאַרבעט זײַן איבערזעצונג און זי פֿאַרפֿולקומט, און עס איז דאָ וואָס פֿולקומער צו מאַכן. דעריבער פֿאַרשטיי איך ניט, פֿאַר וואָס דער רע־לאַטיוו יונגער נפֿתלי גראָס באַטראַכט עס ווי די גרעסטע באַליידיקונג אַז עמעצן געפֿעלט ניט דאָס אָדער יענס וואָרט אין זײַן איבערזעצונג, דער סדר ווערטער אין געוויסע שטעלן און ענלעכס. אַדרבה, זאָל אַנשטאָט רוגזא קומען די באַציִונג פֿון קדושה צו דער אַרבעט, וואָס וועגן איר שרײַבט פּ׳ גראָס אַזוי שיין, און יעמאָלט קען, מחשבותן, געמאָלט זײַן אַז מען זאָל נאָך עפּעס פֿאַרריכטן. און דער ליבער פֿרײַנד גראָס מעג זיך צוהערן צו איטלעכנס רייד, ווי אונדזערע חכמים ראָטן.[1]

און נאָך אַן אומפֿאַרשטענדעניש: דער עיקר פֿאַרנעם איך זיך ניט מיט אָפּשאַצן, נאָר מיט אָנווײַזן אויף געוויסע אייגנשאַפֿטן. שטעלנווײַז זאָג איך בפֿירוש: דאָס געפֿעלט מיר, דאָס געפֿעלט מיר נישט. אָבער אין גרויסן און גאַנצן איז די אַרבעט געבויט אויפֿן אַרויסשטעלן שפּראַכיקע אייגנטימלעכקייטן, למשל: יהואָש שרײַבט ער ווייס, די אַנדערע דרײַ — ער ווייסט, און גאָר. עס הייסט ניט אַז איך באַטראַכט אַז די פֿאָרעם ער ווייס איז חשובער, ריכטיקער, בעסער

1 דער אלגעמיינער אויספֿיר וועגן מיר איז אזא: „די יודל מארקס וועט דאס אפשר ווײַזן אז מען דארף נישט זײַן איבערגעאײַלט און שרײַבן וועגן ענינים וואס זיי הייבן נישט אן צו פֿארשטיין פֿון זיי דעם אלף־בית“, און די גאנצע צײַט רעדט זיך וועגן מײַן „טאפּעלער בוכהאלטעריע“, וועגן דעם אז „מארק ווייסט נעבעך נישט“, אז „דאס האט מארק נעבעך פֿאר־זען“ אאז״וו. „ווו דאָס וויסן הינקט אונטער בײַ מארקן, קומט אים צו הילף זײַן וויסיקייט...“ חוץ דעם אַלעם ווער איך באַשולדיקט אין פֿאלש ציטירן אפילו מענדל סאטאנאווערן. „און וואלט מארק אין זײַן ארבעט געווען ריין פֿון זײַטיקע פּניות, וואלט ער געדארפֿט אנווײַזן אויף דעם...“, „ווי סע ווײַזט אָבער אויס זײַנען די דאזיקע זאכן ווייט פֿון מארקן...“, „האט מארק דאס נישט באמערקט? אָדער האָט ער אפשר געמיינט אז איך ווייס נישט פֿון דעם?“, „זאל מארק לאָזן צו רו דעם ענין סטיל און נישט שיטן דעם לייענער זאמד אין די אויגן. וואָרן פֿון זײַנע רייד איז קלאָר, אז ער אליין ווייסט אז ער ווייסט נישט וואס דאס איז אזוינס“ — און אזוי גייט עס כסדר.

ווי די פּאָרעם ער ווייסט. און אַזוי אין צענדלינגער פֿאַלן. ווען איך ווייז אָן אַז איך פֿאַרשטיי ניט, לְמאַי דער אָדער יענער איבערזעצער האָט געניצט אַזאַ וואָרט אָדער פּאָרעם — פֿאַרשטיי איך ניט, אָבער איך פֿאַרמשפּט ניט דורך דעם דעם איבערזעצער. ווען איך האָב אין איין שטעל געזאָגט אַז יהואָש איז דאָ „היפּערפּינקטלעך" (און דאָס האָט אַ פּנים פֿאַרשאַפט שלאָפלאָזע נעכט דעם פּ' גראָסן און פֿון אים צוגענומען אַ סך ווערטפּולע צייט כּדי צו דערווייזן דאָס פֿאַרקערטע), איז עס אַפילו ניט געווען געמיינט ווי אַ קאָמפּלימענט: מען דאַרף זיין ניט מער ווי פּינקטלעך, ווען מען איז היפּערפּינקטלעך איז גאָרניט אַזוי גוט, וואָרעם וואָס צו איז אומגעזונט. טאָ ווער איז שולדיק, ווען פּ' גראָס איז אַזוי אָנקרייטיק און איטלעך וואָרט וועגן יהואָשן נעמט ער אויף ווי אַ קאָמפּלימענט און יעדער מין ניט מסכּים זיין מיט זיין אופן איבערזעצן באַטראַכט ער ווי אַ בכּיוונדיק פֿאַרמעסטן זיך קעגן אים און זיין איבערזעצן דעם תּנך! הלוואַי זאָל זי פֿאַרענדיקט ווערן, הלוואַי זאָל זי אַרויס, אָבער ביז וואָס ווען — אל יתהלל חוגר כמפתח.[2]

און דאָס איז שוין ניט קיין ענין מיט אַן אומפֿאַרשטענדעניש, נאָר אַ פֿראַגע פֿון מאָראַל. צי דער וואָס פּראָקלאַמירט זיך אַזוי אָפֿן אַז ער איז אַן עבד ה' מעג שיטן פֿעך און שוועבל אויף אַ נפֿטר? מען מעג געפֿינען ביי יהואָשן ניט־אויסגעהאַלטנקייטן, מען מעג האָבן אַלע טענות צום סטיל, צום טאָן, צו וואָס איר ווילט. אָבער צי מעג מען זיך אַ זאָג טון, אַז יהואָש האָט בכּלל אי־בערגעזעצט ניט פֿון העברעישן אָריגינאַל, נאָר פֿון ענגלישע און דייטשע איבער־זעצונגען?[3] און צי מעג מען אַזאַ מין אַרויסזאָג איבערזאָגן אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען?

איך מיין אַז יהואָש נייטיקט זיך ניט אין מיין פֿאַרטיידיקונג. דער אָנפֿאַל אויף אים איז שוין צו שרייַיק[4] אַז ער זאָל קענען ווירקן. עס קען אָבער זיך

---

[2] יהואָש פֿאַרטייטשט עס מיט אַ סך מער ווערטער: זאָל דער וואָס גורט זיך ערשט אָן זיך ניט רימען ווי דער וואָס בינד זיך שוין אָפּ. דאָ איז אויך פֿאַראַן זיין גאַנג איבערצוגעבן גענוי דעם זינען פֿון פּסוק און אויסצודריקן זיך עמפּאַטיש.

[3] פּ' גראָס זאָגט: „ער האָט אַלע מאָל גענומען פֿון גרייטן, דאָס הייסט פּשוט פֿון אַן אַנדער איבערזעצונג. און מייסנטנס איז ער געשטרויכלט געוואָרן דייקע מיט אַזעלכע טייטשן און אויסדרוקן, וואָס גיבן דער איבערזעצונג נישט צו קיין געזונט און קיין חן. און זייער צאָל איז אַזוי גרויס, אַז זיי ווערן דער וחסרון לא יוכל להמנות..."; „ער איז אָפּט נאָכגע־גאַנגען נאָך דעם דייטשן זאַצבוי און אָפּט — נאָך דעם ענגלישן זאַצבוי... נאָר פֿאַרגלייכט אויך יהואָשעס אַנדערע פֿערזן פֿון דעם פּסוק מיט די ענגלישע פֿערזן אין דער איבערזעצונג פֿון 'דזשויש פּובליקיישאָן סאָסייַעטי' און איר וועט גלייַך זען אַז ער האָט איבערגעזעצט פֿון ענגליש..."; און דאָ איז דער אַלגעמיינער פּרינציפּ: וואָרן יהואָש האָט זיין איבערזעצונג געמאַכט פֿון ענגליש און פֿון דייַטש און נישט פֿון אָריגינאַל.

[4] מיר טרעפֿן אַזעלכע אַרויסזאָגונגען: „יהואָש האָט פֿאַרגעסן פֿון איין פּסוק צום צווייטן ווי איבערצוזעצן איין און דאָס זעלביקע וואָרט"; „ער האָט געשטרויכלט און געגרייַזט וואָרט נאָך וואָרט אין דעם איינפּאַכסטן פּערז"; „יהואָש האָט געגרייַזט אויף טריט און שריט"; „יהואָש... האָט געמערט און געמינערט. אויסער דעם האָט ער געגרייַזט אין לשון, אין פּשט, אין ריטעם, און האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין איינהייטלעכע גאַנצקייט..."; „דאָך איז אין זיין איבערזעצונג נישטאָ קיין סטיל. זי איז סטיללאָז. אַ זשאַרגאָן. דאָס איז איר גרעסטער חסרון..."; „איך רעד שוין נישט פֿון דעם וואָס ביי יהואָשן איז נישטאָ קיין זכר פֿון דערהויבנקייט, פֿון דעם שווונק און ריטעם וואָס אַזאַ פּערז האָט אין אָריגינאַל"; „דאָרט ווו מ'דאַרף נישט ענדערן די ווערטער, ענדערט יהואָש גראָדע יאָ, און ווו מ'דאַרף יאָ ענדערן די ווערטער, ענדערט ער גראָדע נישט"; „יהואָשעס איבערזעצונג איז פּונקט דער היפּוך פֿון אָפּגעהיטקייט און אויסגעהאַלטנקייט"; „ער האָט נישט געטראַכט, צי דאָס איז יאָ אָדער נישט אין גייסט פֿון אונדזער לשון"; „יהואָשעס איבערזעצונג איז ניט נאָר אומפּינקטלעך אין דעם אויסדרוק פֿון וואָרט, זי איז אויך פֿול מיט גרייַזן. איר פֿעלט אויסגעהאַלטנקייט, טאָן און פֿאָרעם... ער האָט אָפּט איבערגעזעצט פּונקט פֿאַרקערט ווי דאָס וואָס דער פּסוק זאָגט" אאַז"וו.

באַקומען דער אײַנדרוק בײַ אַ טייל לייענערס פֿון די אַרטיקלען אַז נאָר יהואָש איז פֿול מיט ניט־אויסגעהאַלטנקייטן, װאָרעם געװיסע ניט־אויסגעהאַלטנקייטן זײַנען פֿאַראַן בײַ אים, װי בײַ אַלע איבערזעצערס, װי בײַ אַלע שרײַבערס. מען קען עס ניט מאַכן אַזוי פּשוט װי פּ׳ גראָס טוט עס: עס איז ניט גענוג אָנצוװײַזן למשל אַז דאָ װערט דאָס װאָרט פּנים איבערגעזעצט אַזוי און אָט דאָ אַנדערש און אַז״װ — מען דאַרף יעדער שטעל אַנאַליזירן באַזונדער און פּרוּװן אויסגעפֿינען די מאָטיװן װאָס האָבן געשטויסן צו די װאַריאַציעס. אָבער באמת פֿאַרשטיי איך ניט, װאָס פּ׳ גראָס געװינט פֿון דעם װאָס ער גיט אָפּ אַזוי פֿיל צײַט צונויפֿצוקלײַבן יהואָשעס לאַפּסוסן און ניט־קאָנסעקװענטקייטן? מען דאַרף כּלל ניט מיינען אַז בלויז יהואָש האָט אַ מאָנאָפּאָל אויף אָפּװײַכונגען בײַם איבערגעבן אין פֿאַרשיידענע שטעלן דאָס זעלביקע װאָרט אָדער דעם זעלביקן אויסדרוק.[5] אָבער יהואָש האָט דאָך אַ שיטה, אַ גאַנג, זײַן דרך המלך, און טאָמער פֿאַרקערעװעט ער זיך אויף אַ זײַטיק שטעגל אויף אַ רגעלע, כאַפּט ער זיך צוריק אַרויף אויף זײַן שליאַך. ניט געקוקט אויף אַלע פֿאָרמולירונגען און גוטע כּװנות װאָס מיר טרעפֿן בײַ פּ׳ נפֿתּלי גראָסן, בלײַבט ניט קלאָר זײַן שיטה.

ניט געקוקט אויף אַלע זלזולים מצד נפֿתּלי גראָס, דערלויב איך זיך צו זאָגן אַז זײַן איבערזעצונג פֿון די פֿינף מגילות איז אין אַלגעמיין אַ גוט און נוציק בוך. דאָס אומגליק איז גראָד װאָס דאָס שװאַכסטע איז די איבערזעצונג פֿון קהלת. װען עס װאָלט אויסגעקומען צו פֿאַרגלײַכן פּסוקים פֿון רות אָדער פֿון איכה װאָלט ער אַרויסגעקומען אין אַן אַנדער ליכט. אָבער מסתּמא װאָלט דאָס אויך װייניק געהאָלפֿן, װײַל מײַן פֿרײַנד פֿעלט דאָס רויקע געמיט אויפֿצונעמען אָפּשאַצונגען אַזוי װי זיי זײַנען. אין שיר השירים האָט ער זייער געראָטן, מיט אַ פֿײַנער אַליטעראַציע, פֿאַרטײַטשט דעם קשה כּשאול קנאה — גרויזאַם װי די גרוב איז קנאה. דאָס געפֿיל צו די װאָס האָבן געטאָן אונדזער אַרבעט פֿאַר אונדז דאַרף זײַן — דרך־ארץ און פֿאַרמעסט: דו האָסט געמאַכט גוט, איך װעל מאַכן נאָך בעסער. פּ׳ גראָס װאָלט זיך דערשלאָגן צו מער אָנערקענונג, אויב ער װאָלט זיך אויסגעלערנט צו באַציִען זיך מיט מער אָביעקטיװקייט צו יהואָשעס אַרבעט.[6]

---

[5] עס איז גרינג װי אַרויסציִען אַ האָר פֿון מילך אָנצוװײַזן אויף כּסדרדיקע ניט־אויסגעהאַלטנקייטן אויפֿן קלײנעם שטח פֿון די פֿינף מגילות אין דער איבערזעצונג פֿון פּ. נ. גראָס. אַ פּאָר בײַשפּילן: אין איכה (א, 9) איז פֿאַראַן דער אויסדרוק אין מנחם לה, װערט ער פֿאַרטײַטשט: זי האָט נישט קיין טרייסטער. דער זעלביקער אויסדרוק אין זעלביקן קאַפּיטל, נאָר אַ פּאָר פּסוקים װײַטער (א, 17) װערט פֿאַרטײַטשט: נישטאָ קיין טרייסטער פֿאַר איר; אין שיר השירים פֿאַרטײַטשט גראָס דודי לי ואני לו — איין מאָל: מײַן געליבטער איז מײַנער און איך געהער אים (ב, 16) און אני לדודי ודודי לי אין אַן אַנדער שטעל: איך בין מײַן געליבטנס און מײַן געליבטער איז מײַנער (ו, 3) — אויף צװיי פֿאַרשיידענע אופֿנים. אויך מיטן ענין סינאָנימען גייט עס ניט אַזוי גלאַט. פֿון איין זײַט װערן באַזונדערע סינאָנימען אין העברעיִש איבערגעגעבן אויף ייִדיש דורך דעם זעלביקן װאָרט, און פֿון דער צװייטער זײַט װערט דאָס זעלביקע װאָרט פֿאַרשיידן איבערגעזעצט אין פֿאַרשיידענע שטעלן: מגדים — קעסטלעכע און טײַערע; פּרחה הגפן — געשפּראָצט דער װײַנשטאָק און געקנעספּלט דער װײַנשטאָק; אילים — הירשן און אינדן; רחוב — גאַס און פּלאַץ; ידעתּי — איך װייס און איך פֿאַרשטיי (אַפֿילו װען איין פּסוק איז אַזוי נאָענט צום צװייטן װי אין קאַפּיטל ג פֿון קהלת, די פּסוקים יב און יד); כּשרון — געװינס און געניטקייט און אַ סך, אַ סך אַנדערע. דאָס זײַנען אַלץ שרעקלעכע חטאים װען מען געפֿינט זיי בײַ יהואָשן. פֿאַר װאָס זשע נישט געדענקען: קשט, עצמך ואחרי כן קשט אחרים?

[6] באַראַכאָװס אַ פֿערזענלעכער פֿרײַנד איז געקומען מיט אַזאַ שאלה: אויב מען װיל יהואָשן מאַכן כּפּרה־דאַרעאַ און דערבײַ פֿאַרשיטן נאָך יודל מאַרקן, װאָס איז בער באָראָכאָװ ע״ה שולדיק אין דעם? װאָס קומט עס אים, אַז אַזאַ מין אַרבעט זאָל מען גראָד אים „װידמען“?

# שאלות און תשובות

169. וואָס איז דאס פאר א וואָרט „צעדרונגען”? איך האב דאס ווארט געטראָפן אין א יידישער צייטונג. איז עס אפשר א דרוק־פעלער?

דאָס משונהדיקע וואָרט „צערונגען” איז פאַראַן אין גערעדטן אַמעריקאַנער יידיש וואָס האָט אַרייַנגענומען אַ סך ווערטער פון ענגליש. פון to ring איז געוואָרן „רינגען”, און פון „רינגען” איז געוואָרן „גערונגען”, ווי פון קלינגען — געקלונגען. און ווי באַלד עס איז פאַראַן „גערונגען” קען אויך זיין „צערונגען”, לאָמיר זאָגן אין אזא היגן זאַץ: „איך האָב צערונגען די בעל און קיינער האָט ניט געעפנט”. פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ וואָרט דאַרף ניט זיין אין דעם אָפּגעהיטן לשון.

170. איך טרעף ביידע פאָרמען ווי די מער־צאָל פון מעשה: מעשׂיות (מיט א יוד) און מעשׂות (אָן א יוד). וואסער פארעם איז די ריכטיקע?

די „ריכטיקע”, ד״ה די פאַרשפּרייטערע, די מער איינגעפונדעוועטע, די מער טראַדיציאָנעלע פאָרעם איז — מעשׂיות (מיט אַ יוד). אין די אויסגאַבעס פון ייווא שרייבן מיר מעשׂיות.

171. איז עס א ריכטיק ווארט — „א פונ־אויבנאויפיקער”?

דאָס וואָרט איז ריכטיק בלויז אין דעם זינען, אַז על־פּי די כּללים פון וואָרטשאַפונג לאָזט זיך צונויפשטעלן אזאַ וואָרט. אָבער דאָס פּראַקטיש־ריכטיקע און דאָס געניצטע איז קירצער: אָן אויבנאויפיקער (אָן דעם פון).

172. איך האב געטראָפן דאס ווארט „אויס־שטייענד” פאר outstanding. איך פארשטיי אז דאס איז אן אומבאהאלפענע איבערזעצונג פון ענגליש און אז דאָס וואָרט טויג ניט. איך ווייס אָבער ניט, ווי עס צו זאָגן בעסער.

outstanding קען מען איבערזעצן: ערשטראַנגיק, זיך אַרויסהייבנדיק, בולט א״אַ, אָבער בשום אופן ניט „אויס־שטייענד”, וואָס מען קען עס ניט פאַרשטיין, סיידן מען דערמאָנט זיך דאָס ענגלישע וואָרט.

173. צי וואלט איר רעקאָמענדירט דאָס ווארט עסענציעל פאר essential. דאָס וואָרט עסענץ איז דאָך יאָ פאַראַן אין יידיש, טאָ פאר וואָס ניט אויך עסענציעל?

איר האָט געפילט אַז מיר וועלן זיין קעגן דעם וואָרט „עסענציעל”, ווייל איר האָט לכתחילה געפּרוּווט עס פאַרטיידיקן. מיר זיינען קעגן דעם וואָרט פּשוט איבער דעם טעם וואָס מיר זעען ניט איין אַז מען זאָל עס באַדאַרפן, ווען עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל סינאָנימען: עיקרדיק, תוכיק, בעצמדיק, וויכטיק, תמציתדיק א״אַ.

(די פראַגעס 169—173 האָט צוגעשיקט פ. מינאָוויץ, ניו־יאָרק).

174. וואס איז ריכטיקער צו שרייבן: מקח אדער פרייז?

ביידע ווערטער זיינען גוטע ווערטער אין יידיש, און עס קען ניט זיין די פראַגע וועגן „ריכטיקער”. הגם זיי זיינען סינאָנימען, האָבן זיי דאָך ניט אַבסאָלוט דעם זעלביקן באַטייט. מקח איז קאָנקרעטער, פרייז קען מען ניצן אויך אַבסטראַקט. למשל: מען פאַרלאַנגט פאַר פלייש אַ טייערן מקח און פאַרן געווינען די מלחמה האָט מען באַצאָלט א טייערן פּרייַז.

(די פראַגע 174 האָט צוגעשיקט ש. הורוויץ, ברוקלין)

רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע: מ. וויינרייך, יודאַ אַ. יאָפע, יודל מאַרק, ש. ניגער.
רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

עס איז נאָר וואָס אַרויס פֿון דרוק

# אָפּענע קורסן

## אין דער אַספּיראַנטור פֿון ייִוואָ 1946/1945

גענויע פּראָגראַם פֿון די קורסן אין דער אַספּיראַנטור פֿון ייִוואָ וואָס הייבן זיך אָן דעם 8טן אָקטאָבער 1945 ביז דעם 14טן יוני 1946.

סעריע „אָרגאַניזאַציע פֿון דער ייִדישער וויסנשאַפֿט“, נומ׳ 33.

32 זײַטן, ייִדיש און ענגליש.

פֿאַראינטערעסירטע קאָנען זיך ווענדן צום אינסטיטוט, וועלן זיי באַקומען די פּראָגראַם פֿרײַ צוגעשיקט.

YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE
535 West 123rd Street
New York 27, N. Y.

---

דאָס אחריות פֿאַר די וויסנשאַפֿטלעכע שטאַנדפּונקטן וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין די אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ טראָגן די מחברים גופֿא

---

# YIDISHE SHPRAH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)

A Bi-Monthly
Devoted to the
**PROBLEMS OF STANDARD YIDDISH**
Published by the
Section of Linguistics,
Yiddish Scientific
Institute



**TABLE OF CONTENTS**



**March-April, 1945**

**Printed in U. S. A.**

**Vol. V, No. 2**

# ייִדישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
ייִדישער כּלל־שפּראַך

אַרויסגעגעבן
איין מאָל אין צוויי חדשים
פֿון דער פֿילאָלאָגישער סעקציע
פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן
אינסטיטוט



## אינהאַלט:




באַנד V, נומ׳ 3
מײַ־יוני, 1945

# „ייִוואָ־בלעטער"

ב' XXVI, נומ' 1 (סעפּטעמבער־אָקטאָבער, 1945)

## אינהאַלט:

### אַרטיקלען:



### רעפעראַטן און רעצענזיעס:



### מאַטעריאַלן און נאָטיצן:



---

דאָס אחריות פאַר די וויסנשאַפטלעכע שטאַנדפּונקטן וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין די אויסגאַבעס פון ייִוואָ טראָגן די מחברים גופא

---

# אַ פּעקל פּרימיטיווע גרײַזן

## פון יודל מאַרק

ניט איין מאָל האָבן לייענערס זיך געווענדט צו אונדז מיט דער טענה: איר פאַרנעמט זיך אָפּט מיט פאַרשיידענע גראַמאַטישע און סטיליסטישע ענינים כּדי אַרויסצוהייבן דאָס וואָס ס'איז קאָרעקט און ריכטיק אין דעם שפּראַכבאַנוץ, אָבער איר שטעלט זיך צו ווינציק אָפּ אויף די גראָבע גרײַזן וואָס מיר טרעפן טאָג־איין טאָג־אויס אין די צײַטונגען וואָס מיר לייענען. און ווען איר האָט אײַנגעפירט אַן אָפּטייל „עס טויג ניט אַזוי" — געפינען מיר דאָרטן ווידער אַ מאָל, אַז איר שטעלט זיך אָפּ אויף גרײַזן וואָס זײַנען ניט אַזוי אויבן אויף און איר לאָזט ווידער דורך די גאָר מיאוסע דורכפאַלן, ווײַל איר נעמט אָן אַז עס איז איבעריק זיך צו פאַרנעמען מיט זיי. אָבער איז עס דען איבעריק? צי איז דען ניט נייטיק כאָטש פון צײַט צו צײַט זיך אָפּצושטעלן אויך אויף פּרימיטיווערע ענינים און צו טײַטלען מיטן פינגער אויף די חטאים קעגן יידישער גראַמאַטיק, וואָס דער לייענער באַגעגנט זיי עד־היום אַזוי אָפט, אַז קעגן זײַן ווילן געוווינט ער זיך צו צו זיי?

רעכענען מיר אַז לכל הפּחות אַ טייל לייענערס וועלן זײַן צופרידן וואָס מיר נעמען דאָ ווײַטער צונויף אַ קליין פּעקל פּרימיטיווע גרײַזן, וואָס אויף זיי איז כּמעט ניט אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן, אָבער וואָס מען קען זיי נאָך רק באַגעגענען אין אונדזער פּרעסע. מיר שטרײַכן אונטער דאָס פאַלשע, כּדי דאָס ריכטיקע זאָל קריגן מער כּוחות אַרויסצושטויסן דאָס אומריכטיקע.

מיר גיבן דערווײַל אַ קליין פּעקל, צונויפגענומען פון פאַרשיידענע געביטן. די גרײַזן זײַנען מכּל המינים. זיי האָבן אָבער איין שותּפישן שטריך: עס איז זייער שווער זיך אײַנצושטעלן פאַר זיי, וואָרעם דאָס זײַנען אַלץ שרײַיקע פאַלן פון ניט רעכענען זיך מיט דער יידישער מאָרפאָלאָגיע צי מיטן יידישן סינטאַקס אָדער פאַלן פון ניצן בפּירושע באַרבאַריזמען. מיר גיבן בכּיוון דעם אייגנאַרטיקן בוקעט געמישטערהייט, ווײַל איטלעך בלימל האָט דאָ במילא אַן אַנדער ריח. אָבער קיין איינס האָט דאָ ניט קיין יידישן ריח.

מיר הייבן אָן פון דעם גרײַז, מיר פאַרריכטן אים און קומען צו אַ געוויסן כּלל אין גראַמאַטיק אָדער צו אַן אויספּיר בנוגע אַ פּרט.

א) „טויזנדע" אָדער „טויזנטע". מען באַגעגנט נאָך אַפילו אַזוינס! ווי עס טרעפן זיך אויך: „הונדערטע" און „צענדליקע". אמת, מען זעט שוין אַ סך זעלטענער „פעלע" „אײַנדריקע" א"אַ. עס מוז זײַן: טויזנטער, פּונקט ווי עס מוז

זײַן: הונדערטער, צענדלינגער (און אפשר אויך: צענדליקער), פּונקט ווי עס מוז זײַן: פֿאַלן, אײַנדרוקן א״אַ.

עס איז פֿאַראַן אַ גרונט־כּלל: די מערצאָל פֿון אַ זאַכוואָרט, פֿון אַ סובסטאַנטיוו, קען זיך אין יידיש ניט ענדיקן אויף אַן ע. דאָס זאַכוואָרט אין יידיש האָט גראָד א גאַנץ פּעקל פֿארשיידענע ענדונגען פֿאַר דער מערצאָל, אָבער צווישן אָט די ענדונגען איז ניטאָ קיין ־ע. עס איז ניטאָ קיין איין סובסטאַנטיוו וואָס זאָל קענען האָבן אין מערצאָל די ענדונג ־ע. אָט די ענדונג פֿון מערצאָל איז א כאַראַקטעריסטישער סימן פֿאַרן אַדיעקטיוו.

איך גיב דאָ דעם גרונט־כּלל, ווײַל אַזעלכע ווערטער ווי טויזנט, הונדערט, צענדלינג (אדער צענדליק) דאַרף מען באַטראַכטן אין יידיש ווי סובסטאַנטיוון. אָבער ווי מען זאָל די ווערטער ניט באַטראַכטן, קען מען ניט פֿאַרטיידיקן דעם גרײַז „טויזנטע״ און ס׳איז כּ׳לעבן שוין געקומען די צײַט אַז ער זאָל פֿאַרשווינדן ווערן.

ב) „פֿליכטלינגע״ — דאָ האָבן מיר אַ דעם גרײַז פֿון דער פֿאַלשער מערצאָל־ענדונג, אַ דאָס ביז גאָר אומגעלומפּערטע דײַטשמערישע וואָרט „פֿליכטלינג״. דער באַגריף איז געוואָרן פּאָפּולער נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און די וואָס האָבן געמוזט אויף גיך אַנטלויפֿן פֿון זייערע היימען, אָדער זײַנען ארויסגעשיקט געוואָרן, האָט מען יעמאָלט גערופֿן אָדער „בעזשענצעס״, אָדער פּליטים. מען קען גיכער פֿאַרטיידיקן דאָס וואָרט „בעזשענצעס״ אײדער אַזאַ וואָרט ווי „פֿליכטלינגען״ (מיר האָבן דאָ פֿאַרריכט די ענדונג, ווי מען טוט דאָס אויך צום טייל אין די צײַטונגען), וואָרעם דאָס ערשטע וואָרט איז כאָטש געווען פֿארשפּרייט אַ געוויסע צײַט בײַ אַ געוויסן קרײַז, אָבער דאָס צווייטע וואָרט האָט שטענדיק געהאַט ניט מער ווי אַ פּאַפּירענע עקסיסטענץ. דאָס וואָרט פּליט (פּאָליט) און די מערצאָל פּליטים (פּלייטים) זײַנען ניט אויסגעטראַכט געוואָרן, מען האָט זיי ווייט און ברייט גענוצט זינט 1914—1915. טאָ פֿאַר וואָס זאָל מען זיך שרעקן פֿאַר אָט דעם וואָרט וואָס איז אײַנבאַטײַטיק, איז גרינג אַרויסצורײדן און איז נאַטירלעך אויפֿגעקומען צווישן ברייטע קרײַזן?

דאָס וואָרט פֿליכט מיטן באַטייט: חוב, חיוב — קען אַרויסרופֿן טענות מצד אַ פּוריסט וואָס וויל בכלל אויסמיידן אַלע מעגלעכע דײַטשמעריזמען, עס קען אָבער פֿאַרטיידיקט ווערן. אָבער וואָסער מין פֿאַרטיידיקונג קען מען האָבן פֿאַרן וואָרט „פֿליכט״ מיטן באַטייט: דאָס אַנטלויפֿן?

ג) „מײַן גוטעס קינד״, „ליבעס קינד״ א״אַ פֿון דעם שניט מיט דער ענדונג ־עס אין אַדיעקטיוון פֿון דעם נייטראַלן מין; עס דאַרף זײַן: מײַן גוט קינד, ליב קינד אאז״וו. אזאַ ענדונג ־עס אין אַדיעקטיוון איז אין יידיש בכלל ניטאָ. עס קען זײַן ־ס, ווען דער אַדיעקטיוו קומט **נאָך** דעם סובסטאַנטיוו: א קינד א גוטס, א קינד א טײַערס א״אַ. ווען דער אַדיעקטיוו קומט **פֿאַר** דעם סובסטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין און עס איז דערבײַ פֿאַראַן דער אומבאַשטימטער אַרטיקל א, אָדער גאָרניט קיין אַרטיקל, אָדער אַ פּאָסעסיווער פּראָנאָם (מײַן, דײַן, זײַן אאַז״וו) — האָט דער אַדיעקטיוו קיין שום ענדונג ניט, עס קומט זײַן בלויזער שטאַם.

די ייִדישע פּאָעזיע האָט מיט יאָרן צוריק אָפּט געזינדיקט קעגן דעם אָנגעגעבענעם כּלל און אַפֿילו גרויסע ייִדישע פּאָעטן האָבן זיך פֿאַרגונען צו שרײַבן: „אָ, גוטעס קינד“. „מײַן ליבעס קינד“ און ענלעכס. דער איבעריקער טראָף אין מיטן האָט זיי געדינט גרינגער אויסצופֿורעמען אַ ריטמישע שורה. מאָדערנע ייִדישע פּאָעטן מײַדן אויס אַזעלכע זיסלעך־סענטימענטאַלע אויסדרוקן און בדרך כּלל האָבן זיי מער דרך־ארץ פֿאַר דער ייִדישער גראַמאַטיק. אָבער ווי גרויס אַ פּאָעט זאָל ניט זײַן און ווי האַנטיק עס זאָל אים ניט זײַן די ענ־דונג ־עס אין אַן אַדיעקטיוו — טאָר קיינער ניט עובֿר זײַן אַ קלאָרן און אומאָפּפֿרעגלעכן כּלל פֿון דער גראַמאַטיק.

ד) „אַ ל ץ ייִ ד י ש ע ס“, „אַלץ קריסטלעכעס“, „אַלץ אַמעריקאַנישעס“ און אַזוי — דער גרײַז האָט אַ נאָענטע שײַכות צום פֿריערדיקן, אָבער איז ניט אין גאַנצן גלײַך צום פֿריערדיקן, ווײַל דאָ טויגן ניט בײדע ווערטער. עס איז פֿאַלש דאָס ניצן אַלץ אין ד ע ר פֿאַרבינדונג, און עס איז זייער שלעכט די ענ־דונג ־עס אין אַן אַדיעקטיוו וואָס ווערט דאָ געניצט ווי אַ סובסטאַנטיוו פֿאַר אַ ברייטן אַבסטראַקטן באַגריף. אויף ייִדיש קען מען זאָגן: אַל דאָס ייִדישע, אַל דאָס קריסטלעכע, אַל דאָס אַמעריקאַנישע, און פֿאַרשטייט זיך אויך: אַלץ וואָס איז ייִדיש, אַלץ וואָס איז קריסטלעך און אַזוי. דער צווייטער נוסח איז אַ פּראַ־פּראַסטישער, אַנשטאָט אַ סובסטאַנטיוו קומט אַ גאַנצע פֿראַזע, און עס באַקומט זיך אַ ביסל אַן אַנדער ניואַנס.

עס איז אויך אַ גרײַז: „עפּעס קאָנקרעטעס“, „עפּעס קריסטלעכעס“ און אַזוי. עס דאַרף זײַן: עפּעס קאָנקרעטס, עפּעס קריסטלעכס, און אַפֿילו — עפּעס ייִדישס, עפּעס אַמעריקאַנישס. אויב מען וויל ניט ניצן אַזעלכע פֿאָרמען, קען מען זיי פּאַראַפֿראַזירן: עפּעס וואָס איז ייִדיש און אַזוי.

ה) „געשריבן ב יי. . .“ „געמאָלן ב יי. . .“ און אַ ענלעכע קאָנסטרוקציעס מיט דער פּרעפּאָזיציע בײַ קען מען טרעפֿן אַפֿילו אין אַרטיקלען פֿון זשורנאַ־ליסטן וואָס האָבן אַ נאָמען און שרײַבן שוין צענדליקער יאָרן ייִדיש. פֿאַרשטייט זיך אַז דער בײַ איז דאָ אַ גרײַז וואָס מען קען אים שוין בשום אופֿן ניט סובֿל זײַן. דאָס איז אַ בלינד נאָכמאַכן דעם ענגלישן מוסטער און פֿאַרטײַטשן דעם ענגלישן by מיט דער ייִדישער פּרעפּאָזיציע „בײַ“. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ייִדיש איז די קאָנסטרוקציע מיט בײַ אַזוי מאָדנע ווילד, אַז עס קומט אויף די פֿראַגע: צי טראַכטן אָט די זשורנאַליסטן אויף ענגליש, בעת זיי שרײַבן אַ ייִדישן אַרטיקל?

אויף ייִדיש מוז דאָ קומען די פּרעפּאָזיציע פֿון, למשל: געשריבן פֿון אַ יונגן אַמעריקאַנער, געמאָלן פֿון אַ באַרימטן מאָלער.

ו) „שאַפֿנד“, „ברויזנד“, „דערהייבנדע מינוטן“, „שמאַכטנדע ברידער“ און אַנדערע אויסדרוקן ווו מיר באַגעגענען ווערטער מיט אַ סופֿיקס ־נד (געשריבן געווײנטלעך ־ענד). אַזעלכע פֿאָרמען זײַנען אין ייִדיש ניטאָ. קעגן אָט דעם טיפּ גרײַז פֿירט מען שוין אַ מלחמה צענדליקער יאָרן, און דאָך איז אויך אָט דער מין גרײַז דערווײַל ניט אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון אונדזער פּרעסע. שוין באמת צײַט פּטור צו ווערן פֿון: „ברויזנדן אויסדרוק“, „שאַפֿנדע כּוחות“, און אַפֿילו פֿון אַ „לויכטנדן גליק“.

אויף יידיש קען דער פּאַרטיציפּ וואָס ווײַזט אויף גלײַכצײַטיקייט (דער ערשטער פּאַרטיציפּ, ווי מען קען אים אפשר אָנרופן) האָבן בלויז די ענדונג ־נדיק אָדער ־ענדיק.[1] בכן דאַרף זײַן: שאפּנדיקע כּוחות, דערהייבנדיקע מינוטן, שמאַכטנדיקע ברידער, לויכטנדיק גליק, ברויזנדיקער אויסדרוק אאַז״וו.

זייער א חשובע יידישע צײַטונג שטעלט ארויס ווי איר ציל און איר לאָזונג אז זי „ערמוטיקט אלע שאפנדע כּוחות אין יידישן לעבן". פארשטייט זיך אז עס דאַרף זײַן ניט שאפנד, נאר שאפנדיק; אבער אין דעם פאל איז בכלל ניט פּאסיק דער ערשטער פּארטיציפּ און עס דאַרף קומען פון דעם זעלביקן שורש אן אדיעקטיוו — שעפערישע כּוחות. אגבֿ אורחא איז דערמוטיקט דאָך בעסער ווי ערמוטיקט. הגם טראַדיציע איז זייער אַ שיינע זאַך, מעג מען דאָך אַ ביסל פאררירכטן די פאָרמולירונג פון דעם פּרינציפּ: דערמוטיקט אַלע שעפערישע כּוחות אין יידישן לעבן.

ז) „האָט ער געזאָגט די פּ אָ ל ג נ ד י ק ע ווערטער", „אין די פאָלגנדיקע פאַלן", „אין די פאָלגנדיקע שורות" אאַז״וו — דאָ האָט מען דאָס „פאָלגנדע" פאַרביטן מיט „פאָלגנדיקע" און מען מיינט אַז מען היט אָפּ די ריינקייט פון יידיש.

אין דער אמתן איז דאָ שלעכט דאָס גאַנצע וואָרט. פאָלגן הייסט אויף יידיש: געהאָרכן, טון וואָס מען הייסט; עס קען אָבער ניט באַטײַטן: נאָכגיין, צי גיין ווײַטער, צי קומען ווײַטער. די מאַמע הייסט און דאָס קינד פאָלגט — איז אויף יידיש; די מיידל גייט און דער בחור „פאָלגט" איר נאָך — איז אויף אַ זשאַרגאָן, אויף אַ געמיש פון יידיש און דײַטש.

דער פּשוטסטער אופן צו פאַרבײַטן „פאָלגנד" צי „פאָלגנדיק" מיט אַ יידיש וואָרט איז צו ניצן דעם אדיעקטיוו ווײַטערדיק, למשל: אין די ווײַטערדיקע שורות, די ווײַטערדיקע פאַלן, די ווײַטערדיקע ווערטער א״אַ. מען קען אָבער אויך אויסקומען אין אַ סך פאַלן מיט: אָט די, אָט וואָסערע, אָט וועלכע, די (אקצענטירט).

ח) „פּ י ל ע מענטשן", „פילע זאַכן" און אויך „פילע פרעגן". עס איז ניטאָ אויף יידיש קיין „פילע". דאָס וואָרט פיל איז ניט קיין אדיעקטיוו און קען ניט קומען מיט קיין שום ענדונג פון אַדיעקטיוו; עס איז אן אַדוועדב וואָס האָט ניט קיין ענדונג. אין די אַלע פאַלן דאַרף מען זאָגן: א סך — א סך זאכן,

[1] די פאָרעם אויף ־ענדיק האָט ניט קיין קורצן און פּאסיקן נאָמען. דאָס איז דער אקטיווער פּארטיציפּ פון דער איצטיקער צײַט. אָבער די פאָרעם האָט אויך דעם באַטײַט פון גלײַכצײַטיקייט. כּדי די פאָרעם אָפּצושיידן מיט א קלאָרן נאָמען פון דעם פּארטיציפּ וואָס האָט געווײַנטלעך דעם פּאָרטראַף גע־ און ענדיקט זיך אויף ־ט אָדער ־ן (־ען) — למשל: געזאָגט, געטראָגן, געגאַנגען — איז מעגלעך אָנצורופן די פּאָרעם אויף ־ענדיק ע ר ש ט ע ר פּ א ר ־ ט י צ י פּ און אויף ־ט צי ־ן (־ען) צ ווײ ט ע ר פּ א ר ט י צ י פּ. אזעלכע נעמען זײַנען אפשר צו לאנג. דעריבער זוכט מען אנדערע. גראַמאַטיקערס אין סאָוועטן־פּאַרבאַנד האָבן אָט די פאָרעם אָנגערופן ג ע ר ו נ ד י ו ם, הגם דאָס איז פאַרשטייט זיך ניט דאס אייגענע וואָס גערונדיום אין דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק. עס וואָלט אפשר געווען גלײַכער די פאָרעם צו רופן ג ע ר ו נ ד י ו, הגם דאָס פאַלט אויך ניט צונויף מיט דעם טערמין פון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק, אָבער דערפאַר איז גערונדיוו כאָטש אדיעקטיוויש, בעת גערונדיום איז סובסטאַנטיוויש. און אין יידיש זײַנען די פאָרמען אויף ־ענדיק אויך אדיעקטיוויש.

א סך מענטשן, א סך יידן אאַז״וו. מען קען אויך זאָגן: א סך פרעגן, אַנשטאָט א סך מענטשן פרעגן. פאַרשטייט זיך אז אין קאָנקרעטע פאַלן קען קומען אַנשטאָט מענטשן — יידן, תּלמידים און הונדערטער אַנדערע סובסטאַנטיוון. בכל אופן איז די עליפּטישע קאָנסטרוקציע א סך פרעגן אין גאַנצן קאָרעקט.

ט) „דאָס דורכפירן פון דעם באַפעל״, „דאָס געבן פון דער תּורה״, „דאָס באַשטעטיקן פון דעם בריוו״ — דאָס זיינען עטלעכע ציטאַטן פון דער פּרעסע מיט אָט דעם כאַראַקטעריסטישן גרייז. ווען אַן אינפיניטיוו פון אַ ווערב וואָס קען האָבן נאָך זיך אַ דירעקטן אָביעקט ווערט גענוצט ווי אַ סובסטאַנטיוו, קומט אויך נאָך אים דער דירעקטער אָביעקט. מיט אַנדערע ווערטער: דאָ איז פאַלש די קאָנסטרוקציע מיט פון, עס מוז דאָ קומען גלייך נאָך דעם סובסטאַנטיווירטן אינפיניטיוו דער אָביעקט אין אַקוזאַטיוו. בכן דאַרף דאָ זיין: דאָס דורכפירן דעם באַפעל, דאָס געבן די תּורה, דאָס באַשטעטיקן דעם בריוו.

עס דאַרף אויך זיין די אייגענע קאָנסטרוקציע אַפילו ווען עס קומט אויס צוויי מאָל כּסדר צו ניצן דעם אַרטיקל פון נייטראַלן מין, למשל: דאָס רייניקן דאָס קינד, דאָס לייענען דאָס בוך, דאָס איינשפּאַנען דאָס פערדל א״אַ.

עס איז א חילוק צווישן דאָס אויסאַרבעטן לעדער און דאָס אויסאַרבעטן פון לעדער. אין ערשטן פאַל איז דער נייער פּראָדוקט לעדער, אין צווייטן פאַל אַרבעט מען אויס פון לעדער, וואָס מען האָט שוין פון פריער, אַן אַנדער פּראָדוקט. עס איז אויך ניט היינו־הך דאָס לייענען א בוך און דאָס לייענען פון בוך. אין ערשטן פאַל לייענט מען דאָס בוך, מען האָט אין זינען דאָס גאַנצע בוך; אין צווייטן פאַל לייענט מען א דערציילונג, אַן אָפּשניט, א טייל פון דעם בוך. דאָס אייגענע איז בנוגע איבערשרייבן די פּאַראַגראַפן און איבערשרייבן פון די פּאַראַגראַפן א״אַ.

י) „ראָש חודש פון תּמוז״ — אויך אַזוינס קען מען באַגעגענען! מיר האָבן דאָ אין גאַנצן אַ יידישלעכן אויסדרוק מיט אַן ענגלישן of אין מיטן. פאַרשטייט זיך אַז עס מוז זיין ראָש חודש תּמוז, און דער פון איז דאָ אַזוי אוממעגלעך ווי אַן אויסדרוק „די שטאָט פון ניו־יאָרק״. דער „פון״ אין אַזעלכע ווערטער־פאַרבינדונגען שאַפט אַ משונהדיקן אַנגליציזם.

יא) „אין דעם אַמעריקאַנעם לעבן״ — אַזוי שרייבן עטלעכע חשובע יידישע זשורנאַליסטן וואָס קומען פון רײַסן, וווּ מען האָט געקענט בייגן די אַדיעקטיוון וואָס נעמען זיך פון נעמען פון שטעט ווי: וואַרשעווער, ווילנער אאַז״וו. פּונקט ווי מען מוז זאָגן: אויף אַ וואַרשעווער געסל, מיט א וואַרשעווער דאָקטער, פון אַ וואַרשעווער קינד, דאַרף מען אויך זאָגן: אויף אַן אַמעריקאַנער אופן, מיט דעם אַמעריקאַנער אימפּעט, פון אַן אַמעריקאַנער קינד. מען דאַרף דאָ קיין מאָל ניט בייגן, ניט בייטן דעם אַדיעקטיוו אַמעריקאַנער. בכן איז דאָס איינציק ריכטיקע: אין דעם אַמעריקאַנער לעבן.

פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם אַמעריקאַנער לעבן און דעם אַמעריקאַנישן לעבן. אַמעריקאַנער — ווייזט אויף דער שייכות צו אַמעריקע, אַמעריקאַניש — הייסט אַזוי ווי

אין אַמעריקע, אַזוי ווי עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אמעריקע. מען קען זיין כּמה יאָרן אין אמעריקאַנער און נאָך אַלץ לעבן ניט אַמעריקאַניש.

ווען מיר האָבן דעם סופֿיקס ־יש, בייגן מיר דעם אַדיעקטיוו; ווען מיר האָבן די ענ־דונג ־ער אין די געאָגראַפֿישע אַדיעקטיוון — ווערן זיי ניט געבייגט.

יב) „איי ניקע סאָציאַליסטן האָבן דאָ אַן אַנדער מיינונג", „איניקע זאָגן", „איניקע קאָרעספּאָנדענטן שרייבן". — אַזעלכע און ענלעכע אויסדרוקן טרעפֿט מען זייער אָפֿט אין דער פּרעסע. דאָס וואָרט אייניקע איז אויף יידיש — די מערצאָל פֿון אַדיעקטיוו איניק, וואָס ווייזט אויף דער אייגנשאַפֿט פֿון האָבן די זעלביקע מיינונג, פֿון מסכּים זיין, פֿון זיין אַחדותדיק, פֿון לעבן בשלום. עס איז אָבער ניטאָ קיין פּראָנאָם „אייניקע", וואָס האָט גאָר קיין פֿאָרעם ניט אין איינצאָל און וואָס זאָל שטימען מיט דעם ענגלישן few אָדער some. דאָס ריכטיקע איז דאָ אויף יידיש: עטלעכע, טייל, און אויך: א ביסל, א געוויסע צאָל, א גרויסע צאָל, א היפּשער טייל א"אַ. אַגב ווערט יעמאָלט אַ סך קלאָרער ווי גרויס עס איז די גרופּע וואָס ווערט פֿאַרשטעלט דורך די מטושטשע „איי־ניקע". ווען מען זאָגט: טייל קאָרעספּאָנדענטן שרייבן — איז עס ניט דאָס זעל־ביקע וואָס זאָגן עטלעכע קאָרעספּאָנדענטן... און ביי אונדז קומט מען אין ביידע פֿאַלן אָפּ מיט „אייניקע".

יג) „וואָס איך וויל איך פֿרעגן איז...", „וואָס איך דאַרף איך זאָגן איז..." — און ענלעכע אַזעלכע זאַץ־קאָנסטרוקציעס וואָס מיר האָבן איבערגענומען מיט הויט און ביין פֿון ענגליש און דערביי אין גאַנצן פֿאַר־געסן אַז מען האָט שטענדיק אויף יידיש געהאַט גאָר אַנדערע מיטלען אונטער־צושטרייכן אָדער אַרויסצוהייבן אַן ענין.

מען דאַרף אָנקומען צו איינס פֿון די מיטלען: ניצן בלויז, נאָר, גראַד, דווקא, אָט וואָס, און דערביי פֿאַרשפּאָרן איבעריקע רייד. למשל: איך וויל איך בלויז פֿרעגן איינס... איך וויל גראַד זאָגן... איך וויל אָנווייזן אָט אויף וואָס..., אָדער מאַכן נאָך עמפֿאַטישער דורכן צושטעלן דאָס איינציקע, למשל: מיך אינ־טערעסירט נאָר דאָס איינציקע, אָנשטאָט: וואָס מיך אינטערעסירט איז...

לאָמיר זיך באַנוגענען דאָס מאָל מיט די 13 גרייזן. מיר פֿאַרבעטן די פֿריינד־לייענערס, אַז זיי, פֿון זייער זייט, זאָלן אָנווייזן אויף אַנדערע גרייזן וואָס זיינען דאָ ניט דערמאָנט, כּדי אַזוי אַרום צו באַפֿרייען זיך פֿון גאָר פּרימיטיווע דורכפֿאַלן.

## נאָך א מאָל וועגן גראַמאַטישן מין און וועגן אַנדערע ענינים

פֿון ד"ר א. אַ. ראָבאַק

מיט אַ רעדאַקטאָר איז ניט גוט זיך אָנצוהייבן, וואָרעם ער האָט אַלע מאָל דאָס לעצטע וואָרט, און חוץ דעם קען ער אָפּענטפֿערן טאַקע אויף אָן אָרט, הגם דער מיטאַרבעטער האָט מסתּמא אויך וואָס צו זאָגן אויף די ענט־פֿערס. און פֿאָרט וויל איך רעאַגירן מיט א פּאָר באַמערקונגען אויף דער פּאָ־

לעמיק מצד דעם רעדאַקטאָר בנוגע דעם ענין גראַמאַטישער מין פון ליט־ווישן יידיש (יידישע שפּראַך, מײַ־דעצעמבער, 1944) און נאָך דעם באַרירן אויך אַנדערע ענינים.

## א. וועגן גראַמאַטישן מין פון ליטווישן יידיש

איך וויל קודם־כּל אָפּוואַרפן אַ בלבול וואָס פּ׳ יודל מאַרק האָט געמאַכט אויף מיר. עס איז מיר קיין מאָל ניט איינגעפאַלן צו זאָגן אַז די ליטווישע יידן זיינען בעלי־תּאוהניקעס אָדער עראָטישער ווי אַלע אַנדערע יידן, אָדער אַז דער ליטווישער ייד איז אין זיין לשון סעקסואַליסטישער ווי דער פּוילישער אָדער אוקראַינער ייד. אדרבה, איך האַלט אַז ער איז אויסגערעכנטער און ראַ־ציאָנאַליסטישער, און טאַקע צוליב דעם איז ער לאָגישער און לאָזט זיך ניט משפיע זיין פון בלויז ווערבאַלע גראַמאַטישע כּללים. און ווען דאָס געבוי פון דעם חפץ גיט אונדז אַ רמז, צי מען זאָל דעם נאָמען פון דער זאַך צורעכענען צו לשון זכר אָדער לשון נקבה, הייסט עס אַז מען איז לאָגיש, און אין דעם זינען פּסיכאָלאָגיש. דאָס הייסט גאָרנישט אַז מען איז עראָטיש, נאָר נאַטירלעך לאָגיש, וואָרעם סוף־כּל־סוף איז די גראַמאַטיק געבויט אויף לאָגיק.

אַז עס זיינען פאַראַן פאַלן וואָס זיינען ניט אויסגעהאַלטן פאַרשטייט מען אַפילו ווען פּ׳ מאַרק איז זיך ניט מטריח זיי אויסצוזוכן. צי דאַרף מען אַ גראַ־מאַטיקער דערציילן אַז עס זיינען ניטאָ קיין כּללים אָן יוצאי מן הכּלל? אָבער איך ווייס ניט פאַר וואָס זיין געאָגראַפישע השערה איז אַ טעאָריע און מיין פּסיכאָלאָגישע שיטה וואָס איז זיך סומך אויף עלעמענטאַרע פאַקטן איז בלויז אַ סברה, און פאַר וואָס מיינע ביישפּילן זיינען „אַ פּאָר צופעליקע" און זיינע פּאָר ביישפּילן אָפּצושלאָגן מיינע זיינען מי יודע ווי מכריעדיק.

עס איז מיר אויך קשה, פאַר וואָס רעדנדיק וועגן גראַמאַטישן מין אין ליטווישן יידיש „דאַרף מען זיך ווענדן צו פּרימיטיווע פעלקער, צו לאַנג פאַר־גאַנגענע צייטן".

אויך האָב איך ניט געשריבן אַז דער מין אין ליטווישן יידיש שטאַמט אַזש פון העברעיש. איך האָב בלויז געהאַט אין זינען אַז אויך די אַמאָליקע יידן וואָס האָבן גערעדט העברעיש האָבן געהאַט דעם זעלביקן קוק אויפן גראַמאַטישן מין, און די צווייענדיקייט וואָס כאַראַקטעריזירט די אַנאַטאָמיע פון דער פרוי מער ווי פון דעם מאַן האָט געפירט דערצו אַז אַלע אברים וואָס מיר האָבן צו צוויי זיינען בלשון נקבה.

פּ׳ מאַרק פאַרנעמט 12 זייטלעך צו דיסקוטירן מיינע 2 און אַ האַלב, און ניט אַלע מאָל בין איך זיכער ווו ער איז מיט מיר מסכּים און ווו ער קריגט אויף מיר, און אָפט מאָל פאַרטשעפּעט ער זיך אַזוי אין די קוסטעס, אַז מען זעט אים ניט אויפן גלייכן וועג. דאָ באַוויזט ער זיך און דאָ ווערט ער פאַר־הוילן אונטער אַ באַרג מיט ביישפּילן וואָס נ י ט אַ ל ע קאָן מען אָננעמען פאַר גוט געלט. אַט למשל איז ער זיכער אַז ליטווישע יידן זאָגן די וועג, מחמת אין ווייסרוסיש איז וועג ווייבלעך און אין ליטוויש איז עס אויך אין די דיאַלעקטן

ווייבלעך. אָבער איך בין פּונקט אַזוי זיכער אַז אויפן ליטווישן יידיש זאָגט מען ניט די וועג, נאָר „דער וועג". פאַלט שוין ממילא אַוועק די דערקלערונג.

אין עטלעכע ווערטער באַשטייט פּ׳ מאַרקס טעאָריע אין דעם אַז דער מין אין ליטווישן יידיש האָט זיך באַזירט אויף די סלאַווישע דיאַלעקטן וואָס מען האָט גערעדט אַרום זיי, און אַז כאָטש אין די סלאַווישע שפּראַכן איז געווען דער זאַכן־מין (ניט זכר און ניט נקבה), איז דאָס אָבער קנאַפּ באַנוצט געוואָרן צווישן דעם פּראָסטן פאָלק. איז אויף דעם קען מען פרעגן און אָפּ־פרעגן אָן אַ שיעור, נאָר צו מאַכן עס בקיצור:

1. כּדי די ליטווישע יידן זאָלן זיך באַנוצן מיטן גראַמאַטישן מין לויט זייערע שכנים, איז דאָך דער שכל מחייב אַז זיי האָבן געמוזט קאָנען רעדן יענע שפּראַכן, אָבער דאָס איז דאָך אַן ענין וואָס איז מוטל בספק. עס איז ריכטיק ווי מען זאָל זאָגן אַז די קאַנאַדער יידן, אין פּראָווינץ קוויבעק ווינציקסטנס, האָבן ניט קיין דריטן מין מחמת די פראַנצויזן האָבן דאָס ניט, אָדער דער גראַמאַטישער מין ביי די דאָרטיקע יידן גראַמט זיך מיטן פראַנצייזישן. אָבער ווי איז דער דין אַז ווינציק קאַנאַדער יידן רעדן פראַנצייזיש און פון די וואָס רעדן פראַנ־צייזיש זיינען נאָך ווינציקער פאַראַן וואָס קאָנען יידיש?

2. צי איז ניט מאָדנע וואָס פּ׳ מאַרק דערקלערט די ניטאָיקייט פון דריטן מין אין ליטווישן יידיש דורך דעם וואָס אין די ליטווישע און ווייס־רוסישע דיאַלעקטן איז כמעט ניטאָ דער דאָזיקער מין, און זעט ניט אַז אויך דאָס דאָזיקע איז צום דערקלערן, און אַז איינס קען אפשר האָבן אַ שייכות מיטן אַנדערן. אין לאָגיק באַגייט דאָ פּ׳ מאַרק דעם פעלער פון דערקלערן דאָס אומ־באַוווּסטע דורך עפּעס וואָס איז נאָך טונקעלער — ignotum per ignotius. דאָס דערמאָנט אין יענער הינדוישער מעטאַפיזיק וואָס דערציילט אונדז אַז די וועלט שטייט אויף אַ העלפאַנט; און אויף וואָס שטייט דער העלפאַנט? אויף אַ טשערעפּאַכע. נו, און אויף וואָס שטייט די טשערעפּאַכע? און אַזוי בלייבט אין דערקלערונג פּונקט אַזוי גאָרנישט זאָגנדיק ווי די צווייטע.

3. דאָס וואָס געוויסע ווערטער אין יידיש האָבן דעם זעלביקן מין ווי אין דיאַלעקטן פון ווייסרוסיש אָדער ליטוויש, קאָן גאַנץ אָפט זיין על־פּי צופאַל, און אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט די דריי שפּראַכן, און מיט אַ ליטעראַרישער און מיט דיאַלעקטן באַזונדער, קאָן מען זיך גאַנץ פיין אַרויסהעלפן און נעמען צו דער אייגענער טעאָריע דאָס וואָס מען דאַרף.

ניין, פּ׳ מאַרק האָט ווינציקסטנס מיר גאָרנישט דערוויזן, און איך האַלט זיך נאָך אַלץ ביי מיין פּסיכאָלאָגישער שיטה, צוגעבנדיק אַז עס האָבן זיך אַריינ־געשלענגלט אין דעם הויפּטפּראָצעס אַ נישקשהדיק ביסל זייטיקע סיבות (סו־געסטיע, אַסאָציאַציע, לענג פון וואָרט און נאָך).

## ב. וועגן דעם יידישן עקוויוואַלענט פאַרן גריכישן דיפטאָנג eu

אין יידישע שפּראַך, מיי־יוני, 1943, צווישן די שאלות און תשובות, פּסקנט דער ממונה אַז נעוראַטיקער איז אַ פאַרשפּרייטע פאָרעם, נאָר ער איז מתיר

אויך ניראַטיקער. מסתמא איז דאָס זעלביקע גילטיק בנוגע פסיידאָנים און פּסעוו־דאָנים, אייפעמיזם און עופעמיזם.

איך האָב זיך געהאַט אַרויסגעזאָגט אין אַ שפּעטערדיקן נומער אַז סײַ „ניוראַטיקער״, סײַ ניראַטיקער, סײַ נעוראַטיקער זײַנען ניט יידישלעך, נאָר האָבן אַן ענגלישן, אַ דײַטשישן אָדער רוסישן נאָכטעם, און אַז די אמתע יידישע פאָרעם פאַר דעם גריכישן eu איז ו, בכן וואָלטן מיר געדאַרפט שרײַבן „נוראַ־טיקער״, „פּסודאָנים״, „אופעמיזם״ און אַפילו „אוראָפּע״. באַמערקט פּ׳ י. מ. אין אַ צושריפט צו מײַן נאָטיץ אַז „דער קלאַנג ו קען דוכט מיר בכלל ניט קומען אין באַטראַכט, ווײַל מיר האָבן ניט אַזאַ מין איבערגאַנג פון eu אין ו, אגב וואָלט עס געווען אַן אוממאָטיווירטע פאַרגוואַלדיקונג פון אָנגענומענע פאָר־מען, אויב מיר זאָלן פּלוצעם אַנשטאָט אייראָפּע נעמען זאָגן און שרײַבן אוראָפּע״.

וואָלט איך וועלן וויסן:

1. צי דער ייוואָ האַלט זיך כּסדר אין אָנגענומענע פאָרמען? מיר דוכט זיך אַז די יידישע שפּראַך פאַרגוואַלדיקט אָנגענומענע פאָרמען אין יעטווידן נומער.

2. טאָמער איז דער תּירוץ אַז די שינויים וואָס ווערן געמאַכט אין די ייוואָ־אויסגאַבעס זײַנען מאָטיווירט, איז ווידער די פראַגע פון וואַנען ווייסן מיר אַז זיי זײַנען ניט פאַלש מאָטיווירט?

3. וואָס הייסט אַן אָנגענומענע פאָרעם? פון די אָנגעגעבענע ווערטער האָט מען צווישן פאָלק, וואָס איז דאָ מכריע, געהערט בלויז דעם נאָמען פון קאָנטינענט. אונדזערע עלטערן און אורעלטערן האָבן געזאָגט ניט אייראָפּע און ניט עוואָפּע, נאָר „יוראָפּ״ אָדער „אוראָפּע״. אַלע וואָס האָבן ניט געזאָגט „יוראָפּ״ פלעגן אַרויסרעדן דאָס וואָרט „אוראָפּע״.

4. איך וויל אויך ברענגען אַ ראיה לדבר אַז די יידישע פאָרעם איז מיט ו און אַז אַלע אַנדערע פאָרמען זײַנען באַרבאַריזמען: דעם גריכישן דיפטאָנג eu האָבן מיר אין אַזעלכע העברעישע ווערטער ווי פּעולה, סעודה, גאולה. איצט לאָמיר זיך פרעגן: צי ווערט די וואָקאַלע קאָמבינאַציע קאָנדענסירט אין יידיש אויף ו? צי זאָגן מיר ניט כּסדר „פּולע״, „סודע״, „גולע״? און אויב אַזוי, האָבן מיר שוין אַן אויסגעטראָטענעם וועג, און דאָ גייט ניט אין קיין פאַרגוואַלדי־קונג. פאַר וואָס דאַרף אונדזער יידיש נאָכטאָנצן אַ דײַטשישער קאָרופּציע צי אַ רוסישער קאָרופּציע פון גריכישן eu איז שווער צו פאַרשטיין, פּונקט ווי עס איז מיר שווער צו פאַרשטיין פאַר וואָס אונדזערע זשורנאַליסטן פון די פיאָ־נערישע טעג פלעגן שרײַבן „מיפּאָלאָגיע״ אַנשטאָט מיטאָלאָגיע — באשר די רוסן האָבן אַזוי פאַרגרײַזט דאָס וואָרט.

## ג. הערות וועגן פאַרשיידענע ענינים

1. ווען די רעדאַקציע גיט אַ לאָקאַלן אידיאָטיקאָן, פאַר וואָס איז זי זיך ניט נוהג אויסצולאָזן אַזעלכע ווערטער וואָס זײַנען באַקאַנט אומעטום? דאָס וואָלט פאַרגרעסערט דעם ווערט פון די לאָקאַליזמען און געמינערט דעם מישמאַש וואָס מוז זיך שאַפן.

כּמעט אין יעדער רשימה זיינען פאַראַן אַזעלכע גוט באַקאַנטע ווערטער. צי באַגעגנט מען נאָר אין סאַנץ אַזעלכע ווערטער ווי: וואַרמעס, מייִלעכס גרייפּ־לעך, פּוטער־קוכן אָדער אונטערגאַנג? אַזוי ווייט ווי איך ווייס, האָבן זיי דעם זעלביקן טייטש אין ליטע. אָדער צי זיינען באַקאַנט אַזעלכע ווערטער ווי: אויס־לייגן (מיט אַלע טייטשן). באַטשווינע, איינשטיין (מיט אַלע טייטשן), זאַסיק, שטעלן אוגערקעס, רופיען, קאַזאַצקע און נאָך אַזעלכע — נאָר אין קאָידאַנאָוו?

2. אין י. י. שאַפּירס נאָטיץ וועגן די פאַרגרעסער־פאָרמען אין יידיש (יידישע שפּראַך, מיי־דעצעמבער, 1944, ז׳ 126) פעלט אַן אינטערעסאַנטע פאָרעם וואָס שאַפט זיך דורך בייטן אַ קורצן וואָקאַל אויף אַ פולן, אַזוי אַז דאָס מויל פילט זיך אויס. איך וויל דאָ געבן בלויז אַ פאָר ביישפילן: פון שטיק — ווערט שטוקע, פון ליפּ — ווערט לופּ. מען קען אויך זאָגן אַז מויד איז אַ פאַרגרע־סער־פאָרעם פון מיידל, מחמת מיידל איז ניט אין יידיש קיין פאַרקלענער־פאָרעם. דאָס זעלבע איז אויך מיט באָב פון בעבלעך. איך האָב אויך אַ מאָל געהערט ווערטער מיטן פאַרגרעסער־סופיקס ־ילא (־ײַלא), למשל: באַרילאָ, שטיקיילאָ, טאָפּיילאָ (פאַר אַן אומגעלומפּערטן טאָפּ).

3. אין דעם זעלביקן נומער, צווישן די שאלות און תשובות, ווערט גע־זאָגט אַז קיין פּאַסיק יידיש וואָרט פאַר אנטוישן איז ניט פאַראַן.

איך מיין אַז אונדזערע אורעלטערן וואָס האָבן מסתמא געגוג אַנטוישונגען דורכגעמאַכט אין לעבן האָבן דאָס וואָרט אַנטוישן ניט געניצט. צי פלעגן זיי ניט זאָגן פשוט זיך אָפּנאַרן, למשל: איך האָב זיך אָפּגענאַרט אין אים? אַוודאי איז דאָ אַ ברעקל חילוק צווישן די צוויי באַגריפן, אָבער ניט גענוג אַז מען זאָל דאַרפן אָנקומען צו אַ דייטשמעריזם. עס איז אויך באמת אַ פרייד וואָס דער עולם, אַפילו אַזעלכער וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף דער פּראַקלאַמאַציע־שפּראַך פון פאַר 40 יאָרן, הייבט אָן שפּירן די פרעמדקייט פון דייטשמעריזמען.

4. ד״ר ש. בירנבוימס פאָרלייג איינצופירן נייע נקודות כּדי מבחין צו זיין צווישן ספּקדיקע קלאַנגען איז ניט פּראַקטיש, אַפילו ווען עס זאָל זיין אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר דעם. יידיש צייכנט זיך אויס מיט דער פעסט־קייט און פשוטקייט פון אירע וואָקאַלן. מיר דוכט זיך אַז די ליטווישע אויס־שפּראַך (חוץ בנוגע וי) איז אָנגענומען געוואָרן ווי די ליטעראַרישע, זיינען מיר ניט מחויב צו נעמען אין באַטראַכט דעם גאַליציאַנער דיאַלעקט מיט די קוצו־של־יודיקע אָפּקלאַנגען. זעט איר, די ווערטער וואָס מאַכן רייכער די שפּראַך, און בפרט די אידיאָמען און ווערטלעך — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש.

5. איך בין צופרידן וואָס מיין פאָרלייג (אין אַן אַנדער צייטשריפט) אַז עס זאָלן געדרוקט ווערן פון צייט צו צייט גרייזיקע אויסשניטן פון צייטונגען למען ידעו — אַגשטאָט כּאַסיקע אויסדרוקן וואָס דאַרפן ניט קיין קניפּ אין בעקל — האָט געפונען אַן אָפּרוף אין יידישע שפּראַך. אפשר אַז מען וועט געבן איבער די הענט, וועט מען אין די רעדאַקציעס ניט קוקן אַזוי פיל צווישן די פינגער.

# באַמערקונגען פֿון דעם רעדאַקטאָר צו אַ. א. ראָבאַקס אַרטיקל

א. וועגן גראַמאַטישן מין פון ליטווישן יידיש. אויב עס איז שווער צו פּאָלעמיזירן מיט אַ רעדאַקטאָר איז אויך ניט גרינג אויסצוטענהן זיך מיט אַזאַ מיטאַרבעטער ווי פּ׳ אַ. אַ. ראָבאַק, וואָס האָט זיך זיין אַ־פּריאָרי־שיטה און וויל דעריבער זיך ניט צוהערן צו די אַלע ראַיות וואָס איך האָב געבראַכט צו ווייזן, אַז די פאַקטן פון דעם ליטווישן דיאַלעקט גופא גייען קעגן זיין טעאָריע.

אויב דער ליטווישער ייד וואָלט די נעמען פון די באַשעפֿענישן וואָס געהערן צום מענלעכן געשלעכט געלאָזן פאַרן מענלעכן מין, און פון די באַשעפֿענישן פון ווייבלעכן געשלעכט — פאַרן ווייבלעכן מין און די נעמען פֿון אַלע אומבאַלעבטע זאַכן — פאַרן נייטראַלן מין, וואָלט מען יעמאָלט געקענט זען אין דעם אַ טריומף פֿון לאָגיק ביים ליטוואַק. אויב דער ליטווישער דיאַלעקט וואָלט אין גאַנצן אָפּגעשאַפט די קאַטעגאָריע מין, וואָלט מען עס אויך געקענט אויסטייטשן ווי א נצחון פֿון לאָגיק. אָבער ווו קען מען דאָ זוכן לאָגיק, ווען דער טיש איז געבליבן דער טיש, אָבער דער קאָפּ איז געוואָרן די קאָפּ, ווען די האַנט איז געבליבן די האַנט און דער פוס איז געוואָרן די פוס? און גראָד פאָלט דאָס בלייבן אָדער דאָס בייטן דעם גראַמאַטישן מין דאָ צונויף מיטן מין אין די אַרומיקע לשונות?

אין מיין אַרבעט האָב איך געבראַכט צען בולטע ביישפּילן וואָס אילוסטרירן מיין מיינונג אַז די אַרומיקע שפּראַכן האָבן געווירקט אויפן בייטן דעם גראַמאַטישן מין. איך האָב אָנגעגרייט אַ סך מער ביישפּילן, און אויב פּ׳ אַ. אַ. ראָבאַק קען פאַר זיין שיטה ברענגען ראַיות פון דעם ליטווישן יידיש און ניט נאָר אַ געדאַנק, אַז די ליטווישע יידן זיינען לאָגישער, בין איך אוודאי גרייט יעטווידע ראיה באַזונדער צו באַטראַכטן בכּובד ראָש.

צווישן די דערמאָנטע ביישפּילן איז געווען אויך די וועג. זייער מיגלעך אַז פּ׳ א. אַ. ראָבאַקס עלטערן האָבן געוויינטלעך געזאָגט דער וועג. אָבער די אומפאַרגלייכלעך פאַרשפּרייטערע פאָרעם אין ליטווישן יידיש איז — די וועג. אין דער אַנקעטע, וועגן וועלכער איך דערצייל אויף ז׳ 90 (הערה 11), זיינען צווישן 22 ענטפערס געווען: 17 מאָל די און 4 מאָל דער, און 1 ענטפער איז געווען דער און די; אין זאַמעטער יידיש איז אַוודאי — די וועג, אין דעם יידיש פון אַנדערע טיילן פון דעם ליטווישן יידיש — אַוודאי אָפטער די וועג. פאַרשטייט זיך אַז מען האָט געקענט הערן אויך דער וועג, וואָרעם די צוויאַקלטקייט פון דער קאַטעגאָריע גראַמאַטישער מין איז אַ בולטער שטריך פֿון ליטווישן יידיש.

צי האָבן יידן פון דער ליטע פאַרשטאַנען דאָס לשון פון זייערע שכנים? ניט אַלע, אָבער זייער א גרויסער טייל. מען האָט דאָך געלעבט צווישן זיי, מיט זיי און פון זיי. ווי האָבן זיך צונויפגערעדט מיטן פּויער דער יישובניק, און דער דאָרפסגייער, און דער קרעמער און דער בעל־מלאָכה? ווי קומט דאָ בכלל אַריין א פאַרגלייַך מיט פראַנצייזיש אין קאַנאַדע? איך האָב אונטערגעשטראָכן אַז דער טרעגער פון דער השפּעה מצד די אַרומיקע לשונות איז געווען יענער גרויסער טייל יידן וואָס האָבן דורות לאַנג געהאַט אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיטן פּויער און זיין לשון. און פּונקט ווי מען האָט פון פּויער איבערגענומען הונדערטער ווערטער, האָט מען פון אים געקאָנט קריגן אויך געוויסע גראַמאַטישע פאָרמען און טייל גראַמאַטישע פאָרמען זיינען מאָדיפיצירט געוואָרן מחמת דער השפּעה פֿון די אַרומיקע לשונות.

אַ האָרעפּאַשנער דייטש האָט אין אַ גרויסן בוך פון 1,030 זייטן[1] צונויפגענומען אַלע טעאָריעס וואָס מען האָט אַרויסגעזאָגט וועגן דעם גראַמאַטישן מין. דאָרטן קען מען געפינען זייער אַ סך מיינונגען וועגן דער ראָלע פון דעם געשלעכטלעכן מאָמענט ביים באַשטימען דעם גראַמאַטישן מין, פאַרשיידענע שיטות וועגן געשלעכטלעכער סימבאָליק ביים גראַמאַטישן מין און אויך גרימס שיטה אַז דאָס וואָס איז פּאַסיוו און צאַרט געהערט צום ווייבלעכן מין און וואָס איז שטאַרק און גרויס געהערט צום מענלעכן (דער הונט און די קאַץ, דער בער און די שוואַלב און נאָך). אָבער דאָס אַלץ האָט ניט די מינדסטע שייכות צו יידיש. פאַר וואָס? ווייל דער ייד האָט איבערגענומען דאָס גערמאַנישע וואָרט אין איינעם מיט דעם מין פון אָט דעם וואָרט. עס האָבן פאַר אונדז אַן אינטערעס נאָר יענע פאַלן, ווען אַ דיאַלעקט אין יידיש האָט אָפּגעוויכט פון דעם וואָס ער האָט געקראָגן גרייטערהייט און דאָס איבערגעאַנדערשט! און אָפּגעוויכט פון דעם געקראָגענעם מין האָט ניט בלויז דער ליטווישער ייד!

עס איז אין גאַנצן פאַרענטפערט פאַר דעם יידישן לינגוויסט די שאלה וועגן דער נאָז צי די קאָפּ, ווען מען ווייזט אָן אַז אַזוי איז עס אין די אַרומיקע לשונות. דער וואָס פאַרנעמט זיך מיט יידישער לינגוויסטיק איז ניט מחויב צו געבן אַן אַלגעמיינע טעאָריע וועגן אויפקום פון גראַמאַטישע מינים. און ווען מען וויל זיך יאָ פאַרנעמען מיט אַזעלכע טעאָריעס און ווען מען וויל בכלל דערקלערן דריימיניקייט אין איין גרופּע לשונות און צווייימיניקייט אין אַן אַנדער גרופּע, מוז מען זיך ווענדן צו אַ סך עלטערע שפּראַכיקע שיכטן ווי מען קען זיי געפינען אין יידיש. הינדויִשע מעטאַפיזיק און די שיינע מעשה מיטן העלפאַנט און שילדקרעט קענען אויך דעם פּסיכאָלאָג און שפּראַך־פילאָסאָף ניט באַפרייען פון דער שאלה: אָנגענומען אַז דער ליטווישער ייד איז לאָגישער פאַרן פּוילישן און אָנגענומען אַז אָט די לאָגישקייט דריקט זיך אויס אין: דער נאָז און די קאָפּ — טאָ פאַר וואָס זשע איז דער ליטווישער ייד לאָגישער? איז עס ניט אַ דערקלערן אַ טונקעלן ענין מיט נאָך אַ טונקעלערן?

ב. וועגן דעם יידישן עקוויוואַלענט פאַרן גריכישן דיפטאָנג eu. די יידישע שפּראַך מיינט אַז זי רעכנט זיך ניט גענוג מיט אָנגענומענע גרייזן, אָבער רעכנט זיך שטענדיק מיט די פאָרמען וואָס זיינען אויפגעקומען אין די געדיכטענישן פון דער יידיש־ריידנדיקער מאַסע אויף יענער זייט ים און מיט די אַלע פאָרמען וואָס מען קען געפינען ביי אונדזערע קלאַסיקערס און ביי די שרייבערס וואָס זיינען מקפּיד אויף ריינקייט פון זייער לשון. באמת, אַ גרויסע בקשה צו פריינד אַ. אַ. ראָבאַקן: זייט אַזוי גוט, ווייזט אָן קאָנקרעט, נאָך יעטווידן גומער יידישע שפּראַך די אַלע פאַלן פון „פאַרגוואַלדיקן" אָנגענומענע פאָרמען. די יידישע שפּראַך איז גרייט צו דרוקן יעטווידן מאָטיוו וואָס איר וועט ברענגען קעגן ווערטער און פאָרמען וואָס איר טרעפט אין אונדזער אויסגאַבע.

ווען מען האָט צו טאָן מיט אַ טראַף וואָס קומט פאַרן אַקצענט איז אין יידיש זייער שווער קלאָר צו באַשטימען די פאַרב פון דעם וואָקאַל, וואָרעם געווינטלעך איז זי פאַרטושט. מעגלעך אַז עמעצער זאָל הערן „אוראָפּע", הגם עס איז אָנצונעמען אַז „עראָפּע" אָדער „אַראָפּע" וועלן בעסער איבערגעבן אין שריפט דאָס וואָס דער אויער הערט. אָבער מיר זיינען ניט קיין פאָלק אַנאַלפאַבעטן וואָס נעמט ערשט איצט אַריין אָט דאָס וואָרט אין זיין ווערטער־אוצר. מען

[1] Dr. Gerlach Royen, *Die nominalen Klassifikations-Systeme in den Sprachen der Erde*, 1929.

האָט צענדלינגער יאָרן געשריבן אייראָפּע, און עס איז ניטאָ קיין שום מאָטיוו עס צו בייטן.

די ראיה פון אַזעלכע ווערטער ווי סעודה, פּעולה, גאולה איז, מילד גערעדט, זייער אַ מאָדנע. קיינער וועט דאָך ניט זאָגן אַז דאָס זיינען גריכישע ווערטער וואָס האָבן געהאַט דעם גריכישן דיפטאָנג eu! דאָ קען דאָך ניט פאַרפירן דער צופאַל וואָס אין אונדזער אופן שרייבן טרעפן זיך דאָ צונויף אַן ע מיט א ו (אָדער ־או). מיר האָבן זיך פאַרלערנט אַרויסברענגען דעם העברעישן קאָנסאָנאַנט ע, אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט אַ דיפטאָנג? און אגב צי איז טאַקע אַזאַ וואָרט ווי גאולה צווייטראַפּיק? און צי רעדט מען טאַקע עס ארויס „גולע״? איך מיין אַז דאָס וואָרט איז דרייטראַפּיק און אַז „גע־אוּ־לע״ גיט ריכטיקער איבער דעם אופן אַרויסרעדן; אמת, דער וואָקאַל אין ערשטן טראָף איז אי מטושטש אי זייער קורץ. דאָס אייגענע איז אַ פּנים ריכטיק אויך בנוגע פּעולה.

באמת, קריגט ניט קעגן אייראָפּע — דאָס איז ניט קיין רוסישע, קיין ענגלישע און אויך ניט קיין דייטשישע פאָרעם, נאָר אַ יידישע.

ג. וועגן דער מילדער באַציונג צו די רשימות לאָקאַלע ווערטער. יאָ, די באַציונג צו אָט די רשימות איז באמת אַ מילדע, אָבער זי איז בכיוון אַזוי. אפילו ווען די רעדאַקציע ווייס אַז געוויסע ווערטער זיינען שוין געווען ווען ניט איז פריער געדרוקט אין אַ וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע, אָבער זי איז אַ פּנים ניט דערגאַנגען צו די לייענערס אונדזערע; אָדער ווען די רעדאַקציע האַלט אַז אַ וואָרט איז ניט אַבסאָלוט זיכער געווען באַוווסט אויפן גאַנצן שטח פון יידיש אין מזרח־אייראָפּע, ווערט אַזאַ וואָרט ניט אויסגעמעקט פון דער רשימה וואָס א פריינד אונדזערער שיקט אַריין. לאָמיר אילוסטרירן מיט די ביישפילן וואָס פּ׳ אַ. אַ. ראַבאַק ברענגט זיי. יאָ, פּוטער־קוכן — אַזאַ וואָרט איז אַ פּנים געווען ביי אַלע יידן, אָבער עס איז אַ ספק, צי ביי אַלע יידן האָט עס טאַקע באַטייט איין און דעם זעלביקן מין געבעקס; מיילעכס גרייפּ־לעך איז געווען ניט נאָר אין סאַנץ, אָבער ניט אומעטום — איז דאָך נייטיק צו דערגיין די טעריטאָריע פון דעם וואָרט. און ווי וועט מען איצט קענען זיך פּרוּוון אויפשטעלן אַ שטיקל ווערטער־געאָגראַפיע, ווען מען זאָל ניט פאַרצייכענען די אַלע ערטער ווו אַ געוויסער אויסדרוק, וואָס איז ניט געווען אַלגעמיין באַ־קאַנט, איז יאָ געווען באַנוצט? אָדער דאָס וואָרט רופיען צי רופענען; אָט דאָס וואָרט וואָס שטאַמט פון ליטוויש איז דערגאַנגען אַזש ביז קאַידאַנאָוו, איז עס דען ניט אינטערעסאַנט? איז עס דערגאַנגען ווייטער? ווי ווייט? ביז גאַליציע איז עס אַ פּנים ניט דערגאַנגען.

הכלל, איצט קענען מיר זיך אַוודאי ניט פאַרגינען צו זיין שטרענג צו אונדזערע רשימות לאָקאַליזמען.

ד. וועגן מ. שאַפּירס נאָטיץ „עטלעכע פאַרגרעסער־פאָרמען אין יידיש״. קלאָר אַז פּ׳ שאַפּיר האָט געגעבן בלויז עטלעכע פאָרמען. עס זיינען פאַראַן אַ סך מער. אַ דאַנק פאַר די צוגאָבן און מיר וואַרטן אויף נאָך פון אייך און פון אַנדערע פריינד־לייענערס.

ה. וועגן אַנטוישן. אַוודאי קען מען זאָגן און מען האָט דורות לאַנג געזאָגט זיך אָפּנאַרן. אָבער צי איז דען זיך אַנטוישן און זיך אָפּנאַרן היינו הך? און אויב ניט — מוז מען אַנטוישטערהייט אָנקומען צום וואָרט אַנטוישן.

ו. פּ׳ ראָבאַק איז אין גאַנצן אומגערעכט, ווען ער איז אַזוי שטרענג צו ד״ר ש. בירנבוימס פּראָיעקט. וואָלט ד״ר בירנבוים געהאַט פאַרגע־

לייגט אַזאַ פּראָיעקט פֿאַר דעם געווינטלעכן אויסלייג, וואָלט אפֿשר נאָך געווען באַרעכטיקט די רוגזא און דאָס איבערנעמען זיך לאָקאַל־פּאַטריאָטיש מיט דער ליטווישער אויסשפּראַך (דער ענין איז ניט אַזוי פּשוט!). אָבער דער פּראָיעקט האָט דאָך אין זינען ווי אַזוי איבערצוגעבן ריכטיק אין שריפֿט די קלאַנגען פֿון ניט־ליטווישן יידיש, און ער איז געווען אין גאַנצן צו דער זאַך. עס זיינען פֿאַראַן בלויז זייער גרויסע טעכנישע שוועריקייטן אים דורכצופֿירן און מען דאַרף זיך דערטראַכטן צו אַ ביסל אַן איינפֿאַכערן פּראָיעקט וואָס זאָל מיגלעך מאַכן דאָס איבערגעבן אַלע קלאַנגען פֿון אַלע דיאַלעקטן און דערביי זיך לאָזן דורכפֿירן אין דער פּראַקטיק.

ז. וועגן דער פּאָלעמיק מצד דעם רעדאַקטאָר. די פּאָלעמיק וואָס דעם רעדאַקטאָר קומט אויס צו פֿירן מיט אַ מיטאַרבעטער האָט נאָר באמת איין איינציקן ציל — להגדיל יידיש ולהאדיר און יעדער מיטאַרבעטער קען אויך צוליב אָט דעם זעלביקן ציל פּאָלעמיזירן מיטן רעדאַקטאָר.

# ווערטער פֿון קעלץ

## פֿון יצחק שמעון לאַנגער

איך שטאם פון גאזד (פויליש: Gozd), קעלצער געגנט. מיין יוגנט האב איך פארבראכט אין קעלץ. איך בין שוין דאָ, אויף דעם קאָנטינענט, 44 יאָר. עס זיינען אבער געבליבן אין זכרון א שפּאָר ביסל ווערטער און אויסדרוקן פון דער סביבה אין מיינע יונגע טעג. מיר איז שפּעטער ניט אויסגעקומען צו הערן די ווייטערדיקע ווערטער אין דער נייער היים. רעכן איך אז עס וועט זיין אינטערעסאנט פאר די לייענערס פון יידישע שפּראַך וואָס שטאמען פון אנדערע געגנטן זיך צו באקענען מיט די ווערטער. זיי זיינען אויסגעשטעלט אין סדר פון אלף־בית.

אבראָק — שעצקע, געמישט מיט האָבער, וואָס מען האָט געגעבן עסן די פֿערד. שעצקע (מען האָט עס ארויסגערעדט דווקא אזוי און ניט סעטשקע) איז צעהאקט שטרוי.

אדעראָ׳ן (דער אקצענטירטער קמץ ווערט ארויסגערעדט ווי א לאנגער u) — אדערויף, האנט־געלט.

אויסגעצויגן — עס איז געווען אן אויסדרוק אויסגעצויגן זאָלסטו ווערן, וואָס מען האָט גע־ניצט, ווען מען האָט געוואָלט א שפּאס טאָן, ווען איינער האָט גענאָסן.

איינרייסן אַ וועלט — זייער א סך פארדינען ביי פארשיידענע געשעפֿטן; ווען איינער האָט א סך פארדינט און דערביי געארבעט ביי פארשיידענע געשעפטן האָט מען געזאָגט: זע נאָר, ער רייסט איין א וועלט!

אנגעפּאַסגעדזשעט — שמוציק געמאכט, אָנגעפּאַטשקעט.

אַשר־יצרלעך (אשעיא׳צעלעך — לאנגע u) — די צוגעשניטענע שטיקלעך פּאפּיר וואָס מען האָט געניצט אין אָפּטריט.

באַבע־דזשאַדע — א מאכל, הירזש אין איינעם מיט קליסקעלעך, געקאָכט אין מילך אָדער אין סארוויטקע (זען).

באַכנעס — געגנבעטע זאכן, למשל: ער איז רייך געוואָרן פֿון האנדלען מיט באָכנעס.

באָכען — געבן טרוקענע קלעפּ, שלאָגן מיט די פֿויסטן.

באָנדע — א שווערער ווינטער־מלבוש מיט א צוגענייטן צודעק פארן קאָפּ, אַ לאנגער, שווערער מאנטל.

באַנקקנייטשער — דאָס זעלביקע וואָס באנקקוועטשער, א חוזק־וואָרט אויף א ישיבֿה־בחור אָדער לערנער, דער וואָס זיצט אזוי לאנג אויף דער באנק אז ער צעקנייטשט זי.

באָרד, אין אויסדרוק: ער וואָלט שוין געהאַט א גרויסע באָרד, נאָר ער בײַסט ארום זײַן באָרד — וועגן אײנעם וואָס וויל זיך מאכן עלטער און קליגער ווי ער איז אין דער אמתן.

בולקעלעך — פון דעם זעלביקן טייג וואָס מען האָט געבאַקן די חלה האָט מען פריטיק געמאכט רונדע זעמל וואָס מען האָט גערופן בולקעלעך (חוץ פרײטיק געדענק איך ניט אז מען זאָל האָבן געבאַקן אָט די בולקעלעך); אויך אן אײפּעמיזם: בריסטלעך ביי א יונג מיידל.

בחורטע — האָט מען געזאָגט נאָר לגנאי, למשל: איז זי א בחורטע, זי האלט זיך אין איין קריגן, אָדער: ווי די בחורטע פּירט זיך אויף!

בריקע — א גרויסער וואגן, צוגעדעקט מיט לייוונט, מיט פלאַכטעס; אין א בריקע האָט מען געפירט סחורה.

גאַגעלעך (ע) — גרינע קארשן, ניט קיין צייטיקע; מען האָט געוואָרנט די קינדער: עסט ניט די גאָגעלעך, דער בויך וועט וויי טאָן.

גאָסט ברויט — מאַנדלברויט.

גזשעבלע — אן אייזערנער קאָם צו קעמען פערד אָדער קי.

גלאָמב, דער — דאָס מיטלסטע הארטע שטיק אין קרויט, דער „קאַטשאַן‟; גלאָמב מיינט אויך: נאַר.

גרעלן — איינס פון די ווערטער וואָס מען האָט געניצט פאר קארטאפלעס (זען); אויך אין קעלץ האָט מען געקענט הערן דאָס וואָרט, אָבער מײַן זיידע וואָס איז געווען א וואלדהענדלער אין דעם דאָרף גאַזד, לעבן קעלץ, האָט ליב געהאַט צו פארציילן די מעשה: ער איז געקומען קיין לייפּציק און אראָפּ אין א רעסטאָראַן עפּעס עסן, האָט מען אים געפרעגט, צי ער וויל גרעלן מיט באָרשט; ער האָט זיך געשעמט צו זאָגן אז ער ווייסט נישט וואָס גרעלן איז, האָט ער זיך געהייסן געבן אָט די גרעלן מיט באָרשט; ער איז געווען זיכער אז קיין סם וועט מען אים דאָך נישט געבן, לסוף — דערלאַנגט מען אים א שיסל קארטאָפלעס מיט א קרויטבאָרשט.

דיזשע — א גרויסע כלי צו קנעטן טייג.

דינעצע — א טשאָלנטטאָפּ.

דעריאַכמעט (ארויסגערעדט: דעיאכמעט) — צעהיצט, צעקאָכט, צעיאכמעט, צעיאכמערט.

דראַבי׳נע — א לייטער; דראבינעס האבן אויך געהייסן די לייטערס אויףביידע זײַטן פון א פויערישן וואָגן.

האַקן האַלץ — כסדר הוסטן, הוסטן מיט א טרוקענעם הויכן הוסט.

הינע—דרינע — דאָ—דאָרטן, די ביידע ווערטער וואָרפן זיך דעם ליטוואַק גלײַך אין די אויערן, ווען ער הערט רעדן א פוילישן, אבער דאָך האָט ער ניט שטענדיק דעם ריכטיקן באַגריף ווי אזוי דער פוילישער ניצט אָט די ווערטער. גיב איך דאָ א פּאָר בײַשפּילן: קומט ארײַן הינע, הינע איז בעסער צו זיצן ווי דרינע; הינע איז וואַרעם און דרינע איז קאַלט.

וואַ׳סאַנג, דער — א געזעס וואָס מען לייגט ארויף אויף א וואגן, עס זאָל ווערן באקוועמער צו פאָרן, אזוי ווי אין א בריטשקע.

וויסקראַבעק, דער — דאָס ייִנגסטע קינד. פון וויסקראָב, וויסקראָבעק — דאָס לעצטע טייג פון מולטער אָדער פון דיזשע וואָס מען סקראבעט ארויס.

זמן — ניט נאָר בײַם לערנען אין חדר, נאָר אויך ווען מיידלעך האבן זיך געשטעלט פאר דינסטן, האָט מען אָפּגעמאכט אויף א זמן: פון סוכות ביז פסח אדער פון פסח ביז סוכות.

זלויב, דער — א קליינע טיפע קאָרעטע, צונויפגעקלאפּט פון ברעטער, ווו מען האט אריינגעשיט אָבראָק פאר די פערד.

זשע׳מיקעס — קאַרטאָפלעס.

טאַ׳טריקע — גריקע; שוואַרצע קאַשע, buckwheat.

טייטהאָלץ — א טייטל צו ווייזן די קינדער ווו מען האלט אין לייענען.

טישלאַד — א שופלאַד ווו מען האלט גאָפּל־מעסער.

טראָצער (מיט אַן ס) — דער וואָס צעשנײַדט גרויסע קלעצער אויף ברעטער, באַליעס, בעלקעס. כּדי צו צעשנײַדן גלײַך, פלעגן די טראָצערס נעמען א לאַנגן שפּאַגאַט, מיט א גלאָווניע אים שוואַרץ מאַכן, אָנציען אים איבערן קלאָץ און ווי א סטרונע אים געגעבן א שאָס; אויפן קלאָץ איז געוואָרן א גלײַכע ליניע, און די טראָצערס האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו צעשנײַדן.

טרע׳לבאָק (טרעלבאָקעס) — א דיקער מענטש, א מענטש מיט א גראָבן בויך.

טראָ׳טשינעס (מיט אַן ס) — זעגעכץ, דער אָפּפאַל ביים זעגן האָלץ.

יאָגן זיך — האָט מען געזאָגט ווען א בהמה וואָס האָט געוואָלט זיך פּאָרן, אַזוי למשל: די קו יאָגט זיך שוין, מען דאַרף ברענגען א בול.

יחסן — אין דעם ווערטל: ער איז א געבוירענער גנבֿ, נישט קיין געוואָרענער, איז ער א יחסן.

יערן זיך — האָבן דעם „געבורטסטאָג“, למשל: דאָס קינד יערט זיך היינט, יאַנקעלע איז היינט געוואָרן פּונקט פינף יאָר אלט.

כּפּרה — אין פאַרגלייך מיט א גוטער זאַך, למשל אין אַזאַ אויסדרוק: איך האָב געגעסן א באָרשט, מעג א כּפּרה זיין א יויך, ד״ה דער באָרשט איז געווען א סך בעסער ווי עס איז געוויינטלעך א יויך.

טויגן אויף אַ כּפּרה — אין דעם שפּריכוואָרט: א גוי וואָס רעדט יידיש, א ווײַב וואָס גיט דעם מאַן פּרנסה און א יידענע וואָס קען לערנען — טויגן אויף א כּפּרה.

כאָמענט, דער — די געוויינטלעכע פאָרעם פאַר כאָמעט, דער טייל געשפּאַן וואָס מען טוט אָן אויפן פערדס האַלדז.

לאַט, דער (לאַטעס) — די שמאָלע ברעט אויפן דאַך וואָס מען שלאָגט אויף איר אַרויף די שינדלען.

לאַפּאַווקע — כאַבאַר.

ליאַס (מיט אַן ס) — אין אויסדרוק: שטיין צום ליאַס, ד״ה שטיין צום פּריזיוו. מען האָט געזאָגט: מײַן זון האָט באַדאַרפט צו שטיין צום ליאַס; אויך ציען די לאָטעריע.

ליגנט, דער — די געוויינטלעכע פאָרעם פאַרן וואָרט ליגן.

מאָק (מיט אַן ס) — א נאַר.

מאַזשניצע — די כּלי ווו מען האַלט סמאָלע צו שמירן די אַקסן.

מאַרווי׳כער — דאָס זעלביקע וואָס מאַראַוויכער אָדער זאַטער, דער וואָס האַנדלט מיט גע־גנבֿעטע זאַכן, ניט דער גנבֿ גופֿא.

מיגל — עקל, עס איז א מיגל צו קוקן דערויף.

מיגלען זיך — עקלען, למשל: ער מיגלט זיך צו נעמען דאָס אין האַנט אַרײַן.

מיכי׳רעניש — דאָס וואָרט האָט מען געניצט, ווען מען האָט געזען א שיין גוייש קינד אָדער א שיינע שיקסע, למשל: זי איז א מיכירעניש.

מליטשען — דאָס געוויינטלעכע וואָרט פאַר דרעשן.

משלחת (אַרויסגערעדט: מישלאַ׳כעס) — אַן אָנשיקעניש; אויך א מענטש וואָס איז זייער ניט שיין; מען פלעגט ס׳רובֿ צוגעבן צום משלחת דאָס וואָרט שיין, אַ שיין משלחת — און דעמאָלט האָט עס באַטײַט: גאָר א מיאוסער מענטש.

נאַכטעסן — וועטשערע; די געוויינטלעכע נעמען פאַר די דרײַ מאָלצײַטן פון טאָג זיינען געווען: אָנבייסן, וואַרמעס, נאַכטעסן.

נאָ׳סעס (מיט אן ס) — א געשטעל פון האָלץ מיט צוויי שטריק אָדער קייטלעך פאר עמערס, צו טראגן וואסער.

נאַשע׳לניק (מיט א ווייכער למד) — דער טייל געשפאן וואָס קומט ביי די אויערן פון פערד.

נכפהן זיך (ארויסגערעדט: נאכפען זיך) — זיך שטארק בייזערן, שעלטן.

סאַק, דער — א מין נעץ צו כאפן פיש.

סאַ׳רוויטקע — סערוויטקע, סראוועטקע, דאָס וואסערדיקע וואס שטייט אָפּ פון זויערמילך, ווען מען מאכט קעז.

סטאַניע — א גרויסע שטאל אריינצופאָרן מיט פערד־און־וואָגן; מען האָט אין דער סטאַניע אוועקגעשטעלט די פערד און אליין איז מען אריין אין דער קאַרטשמע (קרעטשמע).

סיגעלע — מינע, העוויה, ס׳רובֿ געניצט אין מערצאָל: סיגעלעך, למשל: דאָס קינד מאכט שיינע סיגעלעך, אָבער אויך אין איינצאל; וואָס מאכסטו אזא סיגעלע?

סלאַ׳זשינעס (ס) — אפּפאל פון מאלץ, ביים ברייען ביר; סלאָזשינעס איז גוט פאר קי.

סמאַלעקאָפּ — א צונעמעניש פאר א שוסטער.

סמיקען — דאָס וואָרט וואס באצייכנט דאָס שווענגערן פון חיות, א צויג סמיקעט. אָבער דאָס זעלביקע וואָרט האָט אויך געדינט אויסצודריקן דעם באגריף מיט א בייטעם פון אָפּשפּעטן, האָט מען דעריבער אויך געזאָגט בנוגע א שיקסע און אויך וועגן א מיידל וואס האָט געטראגן: זי סמיקעט.

עזותקייט (ארויסגערעדט: א׳זעסקייט) — מיאוסע רייד, שמוציקע רייד; אין געוויסע קרייזן, ביי פרומע און אפגעהיטענע יידן, האָט מען אייער גערופן — עזותקייטן, און א יונגער־מאן האָט געקענט זיך ווענדן צום ווייב: „איך בעט דיך, קאָך אָפּ א פּאָר עזותקייטן", אָדער „מאך א יאַישניצע פון עזותקייטן".

עסן, דאָס — אין דעם ווערטל: ס׳עסן האָט א טעם ווי משה גראם.

עסן קרענק און בענטשן רצה — האָט באטייט אז מען האָט גאָרנישט וואָס צו עסן און מען מאכט אן אָנשטעל אז מען האָט פון כל טוב, און אויך: אז מען האָט געגעבן ווינציק וואָס צו עסן און מען האט געדארפט פאר דעם טייער באצאָלן.

ערדעפּל — זען קארטאָפּלעס.

פּאָמיע׳טלע — א לאנגער שטעקן, צו וועלכן עס איז צוגעבונדן א גרויסע שמאטע אָדער א זאק, ארויסצושארן די קוילן פון אויוון, ריין צו מאכן און אפצוקילן דעם אויוון; מען האט די פּאָמיעטלע געדארפט טונקען אין וואסער איידער מען האָט גענומען שארן.

פּאַ׳מיעס (מיט אן ס) — שמוציק וואסער פון אויסגעוואשן געפעס אדער וועש.

פּאַ׳קראַ׳קע — א פרוי וואָס האָט זיך געהאלטן ניט ריין, איז געווען אָפּגעלאָזן, זייער א קנאפּע בריה; א שלימזל.

פּויער, פּויערטע, אין שפּריכוואָרט: אזוי לאנג שלאָפט דער פּויער מיט דער פּויערטע אויף איין קישן, ביז ביידע קריגן דאָס קדחת; א פּנים אָפּגעלאכט פון שפּריכוואָרט מיטן פּויער און פּויערטע וואָס ענדיקט זיך: ביז ביידע קריגן איין געוויסן, אָדער: ביז ביידע קריגן איין דעה.

פּו׳לקאשקעס (ארויסגערעדט מיט אן ש) — געפּלאָכטענע און אויסגעצירטע געזעסן. וואָס מען האָט ארויפגעלייגט אויף א וואָגן, ווען מען איז געפאָרן צו א שמחה; אויך סכך אויף דער סוכּה.

פּ... מיט א שוימל — דעם אויסדרוק האָבן געניצט יידענעס, ווען זיי האָבן געזען אז א יונג ייִנגל וויל זיך שפּילן מיט מיידלעך, למשל: גיטס נאָר א קוק אויף לייבטשען, ער פּ... שוין מיט א שוימל.

פּע׳נצאַק — א) גראָבע ברוינע קאשע, ב) א דיק קינד.

פּאַריאַטלען זיך — פּארגיין אין טראָגן, שפּעט־לשון, אזוי ווי סמיקען (זען).

פאַציאַ׳טקע — א בוידעמשטיבל מיט קרומע ווענט.

פאַרפּאַסגעדזשעט — ברודיק, פאַרפּאַטשקעט.

פו׳נדעווען (מיט אַן ט) — מכבד זיין, באַצאָלן פאַר עמעצן פאַר א בילעט אין טעאַטער, פאַר א מאַלצײַט, פֿאַר נאַשערייען.

פראַ׳יעם־יאָסל — אזוי האָט מען גוטמוטיק און איראַניש גערופן דעם עסטרײַכישן קייסער פראַנץ־יאָזעף, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער בײַ יידן, באַזונדער בײַ די גאַליציאַנער.

צוקער, אין ווערטל: הענג זיך אויף א צוקערשטריקל, וועסטו האָבן א זיסן טויט.

צוואַרטעס — ברעטער וואָס מען האָט אַרויפגעלייגט אויף א וואָגן, ווען מען האָט געפירט מיסט אָדער קאַרטאָפל; א דאַנק די צוואַרטעס האָט מען געקענט אַרויפלייגן מער זאַכן אויפן וואָגן.

ציבער — דאָס איז די געוויינטלעכע פאַרעם פאַרן וואָרט צעבער.

צימעס — איז געווען ניט נאָר פון מערן, נאָר אויך פון כּלערליי פּרות: פון עפּל, פון באַרן, פון פלוימען א״א; עס איז אויך געווען א פאַרפל־צימעס.

צעפּעס — האָט מען געניצט צו מליטשען (זען); דאָס איז א לאַנגער דינער שטעקן, צו אים איז צוגעבונדן א קלענערער שטעקן.

קאַ׳פּיטש, דער — א האָלץ וואָס מען האָט אים עקסטרע געמאַכט צום אַרויסהעלפן זיך בײַם קנעטן טייג אין א גרויסער דיזשע.

קאָקס, דער (מיט אַן ס) — ווען מען האָט די אייגענע האָר אָדער די האָר פון שייטל רונד פאַרדרייט אויפן נאַקן, איז עס געוואָרן א קאָקס. מען האָט געקענט זאָגן: עטלעכע טראָגט איצט א קאָקס.

קאַפּע — א מין איבערגעבײַ, א מין באַלדאַכין פון ליים איבער דעם קאָכאויוון, דעם קאַמין, אין קיך.

קאַרטאָפּלעס האָבן געהאַט פאַרשיידענע נעמען אין קעלצער געגנט. מען האָט זיי גערופן אויך: ערדעפּל, זשעמיקעס און גרעלן (זען).

קושן, אין שפּריכוואָרט: פון קושן און נאָגן ווערט א מיידל נישט טראָגן.

קוואַקען אויף רבנות — האָט געהייסן: א יונג רבל זוכט שוין א שטאָט צו ווערן דאָרטן א רב, מען האָט געקענט זאָגן: ער קוואַקעט שוין אויף רבנות. עס נעמט זיך פון דעם, וואָס ווען א הון גרייט זיך צו לייגן אַן איי, קוואַקעט זי.

קווענץ — ביים שפּילן אָקע האָט מען געהאַט א קווענץ, אויב אַלע קאַרטן זײַנען געווען פון איין קאָליר. מען האָט גערופן דער בעסטער קווענץ, ווען מען האָט געהאַט פון איין קאָליר כּסדר אונטער, אייבער, מלכּה, מלך, טויז. די קאָלירן האָבן געהייסן: שעל, רויט, גרין, אייכל.

קו׳ענקע — פּראַלניק, דאָס ברעטל אויסצוקלאַפּן גרעט.

קירהשע — איז פון קירה: קיסר ירום הודו; אזוי ווי קירה איז געווען — עסטרײַך, האָט מען די גאַליציאַנער יידן גערופן — קירהשע יידן. עס איז אויך געווען קירהשער בראָנפן, וואָס מען האָט אים געברענגט פון יענער זײַט גרענעץ.

קלאַ׳ניצעס (מיט אַן ס) — די פיר דרענגלעך וואָס האַלטן צונויף דאָס געשטעל פון דעם וואָגן.

קליסקעלעך און קליסקעס — זײַנען געווען צוויי באַזונדערע מאכלים: קליסקעלעך האָט מען געמאַכט פון טייג וואָס מען האָט פאַרקנעטן ניט זייער האַרט, מען האָט פון דעם טייג די שטיקלעך געצופּט מיט די הענט, די שטיקלעך זײַנען געווען די גרייס ווי קליינע אַרבעסלעך; קליסקעלעך האָט מען געקאָכט מיט קאַרטאָפּלעס אָדער מיט מילך, אָדער מיט קאַרטאָפּלעס און מילך אין איינעם. אויף צו מאַכן קליסקעס האָט מען רויערהייט צע־ריבן קאַרטאָפּלעס אויף א ריבאײַזן, צוגעמישט א ביסל ווייצנמעל און דערפון געמאַכט קליינע קניידלעך וואָס מען האָט געקאָכט אין מילך.

קנייפּערל — אַ קליין מעסערל מיט אַ הילצערן הענטל און מיט אַ קלינגל וואָס האט זיך צוגעמאכט.

דער קראַמף ציט מיך — אזוי האָט מען געזאגט, ווען מען האט געוואָלט אנווייזן אויף די ווייטאָגן פון רעמאטן (רעמאטיזם).

ראַנדל, דאס — אַ זייער פלאַך טעפּל, ענלעך צו אַ פּאַטעלניצע, געוויינטלעך געמאכט פון ליים, אויף דריי פיסלעך; אונטער די פיסלעך האָט מען אונטערגעלייגט שפּענדלעך.

רייסן זיך — זייער שטאַרק וויינען, למשל: די מאמע איז אוועק און ס'קינד רייסט זיך.

רעטעניש — צווישן די פאַרשיידענע רעטענישן וואָס קינדער האָבן זיך געפרעגט (ווי למשל: וואָס ווערט פון אַ קאַץ נאָך דריי יאָר? ווי קומט אַ קאַץ איבערן וואסער? א"א) איז אויך געווען אזא: אַ פויגל איז געפלויגן און אַ הונט איז געזעסן אויפן ווידל און איז ניט אראָפּגעפאַלן; ווי קען דאָס זיין? — דער ענטפער: דער הונט איז געזעסן אויף זיין איי־גענעם ווידל.

שאַבעכץ, דאָס — א) שאָלעכץ פון קאַרטאָפלעס, פון עפּל, פון אנדערע פּרות; ב) דאָס וואָס מען האָט אָנגעריבן אויף אַ ריבאייזן.

שובע (מיט אַן u) — אַ וואַרעמער ווינטער־מאַנטל, מיט פעלץ אָדער אָן פעלץ, וואָס נאָר פרויען האָבן געטראָגן; אַ מאַן האָט געקענט זאָגן דעם ווייב: טו אָן די סאַמעטענע שובע, עס איז געוואָרן קאַלט.

שוואַרצער — דער וואָס שווארצט, גנבעט אריבער די גרענעץ זאכן אָדער מענטשן.

שלאַף, שלאַף, דער דלות וואַקסט — אזוי האט מען געוויגט אַ פּאַפּער וואָס האָט נישט געוואָלט גלייַך איינשלאָפן.

שליאַך (o) — אַ צונעמעניש פאַר אַ שמוציקער פרוי וואָס האלט די שטוב נישט ריין, למשל: זי איז אַ שליאַך.

שמאָכנעס (o) — נארישקייטן, זאכן וואס האָבן אַ קנאַפּן ווערט, למשל: זי האט שוין אָנגע־קויפט שמאָכנעס.

שניצעכץ, דאָס — דער אָפּפאַל ביים שניצן האָלץ.

שעלקעס (מיט אַ ווייכער למד) — שלייקעס.

שפּאַנצער, דער — שפּענצער, אַ וואַרעמער זשילעט, געוויינטלעך מיט קנעפּלעך.

שפּאַצירנס גיין — אזוי האָט מען געזאָגט אויף גיין שפּאַצירן, אַ בחור האָט געקענט זאָגן צו אַ מיידל: זי וועלן קומען צו דעם גלחס סאַד, וועל איך דאָרט אין טרעפן און מיט אינען גיין שפּאַצירנס; „זי", „אין", „אינען" — דאָס איז דער „געהויבענער" אופן ריידן מיט אַ מיידל.

תּרח (ארויסגערעדט: טעיראַך) — ניט אזוי אַ נארישער ווי אַ שלעכטער מענטש; אַן אלטער תּרח — איז אַן אלטער און אַ שלעכטער מענטש, אַ רשע.

# וועגן דער אויסשפּראַך פון קמץ־אַלף אָ אין וואָלינער דיאַלעקט

## פון אַלעף כּץ

ליטווישע פריינד האָבן מיר ניט איין מאָל פאַרגעוואָרפן, פאַר וואָס עס איז אַזוי „כאַאָטיש" די אויסשפּראַך פון קמץ־אַלף אָ אין דעם וואָלינער דיאַלעקט. דאַרף צי גאָלד צי אָרט — רעדן אַלע יידן אַרויס מיט אַן o, און אין אַזעלכע ווערטער ווי האָר, צי פּאָטער, צי מאָס — רעדן די וואָלינער אַרויס מיט אַן u. די פראַגעס און די „טענות" נעמען זיך פון דעם וואָס עס איז ליידער

ניט געגוג פּאָפּולער איינער פון די הויפּט־כּללים פון דער קלאַנגען־געזעצמע־סיקייט אין יידיש. ווי באַוווּסט, בלייבט דער קמץ־אַלף אָ וואָס שטאַמט פון אַן o (אַ קורצן o) — אומעטום ניט געביטן. אָבער אויב דער קלאַנג וואָס ווערט באַצייכנט אין שריפט דורכן קמץ־אַלף שטאַמט פון אַ לאַנגן a־קלאַנג, איז ער אין ליטווישן דיאַלעקט איבערגעגאַנגען אין אַן o און אין די אנדערע דיאלעקטן אין אַן u.

דער כּלל איז כּידוע חל אויף ווערטער וואָס שטאַמען פון גערמאַניש, פון לשון קודש און פון סלאַוויש. דער קמץ גדול אונטער דער דלד אין דוד און אונטער דער ריש אין ישׂראל איז אין ליטווישן יידיש אַ סימבאָל פאַר אַן o־קלאַנג און אין וואָלינער — פאַר אַן u־קלאַנג. די שטאָט קראָקע ווערט אַרויסגערעדט אין די ניט־ליטווישע דיאַלעקטן מיט אַן u, און דעם קלאנג u האָט למשל דאָס וואָרט פון סלאַוויש — סאָד.

אין וואָלינער דיאַלעקט זיינען אין שייכות מיט דעם פאַראַן אַ סך ווינ־ציקער האָמאָנימען ווי אין ליטווישן. (אָבער עס קומען צו אַזוינע האָמאָנימען וואָס זיינען אין ליטווישן יידיש ניטאָ איבער דעם חילוק אין אַרויסרעדן ו און י.) די ווערטער סאָד און סוד קלינגען אַלץ איינס ביי דעם ליטווישן ייִד, אָבער אין וואָלינער דיאַלעקט איז אין ערשטן וואָרט פאַראַן אַן u־קלאַנג און אין צווייטן אַן o־קלאַנג. גראָב איז אַ האָמאָנים אין ליטווישן דיאַלעקט: איך גראָב מיט אַ רידל, גראָב ווי אַ קלעצל. אין וואָלינער דיאַלעקט איז אין ערשטן פאַל פאַראַן אַן u־קלאַנג. באָדן איז אַ ווערב און די ערד אונטער די פיס; אין וואָלינער דיאַלעקט האָט דאָס אַלטע וואָרט אין ייִדיש אַן u־קלאַנג און דאָס מאָדערנע, דאָס דייטשמערישע וואָרט האָט דעם o־קלאנג פון דייטש. פאָרט איז פון דעם ווערב פאָרן און אַ האָפן; דאָס ערשטע וואָרט האָט אין וואָלינער דיאַלעקט אַן u־קלאַנג, בעת דאָס צווייטע וואָרט, אַן אינטערנאַציאָנאַליזם מיט אַ לכתחילהדיקן o־קלאַנג, האָט אָט דעם קלאנג אויפגעהיטן אין אַלע דיאַלעקטן. דאָס אייגענע איז מיט פאָרט פון פאָרן און פאָרט וואָס באַטייט: דאָך, נאָך אַלעמען—דאָס ערשטע וואָרט האָט אַן u־קלאנג אין וואָלינער דיאלעקט. מיר גיבן נאָך אַ פּאָר ביישפּילן, הגם מיר שעפּן זיכער נישט אויס אַלע מעגלעכע פאַלן: דאָ דער אַנטאָנים, דער היפּך פון דאָרטן און דאָ, אַ נאָמען פאַר אַ נאָטע; נאָך — שפּעטער און נאָך — מער.

עס איז אינטערעסאַנט זיך אָפּצושטעלן אויף צוויי פאַלן מיט העברעיִזמען. דער חודש אדר ווערט אַרויסגערעדט מיט אַן u־קלאַנג, אָבער אָדער (יאָ אָדער ניין) איז אומעטום מיט אַן o. נאָך טשיקאַווער איז מיט דעם וואָרט אב. דער נאָמען פון חודש ווערט אַרויסגערעדט מיט אַן u־קלאַנג, אָבער דאָס וואָרט אָב — אַ פאָטער מיט אַן o־קלאַנג; אָבער ווי נאָר עס ווערט דער טראָף אַן אָפּע־נער, ביי די הכנויים הערט מען אַן u־קלאַנג, אין אָבי, אָביך.

· דער פּרעפיקס אָנ־ (אָנגרייטן, אָנגרייפן) און אָן (אַנטאָנים פון מיט) האָבן ביידע אַן u־קלאַנג.

אָבער ס'קען זיין אַז אַ סך באַלערנדיקער איז אויסצורעכענען די פאַלן, ווען מען וואָלט זיך געקענט ריכטן צו האָבן אין וואָלינער דיאַלעקט אַן u־קלאַנג

און מיר טרעפן דאָרטן אין דער אמתן אַן o־קלאַנג, און פאַרקערט. פאַרשטייט זיך, אַז פאָרשערס פון יידיש האָבן אָנגעוויזן אויף אַ סך פון די אייגנאַרטיקייטן וואָס ווערן דאָ ווייטער אויסגערעכנט און מען קען געבן דערקלערונגען וועגן יעדער פאַל באַזונדער. עס איז דאָך וויכטיק, מיין איך, איבערצורעכענען די פאַלן וואָס קומען אַרויף אויפן זינען. איך רעכן זיך דאָ מיט דער אויסשפּראַך פון מיין וואָלינער היימשטעטל מ ל י נ אָ ו, ניט ווייט פון דובנע.

א. מען וואָלט געקענט זיך ריכטן אויף אַן u־קלאַנג און מיר האָבן אַן o־קלאַנג אין: אבער, לאזן, יא, לאמפ, קאן, שנאבל, צאם (צאַם און צוים אַנדערש ווו);

ב. מען וואָלט געקענט זיך ריכטן אויף אַן o־קלאַנג און מיר האָבן אַן u־קלאַנג אין: מאנטיק, מיליאן, ביליאן, קאמאד, וואיעט; עס הערט זיך גיכער פון אַלץ אַן u־קלאַנג אין די ערשטע טראַפן פון די ווערטער: קאַליר, קאמעד־יא׳נט, קאמע׳דיע.

ג. אין דעם הילפסווערב האבן איז די איצטיקע צייט: איך האָב; דו האָסט; ער, זי, עס האָט; מיר האָבן, איר האָט, זיי האָבן — אומעטום אַן o־קלאַנג, און דער אינפיניטיוו איז מיט אַן u־קלאַנג, דעריבער איז אויך די קומענדיקע צייט — איך וועל האָבן אאַז״וו — אומעטום מיט אַן u־קלאַנג.

ד. דער פּרעפיקס פאר־ (פאָרהאַנג, פאָרשפּיל, זיך פאָרשטעלן א״אַ) ווערט אַרויסגערעדט מיט אַן u־קלאַנג.

עס וואָלט געווען גוט ווען די יידישע שפּראַך, וואָס האָט אייגנטלעך אַ ביסל אַנדערע צילן, זאָל זיך אויך פאַרנעמען מיט די ענינים וואָס איך האָב דאָ באַרירט און אַגב אויך פּאָפּולאַריזירן צווישן אירע לייענערס די געזעצמעסיקייטן אין קלאַנגען אויף וויפל זיי כאַראַקטעריזירן די יידישע דיאַלעקטן.

## וואס איז א רומפל?

### פון ט. ר—ס

דאס איז געווען ווינטערצייט, סוף 1923 אדער אָנהייב 1924. איך בין געזעסן אין ווילקאָמיר און האב געלייענט די ארבעט „דאס קורלענדער יידיש“, איינעם פון די פיר עטיודן פון ד״ר מ. ווײַנרייכס שטאַפּלען. דארטן רעדט זיך אגב, צווישן א רשימה ווערטער פון קור־לענדער יידיש, וועגן וואָרט רומפל. דאסווארט ווערט פארטייטשט אזוי: „דער פייערלע־כער אויפנעם בײַם יונגן פּאָרפאלק דעם ערשטן שבת נאָך דער חתונה“. און נאָך דעם ווערט צוגעגעבן: „דאָס וואָרט איז פארשווונדן געוואָרן פון דער שפּראַך, מיט א 35 יאָר צוריק איז עס שוין געווען פרעמד...“ (ז׳ 235).

און גראָד אין יענער רגע דערהער איך פון צווייטן צימער, ווי עס קומט אריין די בעל־הביתטע און דערציילט: „איז דאָרטן נעכטן געווען א רומפל, איך זאָג אײַך שוין איין מאָל א רומפל! שענער ווי בײַ אנדערע א חתונה!“ איך בין ארויס צו איר כּדי צו דערגיין וואָס זי מיינט מיטן וואָרט רומפל. זי האָט געהאט אין זינען אן אויפנעם וואָס ח ת נ ס צד האָט געמאכט פאר חתן־כּלה און די געקומענע מחותּנים דעם אָוונט פ א ר דער חתונה.

האָט מיך דער ענין רומפל פאראינטערעסירט. אין פארשיידענע ערטער און בײַ יידן פון פארשיידענע מקומות האָב איך בײַ כּלערליי געלעגנהייטן זיך נאָכגעפרעגט אויפן רומפל.

דאָס איז בלי ספק ניט קיין גאָר פּאָפּולער וואָרט. א סך האָבן ניט געהערט אזוינס און גע־וווּסט בלויז פון רימפּלען אויף א כלי, א מוזיקאַלישן אינסטרומענט, אָבער נישט פון קיין רומפּל. און אויך די וואָס האבן געוווּסט דאס וואָרט האָבן עס פאַרטײַטשט ווײַט ניט אויף דעם זעלביקן אופן.

ווי דערמאָנט, איז רומפּל אין וילקאָמיר[1] געווען אַן אויפנעם פאַר דער חתונה און פון חתנס צד. אָבער שוין פון יידן און יידענעס אין די ארומיקע שטעטלעך (שירווינט, באָלניק, אוטיאַן, אניקשט) האָב איך געהערט, אז א רומפּל איז בײַ דער כלה און דאָס איז דער לעצטער אקט פון דער חתונה, איידער די מחותּנים צעפאָרן זיך. אין קיידאַן און אין יאַנעווע האָט מען גערופן א רומפּל דאָס אייגענע וואָס אין ווילקאָמיר. אין סוּוואַלקער ליטע (אין ווילקאָווישק, מאַריאַמפּאָל און אַליטע) איז א רומפּל געווען נאָך דער חתונה, ביים יונגן פּאָרפאלק. דער רומפּל האָט געקענט זיין אין מיטן וואָך אָבער געוויינטלעך איז ער געווען שבת צו נאַכטס.

אין ריגע איז מיר אויסגעקומען דאָס וואָרט צו הערן פון אַן עלטערן בעל־מלאָכה מיטן טײַטש: אַן אויפנעם וואָס חתנס צד גיט לכּבוד די מחותּנים נאָך דער חתונה. פון וואַרקליאַן און פון קרעסלאַווקע האָב איך פאַרצייכענונגען: עס קען זיין א רומפּל הן ביי חתן־צד הן בײַ כלה־צד, אז עס קען זיין פאַר דער חתונה און אויך נאָך דער חתונה, אז עס איז אָדער אזוי צו זאגן דער אויפנעם פאַר די געקומענע מחותּנים, אַן אָוונט פאַר דער חופּה, אָדער א געזעגענען זיך מיט די מחותּנים נאך דער חתונה. פון א סמילטענער האָב איך געהערט: א רומפּל מאכט דווקא כלה־צד.

מיר איז קיין מאָל ניט אויסגעקומען צו הערן דאָס וואָרט ניט פון קיין ליטווישן ייִד. די נאַכפרעגענישן בײַ פּוילישע, גאַליציאַנער, אוקראַינער, בעסאַראַבער און רומענישע יידן דאָ אין ניו־יאָרק האבן געגעבן בלויז א נעגאַטיוון רעזולטאַט: זיי האָבן דאָס וואָרט ניט געהערט, אָדער זיי געדענקען ניט דאָס וואָרט. שוין דאָ אין ניו־יאָרק האָט אַן עלטערער ייִד וואָס שטאַמט פון אייִשישאָק פאַרזיכערט אז רומפּל איז אויף מאָרגן נאָך דער חתונה און בײַם חתן. הייסט עס ווידער א מאל א טייטש וואס איך האָב שוין געהערט, און ווידער א מאל פון א ליטווישן ייִד.

דער נאָוואַרעדאָקער אלכּסנדר הארקאַווי פאַרצייכנט דאָס וואָרט רומפּל אין זיין ווערטערבוך און זאָגט אז דאס איז אויף מאָרגן נאָך דער חתונה. זלמן רייזען טײַטשט אויס דאָס וואָרט אזוי: „דער שבת נאָך דער חתונה, ווען מען פירט דאָס יונגע ווײַבל אין שול ארײַן“ (יידישע גראַמאַטיק, ב׳ 1, ז׳ 58). אברהם רייזען, זײַן עלטערער ברודער, גיט דאָס וואָרט צווישן די מאַטעריאַלן פאַרן יידישן ווערטערבוך (ייִדישע שפּראַך, ב׳ V, ז׳ 7) און דערקלערט אז א רומפּל קומט פאַר בײַ טאג, אויפן צווייטן טאָג פון דער חתונה בײַם חתן אדער דאָרטן ווו דער חתן שטייט איין.

לסוף, געפינען מיר בײַ ד״ר אלפרעד לאנדוי אין זײַנע „מלואים צו מ. ווײַנרייכס שטאָפּלען“ (יידישע פילאָלאָגיע, 1924, ז׳ 60): „אין בראָד פלעגט מען פריִער פירן דאָס יונגע ווײַבל צו דעם מאנס קרובים און מכבד זיין מיט קוכן. דאָס האט געהייסן רימפּלען די כלה“; און ער דערציילט אויך: „אין די קראָקער תּקנות 1595 ווערט דאָס רומפּלען פאַרווערט“.

נאָך דעם אלעם דאַרף מען ערשט רעכט וויסן, וואסערע באַטײַטן פון דעם וואָרט רומפּל עס זײַנען געווען אין פאַרשיידענע מקומות. בעטן מיר הילף בײַ אונדזערע פרײַנד־לייענערס, זיי זאָלן זיך נעמען די מי און ענטפערן אויף די עטלעכע פראַגעס (אויב זיי האָבן דאָס וואָרט אין זייער לשון אָדער אויב זיי האבן דאָס וואָרט געהערט):

1. ווו האָט איר דאָס וואָרט געהערט?
2. צי קומט דער רומפּל פאַר פאַר אָדער נאָך דער חתונה?

---

[1] אין ווילקאָמיר האָב איך געהערט דאָס ווערטל יורקעס רומפּל, מיטן באַטייט: א טומלדיקער צונויפקום, ווו מען שיכּורט און מען שלאָגט זיך.

3. צי מאַכט דעם רומפּל דווקא חתן־צד אָדער דווקא כּלה־צד?

4. אויב דער רומפּל איז דווקא נאָך דער התונה, צי איז ער אויפן צווייטן טאָג? דעם ערשטן שבת? דעם ערשטן שבת צו נאַכטס?

5. צי איז דער רומפּל דער ערשטער אויפנעם פון יונגן פּאָרפּאָלק?

6. צי האָט דער רומפּל אַ שייכות צום פירן דאָס יונגע ווייבל אין שול אַריין?

7. וואָס האָט מען געטאָן בשעתן רומפּל? זיינען שטענדיק דערביי געווען די קלעזמאָרים? האָט מען אויך געטאַנצט אָדער בלויז געגעסן און געטרונקען?

ווען עס וועט זיך אָנקלייבן אַ היפּשע צאָל ענטפערס, וועלן מיר זיי אָפּדרוקן אין יידישע שפּראַך.

# שפּריכווערטער וואָס עס איז כּדאַי זיי צו ניצן *

546. פון צער ווערט דער ביין דאַר.

547. אַז מען לייגט זיך ניט געגעסן צײלט מען די סטאַלאָוואַניעס.[1]

548. קעגן אַ גזלן דאַרף מען האָבן אַ גזלן.[2]

549. דעם אָרעמאַן האַקט מען ווי פּאַדזאַיע[3] און דער רייכער בלאָזט זיך ווי דער סאַמאָוואַר.

550. נאָכן פּופּיק זעט מען ווי גרויס דער אינדיק איז.

551. אַ לויז האָט אויך אַ פּופּיק, אָבער דער נגיד איז ניט קיין בעלן אויף דערויף.[4]

552. אַ סמאַגלער[5] רעגן איז גוט פאַר די פעלדער און שלעכט פאַר די וועגן.

553. ווילסט אַ זיסן טויט, הענג זיך אויף אַ צוקערשטריקל.

554. די זאָרגן לייג אָפּ אויף מאָרגן.

555. ער איז אַן אויפטוער אַ סכּנה — ער האָט געשאָסן די לבנה.[6]

556. ווען עס וואַקסט דער טייסטער, וואַקסן די באַדערפטיקייטן.[7]

---

* זען נומ' 6 פון 1941, נומערן 1, 2, 3, 5 און 6 פון 1942, אַלע נומערן פון 1943, נומ' 2 און 3—6 פון 1944. דער גראַמאַטישער מין ווי אויך אַנדערע גראַמאַטישע פאָרמען ווערן אָנגעגעבן אַזוי ווי זיי זיינען געהערט געוואָרן ביים פאַרצייכענען די שפּריכווערטער אין דער ליטע.

[1] סטאַלאָוואַ'ניעס — די באַלקנס אין דער סטעליע. דאָס שפּריכוואָרט געהערט אין קרייצבורג, לעטלאַנד.

[2] דאָס הייסט, אַז נאָר אַ גזלן קען באמת זיך אָפּרעכענען מיט אַ גזלן. אַ געוויסע צייט, אין די 20ער יאָרן, איז אין לעטלאַנד געווען פּאָפּולער אַ גזלן קאָופען. האָב איך געהערט אין עטלעכע ערטער (ריגע, קרייצבורג) אויך דעם נוסח: קעגן אַ קאָופען דאַרף מען האָבן אַ קאָופען.

[3] פּאַדזאַ'יע — די קליינע שפּענדלעך וואָס מען האַקט אָן פאַרן סאַמאָוואַר.

[4] פאַרשטייט זיך אַז מען האָט אַרויסגערעדט: אָפּדערויף.

[5] סמאַגלער — אַ שטאַרקער, פון ליטוויש.

[6] פאַרגלייכן מיט אונדזער נומער 146: „ער האָט אַ סך אויפגעטאָן: ער האָט געשאָסן די לבנה".

[7] זיך מערקן דאָס וואָרט באַדערפטיקייטן, ווו מיר וואָלטן זיך געריכט אויף באַדערפענישן.

557. אַ גוטע טאָכטער איז אַ גוטע שנור.
558. גוטע — צאָלן, שלעכטע — מאָנען.
559. די וואָרעמסטע בעט איז די מאַמעס.
560. ווייניקער אַ וואָרט — אָבי אָן אמת.
561. שבת איז טאַקע אַ מלכּה, אָבער ניט קיין בת־יחידה.[8]
562. שבת ניע בן־יחיד.[8]
563. דעם שעפל פון באָד גיט מען ניט אַוועק.
564. ווער דען זאָל האָבן דעם עק, אייבע ניט די קאַץ אַליין?
565. מזל־טוב! פּייקע פון הינטערשטיבל איז אויך דאָ![9]
566. פון סאַקע־פּאַסאַקע[10] האָבן די קינדער אַ מכּה.
567. דעם ביטערסטן מזל קען מען פאַרשטעלן מיט אַ שמייכל.
568. איין ווייסער האָן איז דאָ אויף דער וועלט?[11]
569. ווער עס ליגט אויפן אויוון דער קריגט ניט קיין בייגל.
570. אַז דער חלף ליגט אויפן האַלדז איז מען גרייט אויף אַלץ.
571. וואָס לענגער מען לעבט — אַלץ מער עסט מען.
572. ווען אַ יתום ליידט זעט קיינער ניט, ווען ער פרייט זיך — זעט די גאַנצע וועלט.
573. ווייצענע יאָרן מיט קאָרענע טעג.[12]
574. דער עושר האָט ניט קיין יושר.[13]
575. פון קליין ש״ס וויס ער נאָר — פּאַס.[14]
576. וואָס אָרעמער מען ווערט, אַלץ נאַרישער ווערט מען.
577. די שווערסטע אַרבעט איז אַרומצוגיין ליידיק.
578. אַז מען האָט חתונה מיטן שווער, שלאָפט מען מיט אַ בער.[15]
579. די צונג איז ניט אָנגעבונדן אָן אַ שטריקל.

---

[8] אזוי זאָגט א חברה־מאַן, ווען מען ווייזט אים אז ער איז ניט קיין געגוג שטרענגער שומר־שבת; דער זינען: אין א וואָך ארום קומט ווידער שבת. איך האָב חוץ דיביידע שפּריכווערטער (561 און 562) אויך געהערט דעם וואַריאַנט: שבת איז ניט קיין בת־יחידה און מנחה איז ניט קיין ציג; די צווייטע העלפט איז פּאָפּולער אומעטום ווי א פאַרזיכדיק שפּריכוואָרט.

[9] ווערט געזאָגט, ווען א קליין קינד, אָדער א מענטש וואס מען האלט ווינציק וואָס פון אים מישט זיך אַרײַן אומגעבעטענערהייט אין אַן ענין צי אין א שמועס.

[10] דער זינען ענלעך צום שפּריכוואָרט: פון מעשיות פאַרציילן קאָכט מען ניט קיין וועטשערע. סאַקע־פּאַסאַ׳קע — אויף יידיש האָט עס דעם באַטײַט: סתם גערײדערײַ, דאָס אײַבערגעבן סתם קלאַנגען; פון ליטוויש, וואָס דאָרטן באַטײַט seka seka pasaka — עס ציט זיך, עס ציט זיך א מעשה.

[11] ווען עמעצער באַרימט זיך מיט עפּעס וואס איז ניט קיין זעלטנקייט.

[12] אַנשטאָט — ווי צו מיינע יאָרן... אָפּשפּעטנדיק. און אויב די יאָרן זײַנען ווייצענע, זײַנען שוין די טעג קאָרענע.

[13] פאַרגלײַכן מיט: „איטלעכער עושר האָט זיך זיין יושר", בײַ בערנשטיינען, 2660.

[14] קליין ש״ס — א טאַליע קאָרטן. ווען קאָרטנשפּילערס לאַכן אָפּ פון זייער מיטשפּילער וואס איז זייער שרעקעוודיק און האָט מורא אײַנצושטעלן.

[15] אז מען טראַכט וועגן שווער בײַם חתונה האָבן, וועגן זיין עשירות אָדער וועגן זיין ייחוס.

580. אַ מאָל איז דער משרת מער יחסן ווי דער פּריץ.
581. אין שיסל קען ניט זײַן מער ווי אין טאָפּ.
582. אַ ווײַב קען שיקן אין קלויז אַרײַן און קען טרײַבן צום שמד.
583. אַ קינד קען זײַן ערגער ווי אַ גזלן, און מען טאַנצט נאָך אויף זײַן חתונה.
584. אויב מעקענע [16] איז אַ מאכל, איז סראָוועטקע אַ ייִכל.
585. ווען ניט דער רימער וואָלט דער פּריץ ניט געריטן.
586. דער דאָקטער האָט אַ רפואה צו אַלץ, אָבער ניט צו דלות.[17]
587. לחם, ברויט, פּאַטייטעט [18] די האַרץ.
588. מאָרגן ווידער חדר מיט גרויפּן.[19]
589. זײַ ניט קיין נאַר און פֿאָר ניט אין דאַגדע.[20]
590. לאַצקעווער קהל פֿאַרמאָגט איין פֿאָר הויזן.[21]
591. אַ דאָקטער און אַ קברות־מאַן זײַנען שותּפים.
592. אַז דער מאָגן איז ליידיק איז דער מוח אויך ליידיק.
593. עס קומט אויס אַראָפּצושלינגען, ווען מען האָט אַפֿילו ניט גוט צעקײַט.[22]
594. מילא, הייסט די כּלה ביילע.
595. נצחון פֿאַרשיכּורט אָן ווײַן.
596. שפּאָר, שפּאָר, קומט דער שוואַרציאָר און נעמט צו גאָר.[23]
597. אַז עס זײַנען ניטאָ קיין אַנדערע מעלות, איז אַ זומער־שפּרענקעלע אויך אַ מעלה.
598. מזל־טוב, די פּינפּטע בת־יחידה! [24]
599. אַז מען נעמט א שמעק טאבעק ביי אַ ייִדן, איז מען אים אייביק שולדיק אַ חוב.
600. זיפּצן און קרעכצן צעברעכן אַ האַלבן גוף פֿון דעם מענטשן.
601. אַ שערבל איז ניט קיין כּלי, אַ ציג איז ניט קיין בהמה.

---

[16] מע׳קענע — געהאקטע שטרוי און היי. סרא׳וועטקע — דאס וואסערדיקע אונטער זויערמילך; דאס וואסערדיקע וואס מען דריקט ארויס פון א קעזיק ביים מאכן א קעז פון זויערמילך.

[17] פארגלייכן מיט בערנשטיין, 980: „דער דאקטער קען אלעס, נאר ניט ארויסטרייבן דעם דלות".

[18] פּאַטיי׳טעט — פּאָליובעט, איז א חיות, דערקוויקט.

[19] ד"ה עס ציט זיך ווידער דער אלטער שטייגער לעבן, עס קומט ווידער גרויע וואָך.

[20] דאגדע האָט אין לעטלאנד און אין א טייל פון ליטע געהאט דעם זעלביקן שם וואָס די בארימטע שטאָט כעלעם.

[21] לאצקעווע — זייער אן אָרעם שטעטעלע אין זאמעט, פארגלייכן מיט אונדזער נומ׳ 258: „דער גרעסטער לאצקעווער נגיד האָט ניט מיט וואָס שבת צו מאכן".

[22] עס קומט אויס אראָפּצושלינגען אן עוולה, וואָס מען ווייס אפילו נישט פון וואנעט זי קומט און פאר וואָס זי קומט.

[23] פארגלייכן מיט בערנשטיין, 3916: „שפּאָר, שפּאָר, קומט דער רוח..."

[24] אָפּלאכעריש ווען מען האָט ווידער א מיידל, אָדער בכלל ווען מען האָט דערגרייכט א סך ווינציקער ווי מען האָט זיך פֿאָרגענומען.

602. דעם אָרעמאַן איז שווער אַרײַנצוברענגען דעם פּסח און גרינג אויסצוראַמען דעם חמץ.

603. דער אָרעמאַן האָט פאַרדינט און דער גביר האָט דערלייגט — און עס איז נאָך אַלץ ניט גלײַך.

# אַטריבוטיווע בײַזאַצן בײַ דוד בערגעלסאָנען

## פון מ. רעכטמאַן

מיר איז גראָד די צײַט אויסגעקומען דורכצוקוקן נאָך אַ מאָל יודל מאַרקס אַרטיקל „דער אַטריבוטיווער בייזאַץ" אין יידישע שפּראַך, ב' וו, נומ' 5 (זז' 130—141). דאָרטן ווערט שטאַרק רעקאָמענדירט צו ניצן די קאָניונקציע אָדער דעם רעלאַטיוון פּראָנאָם וואָס אַנשטאָט וועלכער, וועלכן אאַז"וו, און ספּעציעל אַנשטאָט וועלכן מיט אַ פּרעפּאָזיציע: ביי וועלכן, אויף וועלכן, מיט וועלכן אאַז"וו.

עס ווערט דערביי אָנגעוויזן ווי אַזוי מענדעלע, שלום־עליכם און אַנדערע גרויסע יידישע שרייבערס האָבן געניצט אַ סך מער וואָס איידער וועלכער, וועלכן אאַז"וו. וועגן דוד בערגעלסאָנען ווערט געזאָגט אַז „ביי אים האָבן מיר געפונען די פּראָפּאָרציע פון זעקס צו איינס צווישן וואָס און וועלכער".

אַזוי ווי אין אונדזער פּרעסע ניצט מען וועלכער זייער אָפט און אַזוי ווי אויך אונדזערע רעדנערס האָבן אַ שוואַכקייט צו אָט דעם אופן אויפבויען אַט־ריבוטיווע בײַזאַצן, ווילט זיך מיר באַשטעטיקן, אַז אַזאַ אַלגעמיין אָנערקענטער סטיליסט ווי דוד בערגעלסאָן מיידט באמת אויס דעם בייזאַץ מיט וועלכער, וועלכן... און האָט אַ בפירושע נטיה צום אַטריבוטיוון בייזאַץ וואָס הייבט זיך אָן מיט וואָס.

איך האָב אָנגעהויבן לייענען נאָך אַלעמען און פון דאָרטן האָב איך שוין אויף די ערשטע זייטלעך פאַרנאָטירט אַ סך ביישפּילן פון אַטריבוטיווע בייזאַצן מיט וואָס. איך ברענג דאָ אַ פּעקל אַזעלכע ביישפּילן. זיי קומען דאָ איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס: א) וואָס איז אַ רעלאַטיווער פּראָנאָם, ד"ה ער פאַרבינדט דעם בייזאַץ מיטן הויפּטזאַץ און גלייכצייטיק איז ער אַ גליד פון בייזאַץ; ב) וואָס איז אַ קאָניונקציע, ד"ה וואָס דינט נאָר צו פאַרבינדן די ביידע זאַצן, אָבער וואָס איז ניט קיין גליד אין דעם בייזאַץ, און ווען מען לאָזט אים דורך באַקומט זיך אַ גאַנצער און פאַרזיכדיקער זאַץ.

א) 1. ...אַן עם־הארץ וואָס האָט ביי 48 יאָר אָנגעהויבן גיין אין נאָ־ענטן בית־המדרש וואָכעדיקע מנחה־און־מעריבס דאַוונען;

2. אַ נידעריקע און שטאַרק גראָבע יידענע וואָס האָט איבער איר אַסטמע־פּעלער געעטעמט הייזעריק און שווער;

3. געשאָלטן די געוועזענע כלה צוזאַמען מיטן וויסטן מאַריענבאַד וואָס האָט איר אומזיסט כּוח און מוח אויסגעבראַכט;

4. אינעם אָפּגעקאַלכטן פּריצישן שטיבל וואָס איז אין איין הויף מיטן דאָרפס־גלחס הויז געשטאַנען;

5. ער האָט אַכטונג געגעבן אויף די ארבעטער וואָס האָבן דעם ווייץ אין די נידעריקע, האַלב פינצטערע שאָפּן גערייניקט און געוווּיגן;
6. ער כאַפּט זיך אויף מיט יעדן קליינעם רעגנדל וואָס הייבט אָן פון די פאַרוואָלקנטע הימלען אין זיין בלעכענעם דאַך צו קלאַפּן;
7. דער מעקלער וואָס איז צו אים אָפּט מיט זיין פערד און וועגעלע געקומען;
8. ...געקאָנט דערציילן וועגן זיין עלטערן זון וואָס דינט ערגעץ אין אַ גרויסער באַנק, און וועגן דעם קלענערן וואָס לערנט אין פּאָלי־טעכניקום... וועגן דער 23יאָריקער מיידל וואָס האָט שטאַרק ליב דאָס דאָרף מיט דער היים.

ב. 1. שטיל און לייטיש ווי ביי די פּריצים, וואָס מיט זיי האָט ער דורכן פאָטער פון 16 יאָר אָן עסקים געהאַט;
2. ....דער בן־תּורה, וואָס דער קאָפּ איז בײַ אים תּמיד אין דער מסחר־לופט אַרומגעפלויגן;
3. ...די גאַנצע צייט, וואָס אין משך פון איר איז ער אַפילו איין מאָל אַהער נישט געקומען;
4. יענער גרויסשטאָטיקער סטודענט, וואָס דער פאָטער זיינער האָט אים נישט לאַנג פאַר די קינדער אַראָפּגעבראַכט;
5. ער האָט הנאה געהאַט פונעם נייעם מעבל, וואָס דערמיט האָט ער נישט לאַנג זיין פריציש שטיבל אויסגעשטעלט:
6. יענע אויסגעאיידלטע פּריצים, וואָס מיט זיי האָט ער שכנישע עסקים געהאַט;
7. געטראַכט עפּעס וועגן דעם ברויט, וואָס דערמיט האָבן זיי זיך אויף אַ זאַטן ווינטער פאַרגרייט.

ווי געזאָגט, באַגעגנט מען זעלטן דעם פּראָנאָם ועלכער, וועלכע. עס איז כאַראַקטעריסטיש ביי דוד בערגעלסאָנען דער וועלכער ניט נאָך דעם סובסטאַנ־טיוו, נאָר נאָך דעם פּראָנאָם יענער וואָס פאַרבייט דעם סובסטאַנטיוו, למשל:

1. זיי האָבן זיך נאָך עד־היום באַגעגנט מיט יענער וועלכע האָט אים די תּנאים אָפּגעשיקט;
2. זי האָט גענומען שעלטן יענע וועלכע האָט אים די תּנאים אָפּגעשיקט.

אָבער מיר טרעפן אויך ווען ניט ווען וועלכער נאָך אַ סובסטאַנטיוו, למשל:

1. יענע שטאָטיידן וועלכע זיינען אַהער געקומען דעם ווייץ ביי אים קויפן;
2. ...צו מירלען מיטן קרומען סטודענט וועלכע שפּאַנען גאַנצע טעג דאָרטן אין שטעטל אַרום;
3. ער האָט דורכגעלייענט אויפן קול יענע ערטער וועלכע ער האָט נישט פאַרשטאַנען.

איך מוז פֿאַרצייכענען אַ פֿאַל, ווען וועלכער איז בפירוש ניט געראָטן און וואָס וואָלט גרינגער געמאַכט דעם זאַץ: געטראַכט וועגן נחום טאַראַבייס שטאָל־צער און שלעכט־שווייגנדיקער טאָכטער, וועלכע ער האָט איין מאָל אין קרייז־שטאָט געזען.

אַזוי ווי אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל ווערט אָנגעוויזן, אַז עס איז געווען אַ פּלוגתּא, צי מען קען ניצן ווו אין אַן אַטריבוטיוון בייזאַץ, פֿאַרצייכן איך דאָ דרייביישפּילן פֿון אַזאַ מין בייזאַץ וואָס איך האָב באַגעגנט אויף די זעלביקע עט־לעכע זייטלעך בערגעלסאָן:

1. דאָס איז געווען אין צוקער־פֿאַבריק, ווו ער האָט פֿאַר זיינע צו־געשטעלטע בוריקעס געלט באַקומען;
2. ער האָט געטראָפֿן דעם אַלטן גראַף אינעם פּוסטן הויף, ווו דאָס מעבל איז שוין אַפֿילו פֿאַרפּאַקט געווען;
3. זי האָט זיך געלאָזט גיין אין עסצימער, ווו די מאַמע זיינע האָט פֿאַר פֿרעמדע מענטשן די געוועזענע כּלה זיינע געשאָלטן.

ווי נאָר מיר זאָלן פּרווון דאָ אַריינשטעלן אַנשטאָט ווו — אין וועלכן, דער־פֿילן מיר גלייך אויף וויפֿל בעסער עס איז דער ווו איידער די האַמעטנע און ניט יידישע קאָנסטרוקציע מיט אין וועלכן.

הכּלל, מיר דאַרפֿן זיך שטענדיק לערנען ווי צו בויען זאַצן ניט פֿון דער טאָגפּרעסע, נאָר פֿון דער שיינער ליטעראַטור, פֿון אונדזערע קלאַסיקערס און פֿון אונדזערע גרויסע בעלעטריסטן.

## מע שרייבט אונדז

39. ד״ר מ. וויינבערג, פֿון פּיטסבורג:

איך בין אַן אַלטער בייזבאָל־ליבהאָבער און איך וויל נעמען אַ וואָרט אין דער דעבאַטע וועגן אַ פּאָר טערמינען פֿון אָט דער שפּיל, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרטיקעלע „מען קען ניט סתּם אויסטראַכטן ווערטער״ (יידישע שפּראַך, ב׳ V, נומ׳ 1).

איך מיין אַז פֿאַר pitcher דאַרף מען נעמען פּשוט — וואַרפֿער. עס איז איבעריק צו דערמאָנען די פּילקע, מען ווייסט דאָך ווו דער חמור שטייט. און אויב פֿאַר bat האָט איר גענומען מקל (און ביי מיר האָט איר געפּועלט, הגם קען זיין אַז אויב יידישע חבֿרה וואָלט גערעדט יידיש ביים שפּילן בייזבאָל, וואָלט עס אפֿשר גאָר געהייסן ביי זיי... דער וואַלגערהאָלץ), איז דוכט זיך מיר מעג־לעך פֿאַר coach דאָס וואָרט מדריך.

מיר האַלטן, אַז דאָס וואָרט „מדריך״ פּאַסט זיך דאָ ניט אַריין. — רעדאַקטאָר.

40. י. גויכבערג, פֿון ניו־יאָרק:

מען דאַרף נישט אויסקלערן אַ וואָרט פֿאַר bat. אין אונדזער היימישן יידיש איז עס פֿאַראַן. ווען די יידישע קינדער אין נעמעראָוו פֿלעגן שפּילן אין

פּאַלענט, האָט דער שטעקן געהייסן די הילקע. איך רעכן אַז דאָס וואָרט איז געווען פאַרשפּרייט איבער פּאָדאָליע און אפשר אויך אין בעסאַראַביע.

דאס איז זיכער אן אויסגעצייכנט ווארט און א גוטע אילוסטראציע פאר דעם ווי אזוי מען דארף א דיאלעקטיש ווארט אריינגעמען אין כלל־שפּראך, ווען עס איז ניטא פון פריער קיין אנדער באצייכענונג פאר דעם באגריף. — רעד׳.

41. י. ד. גאָלדמאַן, פון ניו־יאָרק:

דאָס וואָרט pitcher וואָלט איך באַצייכנט פּשוט וואָרפער, אָן דעם ערשטן טייל פּילקע. אין ענגליש זאָגט מען דאָך אויך ניט ball pitcher. פאַרן וואָרט bat וואָלט מען אפשר געקענט ניצן דאָס וואָרט בולאווע. דאָס וואָרט איז פאַראַן אין ליטווישן יידיש און באַטייט סך־הכל אַ רונדער און גראָבער שטעקן, אָן ערך אַזאַ מין שטעקן וואָס מען ניצט ביים שפּילן בייזבאָל. פאַרן וואָרט coach איז דער ריכטיקסטער אויסדרוק — שפּילמייסטער. איך האַלט אַז דאָס גיט אין גאַנצן איבער די ארבעט, די פונקציעס פון דעם coach. איך האַלט אויך אַז דאָס וואָרט קלינגט ניט דייטשמעריש, ווייל מייסטער (מײַנסטער) איז אַוודאי אַן אַלט יידיש וואָרט.

הכלל, לאמיר דערווייל זיך אָפּשטעלן אויף די דריי ווערטער: וואָרפער, הילקע, שפּילמײַסטער. אפשר וועט עמעצער פון די לייענערס ברענגען א פּאַלקסטימלעך וואָרט אויך פאר ווארפער און שפּילמייסטער? — רעד׳.

42. מ. רעכטמאַן, פון ניו־יאָרק:

אין טאָג איז אַנוסטן געווען אַ קליין לידעלע „ביי אונדז" פון א. לוצקי. דאָס גאַנצע לידעלע איז אַזוי קורץ אַז מען קען עס דאָ ברענגען: „ביי אונדז שטייט אין חומש. בײַ אונדז מאַכט רשי. ביי אונדז ברענגט דער מדרש. ביי אונדז לערנט משלי. ביי אונדז ווינקט דער זוהר. ביי אונדז טיפּט קהלת. ביי אונדז זאָגט דער תּלמוד. ביי אונדז ווייזט דער רמבם. אַלץ ביי אונדז".

דאָ זיינען טאַקע צונויפגעקומען אַ פּאָר אמתע פאָלקסאויסדרוקן: עס שטייט אין חומש, רשי מאכט, דער מדרש ברענגט. אַזוי האָבן יידן זיך אויסגעדריקט און דווקא אַזוי. אָבער מען דאַרף וואָרענען קעגן די אַנדערע אויסדרוקן. אוודאי איז ניט טראַדיציאָנעל: „דער זוהר ווינקט", „קהלת טיפּט" — דאָס זיינען דאָך שוין מאָדערנע, אַפילו מאָדערניסטישע אויסדרוקן. חוץ דעם האָט מען דאָך קיין מאָל ניט געזאָגט „משלי לערנט", נאָר — שלמה המלך לערנט אין משלי, אָדער זאגט אין משלי. עס איז אויך קיין מאָל קיין יידן ניט איינגעפאַלן צו זאָגן „דער תּלמוד זאָגט", נאָר עס איז געווען אַ גרייטער אויסדרוק: די גמרא זאגט.

43. שלמה בערקאָוויטש, פון דעטראָיט:

עס איז ביי מיר אַלע מאָל אַ שטיקעלע שמחה, ווען איך באַקום אַ נומער יידישע שפּראַך און איך קלער דערביי: גוואלד, ווו זייט איר געווען מיט אַ 20־30 יאָר צוריק? איך האָב נאָר וואָס דורכגעלייענט יודל מאַרקס אַרבעט וועגן ד"ר ח. זשיטלאָווסקיס שפּראַך און איך האַלט אַז דאָס איז אַ גוטע שטודיע. אין צו־זאַמענהאַנג מיט אָט דער אַרבעט וויל איך פאַרלייגן אָט וואָס: ד"ר חיים זשיט־

לאָווסקי האָט געהאַט זייער געלונגענע שפּראַכלעכע איינפאַלן ניט נאָר ביים שרייבן, נאָר אויך בעתן ריידן. כאָטש אַלע זיינע רעדעס האָט ער פֿריער געהאַט אָנגעשריבן און זיי אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק (אַזוי האָט מיר זיין ידיד קאָפּעלאָוו דערציילט), דאַך בעת ער פֿלעגט ענטפֿערן אויף פּראַגעס, פֿלעגן זיך ביי אים שטענדיק אַרויסכאַפּן זייער געלונגענע ווערטלעך. לכן, ווי וואָלט געווען דער דין איר זאָלט עפֿענען אַ קליינעם אָפּטייל „זשיטלאָווסקי בעל־פּה"?

אַדרבה, מיר בעטן אַלע פֿריינד וואָס האָבן אַ סך מאָל געהערט ד"ר זשיט־לאָווסקין און געדענקען זיינע געראָטענע ווערטלעך, זיי זאָלן דעם מאַטעריאַל אונדז אַריינשיקן. — רעד'.

44. ד"ר א. זוהל, פֿון ניו־יאָרק:

ביי אונדז אין מאָנאַסטרישטש, גאַליציע, האָט מען געניצט דעם ווערב קללהן, ד"ה שעלטן מיט קללות וואָס יאָגן איינע די צווייטע. איך האָב דאָס וואָרט שפּעטער ניט געהערט און ניט באַגעגנט אין דער יידישער ליטעראַטור. דעריבער מיין איך אַז עס איז ווערט, דאָס וואָרט זאָל דאָ פֿאַרצייכנט ווערן.

45. ז. ב. קאָמייקאָ, פֿון שיקאַגאָ:

„אַ ביסל מאַטעריאַלן פֿאַרן יידישן ווערטערבוך" (יידישע שפּראַך, ב' V, נומ' 1) פֿון אונדזער פֿריינד און דיכטער אַבֿרהם רייזען איז געוויס אַ גרויסער צושטייער. אפֿשר וועלן אויך אנדערע פֿריינד פֿון אַנדערע געגנטן זיך דער־מאָנען כאַראַקטעריסטישע ווערטער פֿון זייערע שטעט און שטעטלעך. ביי דער געלעגנהייט רעכן איך אַז איך מעג דערמאָנען אונדזערע פֿריינד: עס וועט חלילה ניט שאַטן, אויב מען זאָל ברענגען אַן ענגליש וואָרט כדי דייטלעך צו דערקלערן דאָס יידישע וואָרט וואָס איז ניט אומעטום באַקאַנט, און דערמיט איינשפּאָרן אַ גאַנצן זאַץ אין יידיש. אָט לאָמיר נעמען דאָס וואָרט ווײַנקוואַסאַ'ק, וואָס מען דאַרף עס דערקלערן מיט גאַנצע דריי שורות. אויב ביי אָט דעם וואָרט וואָלט מען צוגעשטעלט דאָס ענגלישע וואָרט cider, וואָלט מען זיך פֿאַרשפּאָרט די טרחה. יידן אין אַמעריקע ווייסן וואָס דער געטראַנק „סיידער" איז.

ווען עפּעס לאָזט זיך דערקלערן אויף יידיש און עס קענען דערביי ניט זיין קיין אומקלאָרקייטן און צווייִדייטיקייטן, דאַרף מען ניט אָנקומען צו ענגליש שוין מחמת דעם וואָס יידישע שפּראַך לייענען פֿריינד אין ניט־ענגליש־רעדנדיקע לענדער, וואָס פֿאַר זיי איז דאָס ענגלישע וואָרט ניט קיין מיטל צו דערקלערן. אגבֿ, איז ווײַנקוואַסאָק ניט cider, דאָס לעצטע איז עפּלקוואַס. — רעד'.

46. ש. הורוויץ, פֿון ניו־יאָרק:

פֿאַר א יאָרן זומער האָב איך די וואַקאַציע מיינע פֿאַרבראַכט אין די בערג, ביי אַ פֿאַרמער. דער פֿאַרמער האָט פֿאַרדונגען צימערן מיט קעסט און אָן קעסט. די סיסטעם צו דינגען בלויז דאָס צימער אָן קעסט און דער וואָס האָט עס געדונגען האָט אויפֿן לשון פֿון די זומערגעסט געהייסן „אַ קאָך־אַליין". — „איך בין אַ קאָך־אַליין", — האָט אייך געקענט זאָגן אַ ווייבל וואָס האָט גע־דונגען נאָר אַ צימער. עס איז טשיקאַווע וואָס אָט דעם אויסדרוק האָט מען געניצט אַפֿילו ווען מען האָט גערעדט ענגליש.

# שאלות און תשובות

.175 פון וואַנעט נעמט זיך די שוואַכקייט בײַם ייִוואָ צו שרײַבן מזרח אָדער מנהג אַלע מאָל מיט אַ יוד נאָכן מם: מיזרח, מינהג? אין די העברעיִשע ווערטערביכער ווערן אָט די ווערטער נאָטירט אָן אַ יוד. אין תּנך וועט מען אוודאי נישט טרעפן מזרח מיט אַ יוד. טאָ ווי קומט דאָ אַרײַן אַ יוד? אגב, זײַט איר נישט אויסגעהאַלטן: אין ייִדישע שפּראַך טרעף איך די זעלביקע ווערטער אָן אַ יוד. איך וואָלט געוואָלט קריגן אַן אויפקלערונג.

אין די תּקנות פאַרן אויסלייג וואָס דער ייִוואָ האָט אויסגעאַרבעט איז דער פּונקט ניטאָ, און די פראַגע וועגן אַ יוד אין די געשלאָסענע טראַפן ביי העברעיזמען איז אַן ענין פון מנהג, נישט פון דין. אין די ייִוואָ־בלעטער האָט זיך איינגעשטעלט די סיסטעם צו שרייבן שטענדיק מלא, מיט אַ יוד אויך אין די געשלאָסענע טראַפן, אויב דער טראַף איז אַ באַטאָנטער און ס׳הערט זיך i, און דערביי האָט מען זיך באַזירט אויף דעם אויסלייגן די ווערטער אין דער רבנישער ליטעראַטור, אויף אַ געוויסער טראַדיציע אין אַ טייל אַלטע ייִדישע ספרים. אין ייִדישע שפּראַך ווערט גע־מאַכט אַן אונטערשייד צווישן אָפענע טראַפן מיט אַ יוד (למשל: קהילה, תּפי־לה, עיקר, היסור, חיבור א״אַ) און גע־שלאָסענע טראַפן אָן אַ יוד (למשל: ענין, מזרח, מנהג, תּשעה־באָב, משפּט, מסחר און אַנדערע).

(די פראַגע 175 האָט צוגעשיקט
מ. קושנער, ניו־יאָרק).

.176 זאַלבענאַנד און זאַלבעצווייט זײַנען טאַקע סינאָנימען, אָבער ווען איך האָב באַ־געגנט אין אַ ליד דאָס וואָרט זאַלבעצווייט — איז עס מיר אויסגעקומען געקינצלט, בלויז צוליבן גראַם. צי איז זאַלבעצווייט אויך אַ פאָלקסוואָרט?

עס איז נישטאָ קיין שום געקינצלט־קייט אין אַזאַ וואָרט ווי זאַלבעצווייט. עס איז אַ פאָלקסוואָרט. פאַרשטייט זיך אַז עס זײַנען פאַראַן פאַלן, ווען מען קען ניט פאַרבײַטן איין וואָרט מיטן צווייטן, למשל, מיר האָבן ניט געגעסן זאַלבע־דריט, בלויז זאַלבעצווייט.

.177 אַן אַלטע פרוי וואָס שטאַמט פון רו־מעניע האָט געהאַט אַ טבע, ווען זי האָט גע־וואָלט עמעצן אָפּזידלען אָדער זאָגן עפּעס שלעכטס וועגן אַ מענטשן, אַ זאָג צו טון: ער איז אַ „מעסדאַרג“. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין וואָרט? וואָס באַטײַט עס און פון וואַנעט שטאַמט עס?

מען דאַרף זיך משער זײַן אַז דאָס איז פאַרגרייזט פון נחות דרגא (אַרויסגע־רעדט. נאָכעסדאָ׳רגע), וואָס באַטייט אין תּלמוד: אַ געפאַלענער, אַ יורד. דאָס וואָרט ווערט געניצט אין ייִדיש מיט דעם זעלביקן באַטייט און אויך מיט אַ ביסל אַן אַנדער באַטײַט: אַ מענטש פון אַ נידעריקן אָפּשטאַם, אַ מענטש מיט אַ שלעכטן כאַראַקטער, אַ געמיינער מענטש.

(די פראַגעס 176—177 האָט צוגעשיקט
ש. הורוויץ, ברוקלין)

.178 מייַנער אַ פרײַנד האָט געעפנט פאַר מיר אַן ענגלישע צײַטונג מיט אַ גרויסן אַנאָנס, מען זאָל קויפן מלחמה־אָבליגאַציעס. דער נוסח פון דעם אַנאָנס איז אַ קורצער:

Money talks. Make it speak the only language the Axis understands: the rumble of tanks, the zooming of planes, the crack of rifles, the roar of cannon, the bursting of bombs.

נו, זאָגט צו מיר מײַן פרײַנד, זײַ אַ בריה, זעץ איבער די אַלע ווערטער וואָס באַצייכענען פאַרשיידענע מינים גערוישן אויף ייִדיש. עס איז מיר ניט געגאַנגען, און מיר האָבן ביידע באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער רעדאַקציע ייִדישע שפּראַך.

די שווערקייט באַשטייט אין געפינען באַזונדערע ווערטער פאַר די מינים גערוישן וואָס ווערן באַצייכנט דורך די ווערטער: rumble, zooming, crack, roar, bursting.

לאָמיר זיך פּרוּוון און מיר בעטן גלייכצייטיק אונדזערע פריינד צו געפינען פּאַסיקערע ווערטער, אויב זיי זיינען ניט צופרידן מיט אונדזער איבערזעצן: דאָס ברומען פון טאַנקען, דאָס זשומען פון עראָפּלאַנען, דאָס קנאַלן פון ביקסן, דאָס ברילן פון האַרמאַטן, דאָס בראַזגען פון באָמבעס. עס איז אפשר בעסער דאָ אומעטום צו ניצן די סובסטאַנטיוון מיט דעם פּרעפיקס גע־: דאָס געברום, דאָס געזשום, דאָס געקנאַל, דאָס געבריל, דאָס געבראַזג. עס איז אויך מיגלעך צו מאַכן עס פאַרשיידנדיקער: דאָס געברום פון טאַנקען, דאָס זשומען פון עראָפּלאַנען, די קנאַלערייַ פון ביקסן, דער בריל פון האַרמאַטן, דאָס בראַזגען פון באָמבעס. הכלל, מיר מיינען אַז אין יידיש קען מען געפינען באַזונדערע ווערטער פאַר די אַלע קלאַנגען, און אַגב האָט מען דאָ געקענט איינזען אַז יידיש האָט אַזוי פיל אופנים ווי אַזוי צו שאַפן אַ זאַכוואָרט פון אַ צייטוואָרט — בכל אופן ניט ווינציקער ווי ענגליש.

(די פראַגע 178 האָט צוגעשיקט
מ. מ־ער, ברידזשפּאָרט, קאָנ׳).

**179.** אין דער מעשׂה „סאיז גוט“ פון פּרצעס פאָלקסטימלעכע געשיכטן (צום סוף פון דער מעשׂה) איז פאַראַן אַזאַ פראַזע: „א קאַפּל מיט זילבערנע און גאָלדענע שפּאַניעס“. פאַרטייטשט אונדז דאָס וואָרט שפּאַניעס.

שפּאַניע, מערצאָל שפּאַניעס (עס איז אויך פאַראַן די פאָרעם שפּאַניער) הייסט דאָס אויסגעהאָפטענע פון גאָלדענע, פון זילבערנע און אַנדערע טייערע און גלאַנציקע פעדעם, קען אויך זיין געשטיקט מיט טייערע שטיינדעלעך, הכלל — בראָקאַד.

(די פראַגע 179 האָט צוגעשיקט
זוניע בילענקין, דעטראָיט).

**180.** וואָס איז דער אונטערשייד צווישן טומפּ, טעמפּ און שטומפּיק?

ניט אין אַלע ריידענישן זיינען פאַראַן די אַלע דריי פאָרמען און ס׳רוב האָט דאָס וואָרט טעמפּ, דאָס פאַרשפּרייטסטע צווישן די דריי, די באַטייטן: א) ניט שאַרף, למשל, אַ טעמפּ מעסער; ב) ניט שאַרפזיניק, ניט גרינג אויף דער הבנה, למשל אין דעם פאָלקספאַרגלייַך: טעמפּ ווי אַ פויער, און ג) ניט קלינגיק, ניט הילכיק, למשל: אַ טעמפּער קלאַנג. אין אַ סך ליטווישע ריידענישן זיינען געווען אַלע דריי ווערטער, און געווינטלעך האָט מען געמאַכט אַזאַ חילוק: שטומפּיק איז אַ מעסער, אַ האַק, אַלץ וואָס מען דאַרף שאַרפן; טעמפּ איז אַ נאַר, אַ גולם, אַ טעמפּער מוח; טומפּ און דומפּ איז ניט הילכיק, ניט קלינגיק. עס וואָלט געווען זייער גוט אז די לייענערס זאָלן זיך דערמאָנען דעם חילוק צווישן די דריי פאָרמען אין זייער היימישער שפּראַך.

(די פראַגע 180 האָט צוגעשיקט
ש. ס., ברוקלין).

רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע: מ. ווײַנרײַך, יודאַ אַ. יאָפע, יודל מאַרק, ש. ניגער.
רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A Bi-Monthly
Devoted to the
**PROBLEMS OF
STANDARD YIDDISH**
Published by the
Section of Linguistics,
Yiddish Scientific
Institute

**TABLE OF CONTENTS**



**May-June, 1945**

**Vol. V, No. 3**

**...a U. S. A.**

# ייִדישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
ייִדישער כּלל־שפּראַך

אַרויסגעגעבן
איין מאָל אין צוויי חדשים
פֿון דער פֿילאָלאָגישער סעקציע
פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן
אינסטיטוט



## אינהאַלט:



באַנד V, נומ׳ 4—6
1945

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט — ייִוואָ

פילאָלאָגישע סעקציע

ס׳גייט אַרויס פֿון דרוק

# דער קאַמף קעגן אַזאַרטשפּילן בײַ ייִדן

## אַ שטודיע אין פֿינף הונדערט יאָר ייִדישע פּאָעזיע און קולטור־געשיכטע

פֿון

**יצחק ריבקינד**

אינהאַלט:

הקדמה; אַלטייִדישע שפּיללידער (א. דאָס העברעיִש־ייִדישע ליד פֿון שמואל הוגרלן; ב. מוסר און פּאַראָדיע; ג. פֿראַגמענטאַרישע שפּיללידער; ד. דאָס ליד פֿון די שפּיל־לידער); אַזאַרטשפּילן אין ייִדישע פֿאָלקסלידער (א. קאָרטן און גאָרטן; ב. ליבע און קאָרטן; ג. פֿאַרשפּילטע לעבנס); מאָדערנע שפּיללידער (א. ייִדן שפּילן; ב. פֿאַרשפּילט דאָס ווײַב; ג. נײַע צײַטן; ד. נײַע שפּילן; ה. נוסח אַמעריקע; ו. שפּילער און פֿאַרשפּילער; ז. אַ יום־כּיפּור־לעגענדע); אַ בריוו און אַ שפּאָטליד אויף לאָטעריע; שלמה דויקלרס הומאָרעסקע עז שפּיהל בזוהן; שפּיל־לשון; הוספות; זוכצעטלען.

14 רעפּראָדוקציעס און בילדער

# א זאַמלונג פֿאָלקספֿאַרגלײַכן

## פון יודל מארק

### א וואָרט אפריער

דער פֿאָלקספֿאַרגלײַך איז אַן אָפּטער און וויכטיקער באַשטאַנדטייל אין אונדזערע רייד. ווען מיר זאָגן ליכטיק, זיינען מיר געוווינט צוצוגעבן — ווי די זון; ווען מיר זאָגן קלאָר, האָבן מיר אַ גרייטן פֿאַרגלײַך — ווי דער טאָג. ביי אַט דעם מין פֿאַרגלײַכן זיינען מיר ניט שעפעריש, ווי ביי יענע פֿאַרגלײַכן צו וועלכע מיר דערטראַכטן זיך אליין; ווי אין יענע פֿאַלן ווען מיר דערזעען פּלוצעם אַן ענלעכקייט אין אומגעריכטע, אַזא וואָס וואַרפט זיך גאָרניט אין די אויגן, אַזאַ וואָס קומט אויף אַ דאַנק אַ שפּיל פון אַן אסאָציאַציע, אָדער אַן אריינטראַכטן זיך.

ביי אַ פֿאָלקספֿאַרגלײַך טוען מיר קיין נייס ניט אויף. דאָ אַרבעט דער זכּרון. מיר דערמאָנען זיך בלויז גרייטע, פאַרטיקע פאַרבינדונגען פון ווערטער. מיר נעמען זיי ווי זיי שטייען און גייען פון דעם גרויסן אוצר וואָס דאָס פֿאָלק האָט צונויפגעקליבן, אָפּגעהיט און איבערגעגעבן דעם יחיד צו ניצן געזונטערהייט.

מען קען זאָגן אַז דער פֿאָלקספֿאַרגלײַך איז אַ טייל פון פֿאָלקלאָר, אַזוי ווי דאָס שפּריכוואָרט. אָבער יעמאָלט דאַרף מען דעם באַגריף פֿאָלקלאָר נעמען זייער ברייט, אַזוי ברייט אַז דאָס גאַנצע שאַפן אידיאָמען זאָל אַריין אין אים. בכל אופן איז דער פֿאָלקספֿאַרגלײַך אַ באַזונדער פעלד אין דעם שפּראַכיקן שאַפן פון פֿאָלק. און גראַד אויף אַט דעם פעלד האָט זיך דאָס יידיש רעדנדיקע פֿאָלק שטאַרק אויסגעצייכנט און געווען ביז גאָר פּראָדוקטיוו. עס זיינען בלי ספק פאַראַן נאָך טויזנטער און טויזנטער פֿאַרשפּרייטע פֿאָלקספֿאַרגלײַכן, וואָס זיי קומען ניט אַריין אין דער זאַמלונג וועלכע ווערט דאָ געדרוקט, הגם דאָ ווערן וויַיטער געגעבן איבער 2,800 פֿאָלקספֿאַרגלײַכן. עס וואָלט אַוודאי געווען אַ מצווה, אויב אונדזערע לייענערס וואָלטן זיך אַ נעם געטאָן צו דערגאַנצן די זאַמלונג. מיר וועלן מיט פֿאַרגעניגן דרוקן אַלע מלואים וואָס וועלן צוקומען.

עס זיינען פֿאַראַן פֿאָלקספֿאַרגלײַכן וואָס מען ניצט זיי אומעטום וווּ מען רעדט יידיש, און עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס מען קען זיי נאָר אין געוויסע געגנטן. ס'איז פונקט דאָס אייגענע ווי מיט ווערטער. דעריבער וועלן טייל לייע־נערס זיך צונויפשטויסן מיט אַ סך פֿאַרגלײַכן וואָס זיי האָבן ניט געהערט אָדער וואָס קומען זיי אויס מאָדנע צי געקינצלט, בעת אין דער אמתן זיינען זיי אַלע גענומען פון דעם קוואַל, וואָס לאָזט זיך שווער אויסשעפּן — פון גערעדטן לשון פון פֿאָלק.

צונויפגענומען די אַלע פאַרגלײַכן האָבן יונגע חברה אין עלטער פון 13—15 יאָר. די אַלע פאַרגלײַכן שטאַמען פון איין ווינקל אין ליטע: פון ווילקאָמיר און פון קאָוונע, וואָס דער מהלך צווישן זיי איז סך־הכל 70 קילאָמעטער און די נסיעה מיטן אויטאָבוס האָט געדויערט דרײַ שעה. די זאַמלערס זײַנען געווען תּלמידים פון די פינפטע קלאַסן פון צוויי יידישע גימנאַזיעס: פון דער ווילקאָמירער יידישער רעאַל־גימנאַזיע און פון דער קאָוו־נער יידישער קאָמערץ־גימנאַזיע (שפּעטער זיך גערופן שלום־עליכם־גימנאַזיע).

די אַרבעט איז געווען אַ פּראָיעקט ביים לערנען יידיש, גענויער — טעאָריע פון ליטעראַטור אָדער ליטעראַטור־קענטעניש. אין פּראָגראַם איז אַרײַן דאָס באַ־קענען די תּלמידים מיט פאַרשיידענע אופנים פון פיגוראַטיוו און מעטאָנימישן אויסדריקן זיך. בכן, איז אויסגעקומען צו לערנען וועגן קינסטלערישן פאַרגלײַך. בשייכות מיט דעם האָט מען געדאַרפט אויך אויפקלערן דעם חילוק צווישן דעם יחידיש געשאַפענעם פאַרגלייך און דעם באַשטענדיקן, דעם גרייטן פאָלקס־פאַרגלײַך. האָט דער קלאַס גענומען אויף זיך אָן אויפגאַבע צונויפצוקלייבן, וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן, באַשטענדיקע פאָלקספאַרגלײַכן. דאָס ערשטע מאָל איז עס דורכגעפירט געוואָרן אין ווילקאָמיר. דאָס לערניאָר איז געווען אָדער 1925/1926 אָדער 1926/1927. דאָס צווייטע מאָל האָבן די זעלביקע אַרבעט (פאַר־שטייט זיך גאַנץ אומאָפּהענגיק פון דער ערשטער) דורכגעפירט קאָוונער תּלמי־דים אין דעם לערניאָר 1935/1936. ביז גאָר אַ הויכער פּראָצענט פון דער זאַמלונג זײַנען געווען אַלצאײַנע פאַרגלײַכן.

אַלע פאָלקספאַרגלײַכן קומען דאָ ווײַטער סאָרטירט, נאָך יסוד־ווערטער נאָך. און די יסוד־ווערטער גופא זײַנען דאָ גרופּירט אַזוי: אַדיעקטיוון און פּאַרטי־ציפּן, ווערבן, סובסטאַנטיוון.

מען האָט ניט געדאַרפט זוכן די פאַרגלײַכן אין ביכער. עס איז געווען אָנגעזאָגט, מען זאָל זיי נעמען פון זכרון. אָבער מען קען קיין מאָל ניט וויסן, צי אַלע האָבן טאַקע שטרענג אויסגעפאָלגט די אינסטרוקציע, ווײַל די אַרבעט איז געווען אויפגעגעבן ווי אַ פּאַרמעסט.[1] עס טוט מיר ווײ דאָס האַרץ וואָס איך

[1] איך געדענק אז אין אנהייב האב איך אין ווילקאמיר אויפגעגעבן דעם קלאס צונויפ־צוקלייבן 333 פאלקספארגלייכן. אבער שוין דעם אנדערן טאג האט מען געהאט אריבערגעשטיגן אט דעם באשיידענעם סכום. האבן מיר זיך געשטעלט א גרעסערן ציל — 777 פאלקספארגלײַכן, און מען האט אין א פאר וואכן אויך דעם סכום אריבערגעיאגט. האבן מיר גענומען זיך א דריטן ציל 1,111 פאלקספארגלייכן. מיר האבן דערגרייכט אויך די צאל, אבער שוין מיט מער אנשטרענגונג. כדי ניט צו פארנעמען זיך כסדר מיטן זעלביקן ענין האבן מיר זיך קיין ציל 2,222 ניט געשטעלט. אין קאוונע האב איך קיין ציל ניט געשטעלט. איך האב בלויז דערציי'לט וועגן פארמעסט אין ווילקאמיר און געגעבן עטלעכע צענדלינג יסוד־ווערטער, ווי שנירלעך אויף ארויפצוציען די פארגלייכן אויף זיי. דאס האט לכתחילה געגעבן א גרויסן שטויס דער ארבעט, און מען האט שפעטער געבראכט א שלל פארגלייכן מיט אַנדערע יסוד־ווערטער. אין ביידע שולן איז עס געווען א פריילעכע ארבעט, פארבונדן ביי די תלמידים מיט א באגער איבערצויאָגן איינער דעם צווייטן.

האָב ניט אויפֿגעהיט די אָריגינעלע צעטעלעך פֿון די תּלמידים: עס האָט מיר ניט געקענט אײַנפֿאַלן, וואָסער גורל עס איז זיי באַשערט.

חוץ דער זאַמלונג, קען מען געפֿינען אַ היפּשע צאָל פֿאָלקספֿאַרגלײַכן אין ש. באַסטאָמסקיס בײַם קוואַל, ווילנע 1920, זז׳ 77—86.

## די זאַמלונג פֿון די תּלמידים פֿון ווילקאָמירער יידישער רעאַל־גימנאַזיע און פֿון קאָוונער יידישער קאָמערץ־גימנאַזיע

### I. דער פֿאַרגלײַך כאַראַקטעריזירט אַן אייגנשאַפֿט

**אויסגעבאַקן**
ווי אויף דער זון,
ווי אין אויוון.

**אויסגעבויגן**
ווי אַ ווערבע,
ווי אַ ווערבע אין ווינט,
ווי אַן אַלטע באָבעצע,
ווי אַ קאַטשערע.

**אויסגעטריקנט**
ווי אַ שפּענדל,
ווי אַ שפּאָן,
ווי אַ שפּאָן אין דער זון,
ווי אַ קלאָץ אויף דער זון,
ווי פֿון סוכאָטע,
ווי אַ מיינקע.[2]

**אויסגעפּוצט**
ווי אַ חתן־בחור,
ווי אַ כּלה,
ווי אַ כּלה אונטער דער חופּה,
ווי אַ רייכע מחותּנתטע,
ווי אַ פּאַנפּאַראַנקע,[3]
ווי חוהלע צום גט,
ווי חיהלע צום גט,
ווי אַ פּרינץ,
ווי אַ פּרינצעסין.

**אויסגעצוואָגן**
ווי אַ בת־יחידקעלע,
ווי ערב יום־טוב,
ווי ערב־שבת,
ווי אונטער אַ רעגן.

**אַזוי פֿיל**
ווי וואַסער,
ווי זאַמד,
ווי זאַמד און ערד,
ווי באָב,
ווי מאָן,
ווי מילך,
ווי מיסט,
ווי מיסט אויף די גאַסן,
ווי רעגן־וואַסער,
ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן,
ווי אַ היישעריק וואַלט באַפֿאַלן.

**איבעריק**
ווי האַרצווייטאָג,
ווי קאָפּדרייעניש,
ווי אַ לאָך אין קאָפּ,
ווי אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן,
ווי רבנו תּמס תּפֿילין,[4]

**איידל**
ווי אַ קנײדל,
ווי אַ שמעדיקע מיידל,
ווי אין יאַטקע,
ווי אַ פּרינצעסין,
ווי אַ בת־מלכּה.

**אײַנגעבויגן**
ווי אַ ביימל אין ווינט,

---

[2] אין דער שטעטל און אין נאָך אַ פּאָר, ווו עס טרעפֿט זיך דאָס וואָרט מיינקע, האָב איך צוגעגעבן די פֿאַרגלײַכן. זיי שטאַמען פֿון פּאַלאַנגע, ביים באַלטישן ים, ווו מען האָט געכאַפּט אַ סך מיינקעס און מען האָט זיי געטריקנט זומער אויף דער זון.

אַ מיינקע איז אַ dolphin, dolfin; אין דער וויסנשאַפֿטלעכער טערמינאָלאָגיע coryphaena hippurus.

[3] דאָס וואָרט האָט מען גענוצט נאָר אין דעם פֿאַרגלײַך, ניט פֿאַר זיך. פּאַנפּאַראַנקע: פּוצערקע, פּוסטע קאָקעטקע, לײַכטזיניקע מיידל.

[4] ווייזט אויף דער מתנגדישער סביבה, ווו עס האָט געקענט אויפֿקומען אַזאַ פֿאַרגלײַך.

וי א װערבע,
װי א הויקער,
װי דער דלות,
װי אן אָרעמער ברודער,
װי דער קרוק.

### איינער אַליין

װי א װאָלקאָלאַק,[5]
װי א דראָנג,
װי א האָלץ,
װי א טעלעגראַף־שטאַנג,
װי א פינגער,
װי א שטיין,
װי אויפן ים,
װי אין װאַלד.

### אַלט

װי דער באָבעס מעשה,
װי א באָק,
װי א דעמב,
װי א װאַלד,
װי מעשה בראשית,
װי מתושלח,
װי א צעריסענער קאַמאַש,
װי א שלורע,[6]
װי א שמאַטע,
װי תרח.

### אָנגעבלאָזן

װי אן אינדיק,
װי א ברוגזער מחותן,
װי א טעלדזער[7] חתן,
װי א פּעמפּיק,
װי א פּענכער,
װי א פּעטער.

### אָנגעצויגן

װי א געשװיר,
װי א מכה,
װי א סטרונע.

### אָפּגעריסן (אָפּגעשליסן)

װי א בעטלער,
װי א לורבע[8] (לורביס),
װי הינט װאָלטן אים באַפאַלן.

### אָפּן

װי די טירן ביַי אברהם אבינו,
װי א סטאַדאָלע,
װי א (גוט) הארץ.

### אָרעם

װי א גריל,
װי א װאַנץ,
װי א קלויזניק,
װי א שיכּורניק.

### באַהאַװנט

װי א ייִד אין אשרי,
װי דער יישובניק אין דער הגדה.

### ביטער

װי גאַל,
װי גיפט,
װי גראָז,
װי דער גלות,
װי דער ייִדישער גלות,
װי דער דלות,
װי דער דלות אן הויזן,
װי דער טויט,
װי אן אומגעריכטער טויט,
װי סם,
װי פּילן,
װי א רפואה,
װי פעפער,
װי פעפער אין נאָז,
װי רויך אין די אויגן,
װי דעם אָרעמאַנס מערכה,
װי דעם אָרעמאַנס מזל.

### בייז

װי א הונט,
װי א כּלב,
װי א כלבטע,
װי א טיגער,
װי א צויג,

---

[5] דאס װארט פאר זיך האט מען שוין ניט געניצט. די תּלמידים האבן ביים ברענגען דעם פארגליַיך ניט געװוּסט זיין באטייט. װאלקאלאק: לעגענדארע בייזע באשעפעניש װאס האָט פיגורירט אין פאַרשיידענע מעשיות ביַי די ניט־ייִדישע שכנים.
[6] א שטעקשוך.
[7] טעלדז איז געװען א שטאָט פון תּורה, און א חתן פון טעלדז איז געװען א יחסן.
[8] אן אָפּגעריסענער, א מענטש װאָס האלט זיך ניט ריין, א שלעפער.

ווי א שלאנג,
ווי די שוויגער,
ווי א הונט אויף א קייט,
ווי א בעזדעטנע שוויגער.[9]

## בלאָס

ווי די וואנט,
ווי א טוך,
ווי קאלך,
ווי א לייוונט,
ווי דער טויט,
ווי א מת,
ווי א פגירה,
ווי די לבנה.

## בלוי

ווי דער הימל,
ווי וואסער,
ווי דער ים,
ווי דער טייך,
ווי טינט,
ווי א מילץ,
ווי א בלימל צווישן קאָרן,
ווי אין א גרויסן פראָסט,
ווי א געהאנגענער,
ווי א דערשטיקטער,
ווי מײַנע געשעפטן.

## בלייך

ווי די וואנט,
ווי א טוך,
ווי א מת,
ווי אין תּכריכים,
ווי דער טויט,
ווי קאלך,
ווי קרייד,
ווי לייוונט,
ווי א ליילעך,
ווי פּאפּיר,
ווי א יתומל,
ווי דער שאָטן,
ווי א דערשראָקענער האָז.

## בלינד

ווי די וואנט,
ווי די ליבע,
ווי די נאכט,
ווי א מאמע אויף איר קינד.

## בעסער

ווי גוט,
ווי געוווּנטשן,
ווי איך אליין האָב געוואָלט.

## גוט

ווי א דימענט,
ווי די וועלט,
ווי דער טאָג,
ווי גאָלד,
ווי אין גן־עדן,
ווי אין פּוטער,
ווי ביים טאטן אין ווייַנגאָרטן,
ווי אַן אייגענע מאמע,
ווי צו אַן אייגן קינד,
ווי באשמירט מיט האניק,
ווי נאכן פינפטן גלעזל,
ווי צוצולייגן צו א מכּה,
ווי פּיזעם[10] צו א מכּה (ווונד).

## גיך

ווי א באַן,
ווי דער ווינט,
ווי א מזמור,
ווי דער טויט,
ווי דער מלאך־המוות,
ווי א בייזע בשורה,
ווי זאגן אַן אלטן פּזמון.

## גלאַט

ווי א הינטן,
ווי סאמעט,
ווי געהובלט,
ווי ביי דער באָבען,
ווי א ליגן,
ווי אייז,
ווי אויפן אייז.

## גלייך

ווי א ווירע,
ווי א סטרונע,

[9] פארשטייט זיך, א חיץ.
[10] דאס ווארט פֿאר זיך איז שוין ניט געווען אין לשון פון די תּלמידים, און מען האט געדארפט דערקלערן זיין באטייט: א רפואה, א תּרופֿה פאר א ווונד, א באלזאם.

ווי ער וואלט איינגעשלונגען א שטעקן
(א פלאקן),
ווי א קאטשערע,
ווי צוויי טראפן(ס) וואסער.

**גליקלעך**

ווי אן אלטע כלה,
ווי אן אלטע מויד וואס ווערט א כלה,
ווי ערשט געבארן,
ווי די ראבע הון,
ווי די ראבע קאץ,
ווי א תם.

**געדיכט**

ווי בעבלעך,
ווי קאשע,
ווי רשי־כתב,
ווי ווערעם אין ד...

**געזאלצן**

ווי א הערינג,
ווי טרערן,
ווי דער ים,
ווי ליאק,
ווי ראפע,
ווי דער ים המלח.

**געזונט**

ווי אייזן,
ווי אן אײַזן,
ווי א שטיק אײַזן,
ווי א גוי,
ווי א פויער,
ווי יורקע,
ווי יורע,
ווי א פורמאן,
ווי א שמייסער,
ווי א מויער,
ווי מויער און צעמענט,
ווי א בוים,
ווי א קלאץ,
ווי א שטיין,
ווי א קירבעס.

**געל**

ווי אן איי,
ווי בוימל,
ווי גאלד,
ווי א גריי׳בענע [11]
ווי ד...,
ווי האניק,
ווי וואקס,
ווי זאמד,
ווי זאפרען,
ווי די זון,
ווי א לימענע,
ווי א מער,
ווי א מת,
ווי פוטער,
ווי א ציטרין,
ווי גענדזענע שמאלץ,
ווי א בלאט נאך סוכות.

**גערא̈טן**

ווי בײַ א גרויסער בריה,
ווי דעם נגידס קוגל,
ווי פאר א מלכות,
ווי חייציקל אליין.[12]

**גערעכט**

ווי דער טאג,
ווי די וועלט,
ווי שלמה המלך,
ווי שלמה המלכס משפט.

**געשווא̈לן**

ווי א בארג,
ווי הר ההר,
ווי אין נײַנטן חודש.

**געשטופלט**

ווי א מצה,
ווי א ריבאייזן.

**געשמאק**

ווי א פאדעשווע אין האניק,
ווי א כצפיחתל.

**גרא̈ב**

ווי א בודע,
ווי א בודקע,
ווי א חזיר,

---

11 די געוויינטלעכע פארעם פארן ווא̈רט: גריוו, גריוון.
12 ווײַזט ווי פאפולער עס איז געווען אייזיק־מאיר דיקס מעשה „חייציקל אליין“.

ווי א חזיר בן חזיר,
ווי א יאפּע,[13]
ווי א יוון,
ווי יעקע,[14]
ווי יורע,[15]
ווי יורקע,
ווי יורקעס הונט,
ווי א פּאס,
ווי א פּעסל,
ווי א פּעמפּיק,
ווי א סלופּ,
ווי א צעבער,
ווי א קלאָץ,
ווי א קישקע.

### גרוי

ווי אש,
ווי דער אָוונט,
ווי דער באגינען,
ווי דער טאג אויף דער לינקער זײַט,
ווי דער בין השמשות,
ווי האָר,
ווי דעם זיידנס באָרד,
ווי א מויז,
ווי מיין לעבן.

### גרויס

ווי אן ארבעס,
ווי א בארג,
ווי בבל,
ווי גג־מגוג (ארויסגערעדט: גא׳גמעגאָג),
ווי א גוי,
ווי א גענעץ,
ווי א גראָשן,
ווי א דעמב,
ווי א הויף,
ווי דער הימל,
ווי א העלפאנט,
ווי די וועלט,
ווי א טל־ומטרל אין א קליינעם סידורל,
ווי דער טאָג,
ווי דער לוויתן,
ווי מיין דלות,
ווי מײַן ווייטאָג,
ווי מײַן פּיין,
ווי מיינע ליידן,
ווי מיינע צרות,
ווי א מאנכעלע,
ווי א מאַנצעלע,
ווי א מאנץ,[16]
ווי א מויער,
ווי א מילב,
ווי א מינוט,
ווי א מפּילע,
ווי א נאָגל,
ווי די נאכט,
ווי א נוס,
ווי א ניסל,
ווי נינווה,
ווי עוג מלך הבשן,
ווי א פּאלאַץ,
ווי א פּויער,
ווי א פעלד,
ווי א פערד,
ווי א פליג,
ווי א פליגעלע,
ווי א פינגערהוט,
ווי דער פרימארגן,
ווי די ערד,
ווי א צעבער,
ווי א קאָפּ,
ווי א קאָפּיקע,
ווי א קארליקל,
ווי א קירבעס,
ווי א קלויסטער,
ווי א רגעלע,
ווי רוים,
ווי א ריז,
ווי א רעסל,
ווי דער שור־הבר,
ווי א שטויבעלע,
ווי א שייגעץ,
ווי א שפּילקע־קעפּל,
ווי א שרעטעלע.

### גרין

ווי אן אוגערקע,
ווי ארבעס,

---

13 גוי, גראבער גוי, סתם גוי, אבער אויך ספּעציעל: א לעט, א לאטוויש.
14 דער שפּעטנאָמען פארן דייטש.
15 דער שפּעטנאמען פארן ליטווינער.
16 פלעגט געניצט ווערן ווי א סובסטאנטיוו מיטן טייטש: גאָר א קליין זאכעלע.

ווי אַגרעסן,
ווי אַ בלאַט,
ווי אַ בלאַט אין פֿרילינג,
ווי גראָז,
ווי גראָז אום שבועות,
ווי גאַל,
ווי אַ גריל,
ווי אַ וואָרעם,
ווי אַ וואָרעם אויף קרויט,
ווי אַ זויערער עפּל,
ווי אַ יאַשטשערקע,
ווי אַ יעגלע[17]
ווי מאָך,
ווי אַן עקרה,
ווי קאַפּוסטע,
ווי אַ קעפּל קרויט.

## גרינג

ווי באַקן ליגנס,
ווי האַקן ליגנס,
ווי אַ האָר פֿון מילך (אַרויסצוציִען),
ווי אַ פֿ...
ווי אַ פֿעדער,
ווי קנעטן ד...

## דאַר

ווי אַ הונט אין די ניַין טעג,
ווי אַ וואַנץ,
ווי אַ צעקוועטשטע וואַנץ,
ווי אַ כאָרט,
ווי אַ סוכאָטיטשנע,
ווי די סוכאָטע אַליין,
ווי אַ פֿלאָנדערקע,
ווי אַ קינעלע,
ווי אַ שטרוי,
ווי אַ שפּאָן,
ווי אַ שפּענדל.

## דין

ווי אַ בלעטעלע,
ווי אַ האָר,
ווי אַ סטרונע,
ווי אַ פֿידעלע,
ווי אַ פֿעדעמל,
ווי אַ שטרויעלע.

## האַרט

ווי אַ ציגל,
ווי צעמענט,
ווי (אַ) שטיין,
ווי אַ קיזלשטיין,
ווי שטאָל,
ווי מויער,
ווי אַ זויל,
ווי אַ פּאָדעשווע,
ווי דעם פּראָצענטניקס האַרץ.

## הויך

ווי דער בוידעם,
ווי אַ בוים,
ווי דער דאַך,
ווי די וואַנט,
ווי אַ מויער,
ווי אַ קלויסטער,
ווי דער הימל,
ווי די שטערן,
ווי עוג מלך הבשן.

## הויל

ווי אַ קאַטויל,
ווי אַ קויל,
ווי די מאַמע האָט אים געהאַט,
ווי די מאַמע וואָלט אים איצט געהאַט.

## הונגעריק

ווי אַ גאַנדז,
ווי אַ גאַנדז אין אַ זאַק האָבער,
ווי אַ הונט,
ווי אַ הונט אין די ניַין טעג,
ווי אַ וואָלף,
ווי אַ וואָלף אין וואַלד,
ווי דעם מילנערס חזיר,
ווי דעם מילנערס הינער,
ווי נאָך אַ תּענית,
ווי אַ פּרעסער נאָך אַ תּענית,
ווי פּורים נאָך דער סעודה.

## הייזעריק

ווי די וואַנט,
ווי אַ געמויערטע וואַנט,
ווי אַ לאַדיש,
ווי אַ (שטומפּע) זעג,

---

[17] אַ יאָדלע, אַ טענענבוים.

ווי דער חזן נאָך נעילה,
ווי א צעריסענער שוך.

### הייס

ווי אין באָד,
ווי אין באָד אויפֿן פּאָל,
ווי אין באָד אויף דער אייבערשטער פּאָלע,
ווי קוילן,
ווי פֿײַער,
ווי פֿײַער (וואלט געפאלן) פון הימל,
ווי אין תּמוז,
ווי די זון,
ווי די ליבע.

### וואָלוול

ווי גראָז,
ווי מיסט,
ווי נאָכן יאריד,
ווי קראפּעווע נאָך א רעגן,
ווי שוועמלעך נאָך א רעגן.

### וואַרעם

ווי אין באד אויפן פּאָל,
ווי אויפן אויוון,
ווי אויף דער זון,
ווי אין אן אויער,
ווי אין א קרעטשמע,
ווי אונטער א פּערענע,
ווי אונטער דער מאמעס פּערענע,
ווי בײַ א טויטן דער קאָפּ,
ווי בײַ א טויטן דער ת...

### ווײַט

ווי ביז בראָד,[18]
ווי א פרעמדער,
ווי דער טויט,
ווי דער מזל,
ווי די שטערן,
ווי מזרח פון מערבֿ,
ווי פֿון מזרח ביז מערבֿ.

### ווייך

ווי פּוטער,
ווי טייג,
ווי ד...

ווי א פּערענע,
ווי א מאמעס הארץ,
ווי חוהלעס בעט.

### ווײַס

ווי דער בעקער,
ווי א בעריאָזקע,
ווי וואטע,
ווי די וואנט,
ווי דער ווינטער,
ווי דער טאָג,
ווי א טוך,
ווי (א) לײַוונט,
ווי א לײַלעך,
ווי מילך,
ווי דער מילנער,
ווי מעל,
ווי א מת,
ווי סמעטענע,
ווי פּאפּיר,
ווי דער פּעטער שנייער,
ווי די ציין,
ווי קאלך,
ווי קעז,
ווי קרײַד,
ווי שניי,
ווי פֿרישער שניי,
ווי תּכריכים.

### זויער

ווי א לימענע,
ווי א ציטרין,
ווי עסיק,
ווי דער פּאראיאריקער ראָסל,
ווי איבערגעשטאנענער קוואס.

### זיכער

ווי גאלד,
ווי דער טויט,
ווי מיטן טויט,
ווי א פיש אין וואסער,
ווי א פֿויגל אויפֿן דאך,
ווי בײַ זיך אין דער היים,
ווי אונטער דער ווײַבס פּערענע,

---

[18] דער שם פֿון דער גרויסער האנדלשטאָט איז דערגאנגען אויך קיין ליטע, און מען האָט געניצט דעם אויסדרוק אַ בראָדער סוחר צו ווײַזן אויף א גרויסן סוחר. עס איז ניט געווען קיין קאָנקרעטע פֿאָרשטעלונג וועגן בראָד; עס געדענקט זיך די טשיקאווע פארבינדונג: „מײַן ברודער איז אוועקגעפֿאָרן אין יאָהאנעסבורג, ס'איז ווײַט ווי ביז בראָד“.

ווי אונטער דער מאמעס פערענע,
ווי ביי זיך אין קעשענע,
ווי עס איז דא א גאָט אויף דער וועלט,
ווי היינט איז חול־המועד פורים (שבועות).

## זיס

ווי איינגעמאכטס,
ווי האניק,
ווי א האניקטייגל,
ווי האניק־לעקעך,
ווי לאקרעץ,
ווי פּאטעקע,
ווי ציראָפּ,
ווי צוקער,
ווי קאנדל־צוקער (צוקער־קאנדל),
ווי א טייגל,
ווי א קיכל,
ווי לעקעך,
ווי טארט,
ווי א פּירא׳זשענע,
ווי א פּי׳רעזשקע,
ווי צימעס,
ווי מערן־צימעס,
ווי מאנדלען,
ווי הון,
ווי די וועלט,
ווי אין גן־עדן,
ווי די תּורה,
ווי א שמייכל,
ווי די ליבע,
ווי פעפער,
ווי מײַן לעבן,[19]
ווי מײַנע יארן,
ווי מײַנע צרות,
ווי זײַנע ווערטער,
ווי צוצולייגן צו א מכּה.

## חושך

ווי די נאכט,
ווי די ערד,
ווי אין מצרים,
ווי אין גלות,
ווי אין ביטערן גלות.

## טויב

ווי די וואנט,
ווי א לאדיש,
ווי א לאקשנטעפל,
ווי א לאקשנברעט,
ווי א הינטן,
ווי א הינקעדיקער גלח,
ווי יויזל,
ווי די מאטקע־באסקע.

## טויט

ווי די וואנט,
ווי א שטיין,
ווי א שטיק ליים,
ווי צען מאל געשטארבן.

## טײַער

ווי אן אויג אין קאפּ,
ווי א בריליאנט,
ווי ברויט פארן הונגעריקן,
ווי גאלד,
ווי א דימענט,
ווי די קרוין אויפן קאפּ,
ווי דער חלק עולם־הבא,
ווי א לײַבלעכער ברודער,
ווי א לײַבלעכע שוועסטער,
ווי אן אייגענע מאמע,
ווי אן אייגן קינד,
ווי מײַנע אייגענע קינדער,
ווי מײַן לעבן,
ווי מײַן לײַב און לעבן,
ווי דער שווארצאפּל פון אויג.

## טיף

ווי אן אויג,
ווי א ברונעם,
ווי דער טײַך,
ווי די ווילנע,
ווי דער נעמאן,
ווי דער ים,
ווי דער ים אָקיונוס,
ווי מהר״ם שיף,
ווי די תּורה.

## טרוקן

ווי ביין,
ווי האלץ,
ווי האלץ אויף דער זון,
ווי צונטער.

---

[19] איראניש, ווי דאס ווײַטערדיקע — מײַנע יארן.

### טריף
ווי חזיר,
ווי עבודה זרה,
ווי א שרץ.

### יונג
ווי אביימעלע,
ווי א גרעזעלע.

### כשר
ווי א חזיר־פיסל,
ווי א טײַבעלע,
ווי מיט ר׳ יצחק־אלחננס א הכשר,
ווי מיט יויזלס הכשר.

### כיטרע
ווי א פוקס.

### לאַנג
ווי דער גלות,
ווי א דראַנג,
ווי א טעלעגראַף־שטאנג,
ווי א חוטם,
ווי א לאָקש,
ווי א לולב,
ווי די מגילה,
ווי עוג מלך הבשן,
ווי דער ראָש־השנהדיקער מוסף.

### ליב
ווי די וועלט,
ווי די גאנצע וועלט,
ווי דאָס לעבן,
ווי דאָס אייגענע לעבן.

### לייכט
ווי א האָר פון מילך (ארויסצוציען),
ווי טראָגן גאָלד (געלט),
ווי אַן עופעלע,
ווי א פעדערל,
ווי צוגעווינען זיך צו גוטס (צו א גוט לעבן),
ווי דער שלאָף,
ווי אײַנשלאָפֿן נאָך א גוטער וועטשערע.

### ליכטיק
ווי דער טאָג,
ווי די זון,
ווי די זון אויפן הימל,
ווי א שטערן,
ווי די שטערן,
ווי א לבנה־נאכט,
ווי אין מיטן (העלן) טאָג,
ווי דער דרויסן,
ווי דער הימל,
ווי די וועלט,
ווי א בריליאנט,
ווי א לוסטע׳ריע,
ווי לעקטרע,
ווי פײַער,
ווי ביים פײַער,
ווי א מנורה,
ווי אין גן־עדן,
ווי די תורה,
ווי איר (זיין) פנים,
ווי איר (זיין) צורה,[20]
ווי איר (זיין) מזל,
ווי אירע (זיינע) אויגן,
ווי זיינע ווערטער,
ווי אין קוימען,
ווי בײַם מסור אין הארצן.

### מיאוס
ווי די זינד,
ווי יורקעס גיווענימעס,[21]
ווי דער טויט,
ווי דער מלאך המוות,
ווי דער סוף פון די שונאי־ישראל.

### נאַס
ווי א האָן,
ווי א לופעטע,[22]
ווי א שמאטע,
ווי א קאַטשקע,
ווי א קאץ וואס איז ארויס פון זויערמילך.

### נאַענט
ווי דאָס העמד אויפן לײַב,
ווי די טאָרבע,
ווי דער טויט,

---

[20] צורה איז זייער אַ פאַרשפרייט וואָרט אין ליטע, אַן שום בײַטעם פון אָפּלאכן אדער שפּאָט, באַטײַט דאָס אייגענע וואס פנים.
[21] אַן ארט ווו מען וווינט, א דירה, פון ליטוויש.
[22] א שמאטע.

װי דער מלאך־המוות,
װי אַן אײגן קינד,
װי אַ ברודער,
װי אַ שװעסטער,
װי פֿון ויקהל ביז ־פּקודים.[23]

**נאַקעט**

װי אין באָד,
װי אַ נאָדל,
װי ער װאָלט איצט אַרויס פֿון דער מאַמעס בויך,
װי די מאַמע װאָלט אים איצט געהאַט,
װי אין פּריסו׳טסטװע.[24]

**נאַריש**

װי אַן אײזל,
װי אַן אינדיק,
װי אַ בהמה,
װי אַ חזן,
װי דעם חזנס אינדיק,
װי דעם כעלעמער חזנס אינדיק,
װי אַן אַלטער גוי,
װי יעקע נאַר,
װי יורקעס קאָפּ,
װי אַ למך,
װי אַ לעקיש,
װי אַ פֿערד,
װי אַ פּיצעלע קינד,
װי אַ קלײן קינד,
װי אַ שװאָם.

**נײ**

װי אָקערשט (איצט) אַרויס פֿון דער נאָדל,
װי דער באַגינען,
װי אַ שפּיגל.

**נײטיק**

װי ברויט,
װי דאָס לעבן,
װי אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן,
װי אויגן־װײטאָג,
װי צאָנװײטאָג,
װי אַ לאָך אין קאָפּ,
װי אַ מכּה בצדו,
װי אַ געשװיר אויפֿן האַלדז,
װי די פֿינפֿטע מויד,
װי די פֿינפֿטע ראָד צום [illegible]

**ענג**

װי אין באָד,
װי אין הקדש,
װי צו כּפּרות,
װי צו כּל־נדרי,
װי צו סליחות,
װי צו תּשליך,
װי אויף אַ חתונה.

**עלנט**

װי אַ בוים אין פֿעלד,
װי אַ גרעזעלע אין פֿעלד,
װי אויפֿן װאַסער,
װי אין מיטן ים,
װי אַ מצבה,
װי אַ מצבה אין פֿעלד,
װי אַ שטײן.

**ענלעך**

װי אײן מאַמע װאָלט זײ געהאַט,
װי צװײ טראָפּן(ס) װאַסער.

**פּינקטלעך**

װי די באַנק,
װי אַ גוטער מאָנער,
װי אַ זײגער.

**פּראָסט**

װי אַ פֿורמאַן,
װי ראָזעװע ברויט,
װי ניט קײן אַרומגעצעסעטער קלאָץ.

**פּשוט**

װי אויף דער האַנט,
װי צװײ מאָל צװײ איז פֿיר,
װי רש״י זאָל לעבן.

**פֿויל**

װי אַ בער,
װי אַ מקבל,
װי אַ קאָטער.

---

[23] אַרויסגערעדט דװקא: ...ביז „פּיקודעס״, אַ פּנים אַז מיט אַזאַ ענדונג האָט עס געקלונגען ענלעכער צו אַ נאָמען פֿון אַן אָרט.

[24] בײַם פּריזיװ פֿלעגט אויסקומען זיך אויסצוטאָן נאַקעט אין דער פּריסו׳טסטװע. װען מען האָט געדאַרפֿט מעדיציניש באַטראַכטן דעם פּריזיװניק.

[25] די פֿאָרעם צעסענען, אַנשטאָט טעסענען, טשעשען, איז געװען פֿאַרשפּרײט איבער ליטע.

### פול
ווי אַן אויג.

### פינצטער
ווי די נאַכט,
ווי בײַ נאַכט,
ווי אין מיטן נאַכט,
ווי אין אַ ווינטערדיקער נאַכט,
ווי אין אַ חשוון־נאַכט,
ווי אין אַ האַרבסטיקער נאַכט,
ווי אין אַ סוף־חודשדיקער נאַכט,
ווי די גרוב,
ווי אין גרוב,
ווי דער קבר,
ווי אין קבר,
ווי די ערד,
ווי דער טויט,
ווי דער מלאך־המוות,
ווי אין דעם מלאך־הדומהס נעגל,
ווי אין דר׳ערד,
ווי דעם גוסס,
ווי אין קעלער,
ווי אין תּפיסה,
ווי אין קוימען,
ווי די זינד,
ווי דעם אפּיקורס,
ווי דער גלות,
ווי אין גלות,
ווי מײַן לעבן,
ווי מײַן וועלט,
ווי מײַן מזל,
ווי מײַן גורל,
ווי מײַנע יאָרן,
ווי דעם יתום,
ווי אַ לעבן פון אַ יתום,
ווי דעם גויס אַ חגא,
ווי אין מצרים.

### פלינק
ווי אַ האָז,
ווי דער ווינט,
ווי דער שטורעמווינט,
ווי אַ פעדער,
ווי אַ פערד.

### פֿעט
ווי אַן אינדיק,
ווי אַן אינדיק ערבֿ פּסח,
ווי אַ גאַנדז,
ווי אַ געשטאָפּטע גאַנדז,
ווי אַ טשאָלנט,
ווי אַ קוגל,
ווי אַ קניידל,
ווי אַ העלדזל אין טשאָלנט,
ווי דער שור־הבר,
ווי דער בעל־טאַקסע,
ווי געלע די גבאיטע.

### פעסט
ווי (אַ) מויער,
ווי צעמענט,
ווי מויער און צעמענט,
ווי די ערד,
ווי מעשה־בראשית.

### פרום
ווי אַ קאַץ,
ווי די קאַץ פון מיטוואָך,
ווי דער גרויער קאָטער,
ווי אַ לאָפּעטע,
ווי אַ קאָטשערע,
ווי אַ פּאַמעלע,
ווי אַ שטעקן,
ווי אַ פלאָקן,
ווי עשוקע ימח שמו,
ווי אַ דעוואַטקע,[26]
ווי ר׳ ציץ,
ווי אַ רב,
ווי אַ תּנא,
ווי אַ תּנא ברא.

### פריי
ווי אַ פיש אין וואַסער,
ווי אַ פייגעלע אין וואַלד,
ווי קינדער אָן אַ חדר.

### פריילעך
ווי אַ פויגל,
ווי אַ פויגל אין וואַלד,
ווי פּורים אויף (צו) דער סעודה,
ווי שׂמחת־תּורה,
ווי אויף אַ חתונה,
ווי נאָך דעם גרויסן געווינס.

---
[26] מאָנאַשקע.

**פריש**

ווי א בלעטל,
ווי גראָז,
ווי פון אויוון ארויסגענומען.

**צעגעסן**

ווי פון ווערעם,
ווי פון פראַנצן.

**קאַלט**

ווי אייז,
ווי אויף אייז,
ווי אויף דרויסן,
ווי אויפן ים הקרח,
ווי אין א לידאָוונע (לידאָווניצע),
ווי אין א קעלער,
ווי אין א פוסטינע,
ווי א שטשאַוויע,[27]
ווי א מת,
ווי די האַנט פון א מת,
ווי דער שטערן פון א מת,
ווי א סריס,
ווי יוסף הצדיק.

**קאַרג**

ווי א חזיר,
ווי א דבר־אחר,
ווי א הונט,
ווי א צויג,
ווי א פּראַצענטניק,
ווי יעקע גנב,
ווי דער עקאָנאָם, וואָס דאַרף געבן פון זיין קעשענע.

**קיילעכדיק**

ווי א בייגל,
ווי די זון,
ווי א טונכל,[28]
ווי א מצה,
ווי א ראָד,
ווי א פּעסעלע,
ווי אן עפּל,
ווי געלט,
ווי א ליגן.

**קלאָר**

ווי באַביוויך,
ווי בלאָטע,
ווי בוימל אויפן וואַסער,
ווי א וואַסער,
ווי די זון,
ווי דער טאָג,
ווי א ייד אין אשרי,
ווי מילך,
ווי א מזמור,
ווי דער קב־הישר אין יענער־וועלט.[29]
ווי קרישטאָל.

**קלוג**

ווי די וועלט,
ווי די גאַנצע וועלט,
ווי דער טאָג,
ווי די זון,
ווי דער טייוול,
ווי ס״ם,
ווי די סטרא אחרא,
ווי דער שוואַרציאָר,
ווי המנקע,
ווי המנקעס קאָפּ,
ווי א ממזר,
ווי שלמה המלך,
ווי שלמה המלך אליין,
ווי די יאַרמלקע,
ווי דער ספּאָדיק,
ווי די ספּאָדניצע,
ווי אן אונטערקלייד,
ווי דער קאַפּעליוש,
ווי א יאָלד אין א קאַפּעליוש,
ווי דער חכם פון מה־נשתּנה,
ווי ויזתא,
ווי א מאַק,[30]
ווי דעם פערדס עק,
ווי א פערד,
ווי אן אָקס.

**קליין**

ווי אן ארבעס(ל),
ווי א בעבל,

---

[27] דער באַטייט איז ניט אין גאַנצן קלאָר. עס האָט א פּנים א שייכות צו שטשאַוו אָדער שטשאַווע וואָס מען האָט געגעבן קאַלטערהייט.

[28] א כ ווי א מחיצה־קלאַנג צווישן נ און ל איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן ליטווישן יידיש: באַנכל, מאַנכל, טונכל.

[29] דער קבֿ־הישר רעדט זייער א סך וועגן די שבעה מדורי גיהנום און וועגן דער קאָנקרעטער שטראָף אויף יענער־וועלט פאַר פֿאַרשיידענע חטאים.

[30] גרויסער נאַר.

ווי א גרײַפּעלע,
ווי א מאנבעלע (מאנדעלע),
ווי א מאנץ (מאנצעלע),
ווי א ניסל,
ווי א רעסל,
ווי א פּעפּערל,
ווי א ווערעמל,
ווי א מילב,
ווי א פליגעלע,
ווי א מוק,
ווי א נאגל,
ווי א פינגערל,
ווי א פינגערהוט,
ווי א קנעפּל,
ווי א שפּילקע־קעפּל,
ווי א דרויבעלע,
ווי א שטויבעלע,
ווי א שרעטעלע,
ווי א קארליקל,
ווי א מינוט,
ווי א רגעלע,
ווי דאס ביסעלע גליק,
ווי מײַן גליק,
ווי מײַן מזל,
ווי דעם ייִדנס מזל,
ווי א טל־ומטרל,
ווי א טל־ומטרל אין א קליין סידורל,
ווי א זיבעלע,
ווי א מפּילע,
ווי דעם מענטשנס הילף,
ווי א העלפאנט,
ווי די וועלט.

## קרעציק

ווי א בעטלערקע,
ווי א חזיר,
ווי א צויג,
ווי מיט פראנצן.

## ראיעל

ווי אין באנק,
ווי בײַ זיך אין קעלער,
ווי בײַם רבֿ,
ווי בײַ שימעלע גנב.

## רויט

ווי א בוריק,
ווי א בורלאק,[31]
ווי בלוט,
ווי גלוט,
ווי גליענדיקער אייזן,
ווי גליענדיקע קוילן,
ווי א הונט,
ווי אן אפּגעשונדענער הונט,
ווי א העליש פייער,
ווי ווײַמפּערלעך,
ווי ווײַן,
ווי די זון,
ווי מאלינעס,
ווי א מער,
ווי אן עפּל,
ווי א פויער,
ווי א פונק,
ווי פייער,
ווי א צוויק,[32]
ווי צונטער,[33]
ווי ציגל,
ווי צימעס,
ווי א קארש,
ווי קופּער,
ווי א שוועבעלע.

## רײַך

ווי בראדסקי,
ווי א גוי,
ווי א גראף,
ווי גראף פּאטאצקי,
ווי א מאגנאט,
ווי א פּאסעסאר,
ווי א פויער,
ווי א פּריץ,
ווי א מלך,
ווי מלך פּיק,
ווי קורח,

---

31 א גראבער מענטש, א גוי, ספּעציעל: א רוס, א סטאראווער.

32 פאר זיך האט מען דאס ווארט ניט געניצט, נאר אין דעם פארגלײַך. א צוויק איז א בוריק.

33 פאר זיך האט מען דאס ווארט ניט געניצט, נאר אין דעם פארגלייך. צונטער איז צינד־מאטעריאל tinder. .

ווי ראָטשילד,
ווי ער וואָלט געפֿונען אַן אוצר,
ווי ער וואָלט געווונען דאָס גרויסע געווינס,
ווי נאָכן אָנזעצן,
ווי נאָך א שׂרפֿה.

## ריין

ווי גאָלד,
ווי א טויב,
ווי א חזירישׁ פּיסל,
ווי דער הקדש,
ווי אין א סמעטניק,
ווי ערב פּסח.

## ריכטיק

ווי גאָלד,
ווי די וועלט,
ווי די זון,
ווי אין די גאזעטן,
ווי אין בלאט,
ווי אין קוימען איז ליכטיק.

## שאַרף

ווי א גאָלמעסער,
ווי א מעסער,
ווי א חלף,
ווי א דאָרן,
ווי א פּיקע,
ווי א שפּיז,
ווי א שווערד,
ווי הונגער,
ווי דער טויט (אליין),
ווי דער מלאך הדומה,
ווי די צונג,
ווי דעם יחסנס לא מיט אן אלף.

## שוואַך

ווי אַן איבערגעבערעטער שטרוי,
ווי א זיבעלע,
ווי נאָך א לאנגן תּענית,
ווי נאָך א קרענק,
ווי אַן עופעלע,
ווי א פליג,
ווי א (קליין) קינד.

## שוואַרץ

ווי אויפן בוידעם,
ווי אין גיהנום,
ווי אין א גרוב,
ווי אין א הייל,
ווי אין דער ערד,
ווי אין קוימען,
ווי די בראַנד,
ווי דער גלות,
ווי דער גלח,
ווי א האלעוועשקע,
ווי הינטער די הרי חושך,
ווי די זינד,
ווי א זשוק,
ווי א טאַטער,
ווי דער טויט,
ווי א טײַוול,
ווי טינט,
ווי דאס לעבן פֿון א יתום,
ווי מאַן,
ווי א מוראשניק,
ווי א מורין,
ווי דער מלאך־המוות,
ווי מײַן גליק,
ווי מײַן הארץ,
ווי מײַן לעבן,
ווי מײַן מזל,
ווי מײַן פּנים,
ווי די נאַכט,
ווי א פּאַ׳געלע [34]
ווי א פּיפּערנאַטער,
ווי א נעגער,
ווי סאַזשע,
ווי סמאָלע,
ווי אַן עקרה,
ווי די ערד,
ווי פּעך,
ווי א ציגײַנער,
ווי א קאַטער,
ווי (א) קויל,
ווי א קוילן־ברענער,
ווי א קוימען,
ווי א קוימען־קערער,
ווי א ראָב,
ווי רויך,
ווי רוס, [35]
ווי א שד,
ווי דער שׂטן.

[34] האָלעוועשקע, אַן אָרומגעבערענט שטיק האָלץ.
[35] סאַזשע.

**שווער**

ווי אײַזן,
ווי בלײַ,
ווי א יאָך,
ווי מײַן מזל,
ווי א מילשטיין,
ווי א שטיין,
ווי דער בזעת אפיך תּאכל לחם,
ווי די ארבעט אין מצרים,
ווי שפּאלטן דעם ים.

**שטאַרק**

ווי שטאָל,
ווי אײַזן,
ווי אײַזן און צעמענט,
ווי אן איבערגעברענטער שטרוי,
ווי אן אייער־קיכל,
ווי אן אָקס,
ווי א בער,
ווי א גוי,
ווי א דעמב,
ווי א יישובניק,
ווי א לייב,
ווי א מויער,
ווי עוג מלך הבשן,
ווי א פויער,
ווי א פורמאַן,
ווי א פערד,
ווי א בופלאָקס,
ווי א ריז,
ווי א שייגעץ,
ווי שמשון (הגבור).

**שטום**

ווי די וואנט,
ווי די תּפיסה,
ווי א פיש,
ווי א פארפוילטער פיש,
ווי דער טויט,
ווי א הינטן,
ווי מען וואָלט אים די צונג אויסגעשניטן.

**שטיל**

ווי אין אויער,
ווי א וואסער,
ווי א זײַדענער יונגער־מאַן,
ווי א טויב,
ווי דער טויט,
ווי נאָך קבורה,
ווי פון הינטערן אויוון,
ווי א קאָטינקע.

**שיטער**

ווי וואסער,
ווי דעם אָרעמאַנס יויך,
ווי קיעשע ד...

**שיין**

ווי אויסגעטאָקט,
ווי אויסגעמאָלן,
ווי אסתּר המלכּה,
ווי א בילד(ל),
ווי א בריליאַנט,
ווי א בלום,
ווי א בת־מלכּה,
ווי גאָלד,
ווי די גאנצע וועלט,
ווי די וועלט,
ווי די זון,
ווי א זוניקער טאָג,
ווי די זיבן זונען,
ווי דער טאָג,
ווי א כּלה אונטער דער חופּה,
ווי לויטער גאָלד,
ווי א מאנא׳רכע,[36]
ווי די מוטער רחל,
ווי א מלאך,
ווי א מלאך פון הימל,
ווי די מלכּה שבת,
ווי א פרינץ,
ווי א פרינצעסין,
ווי א רויז,
ווי א שטיין,
ווי די שטערן.

**שיכּור**

ווי א גוי,
ווי לוט,
ווי א פויער,
ווי פורים,
ווי שמחת־תּורה.

---

[36] זיך מערקן די פאָרעם: מאָנאַרכע, אנשטאָט מאָנארך.

**שלאף**

ווי אין קייטן,
ווי א גוסס,
ווי אן עופעלע,
ווי א קימפעטארין,
ווי א קינד,
ווי א קליין קינד,
ווי א שטרוי,
ווי נאך א לאנגן תענית.

**שלעכט**

ווי דעם ארעמאן,
ווי דער גלות,
ווי דער טויט,
ווי א כלב,
ווי אין סדום,
ווי א שוויגער,
ווי א שלאנג.

**שרעקעדיק**

ווי א בלאט (אין ווינט),
ווי א האז,
ווי א לערנער צווישן דארפסלייט.

## II. דער פארגלייך כאראקטעריזירט א טוונג

**אוועקגיין**

ווי רויך,
ווי א רגעלע גליק,
ווי א שאטן.

**אוועקפליען**

ווי א פייגעלע פון שטייג,
ווי א פייגעלע פאר א שפארבער,
ווי דער רויך פון קוימען,
ווי דער שאטן.

**אויסגיין**

ווי א ליכט,
ווי א פייערל אין פעלד.

**אויסגיסן**

ווי אויף א חזיר א פאמויניצע (פאמוניצע).

**אויסגיסן דאס הארץ**

ווי פאר גאט,
ווי פארן רבונו־של־עולם,
ווי פאר אן אייגענער מוטער.

**אויסזען**

ווי אן אויסגעפאטשטער,
ווי אן אפגעקאכטער,
ווי אן אלטע מכשפה,
ווי אן אפגעשמיסענער,
ווי אן אפגעריבענער זעקסער,
ווי אן אפגעריבענע מטבע,
ווי א בילד,
ווי א בייזער יאר,
ווי א בייזער יאר אויף דער לינקער זייט,
ווי א בראדער סוחר,
ווי א בר־מינן,
ווי א בת־מלכה,
ווי א געפגרטער הערינג,
ווי א געפגר׳טע מיינקע,
ווי א געפגרטער פיש,
ווי א גראף,
ווי גראף פאטאצקי,
ווי א חזן אן אן עמוד,
ווי א חתן־בחור,
ווי א טויטער שלייען,
ווי יורקעס הונט,
ווי יעקעלע נאר,
ווי א כלה אונטער דער חופה,
ווי די ליכטיקע זון,
ווי די ליכטיקע לבנה,
ווי די ליכטיקע שטערן,
ווי די לינקע זייט קוימען,
ווי א מאנארך (מאנארכע),
ווי א מלמד אן א קנעלונג,
ווי א מת,
ווי א נאסער האן,
ווי א נאסע קאץ,
ווי א נעכטיקער,
ווי א פגירה,
ווי א פרינץ,
ווי א פרינצעסין,
ווי א פאלשער זעקסער,
ווי א פארשטונקענע מיינקע,
ווי א פארשטונקענער פיש,
ווי א קאץ אין זויערמילך,
ווי א קאץ אין סמעטענע,
ווי דער קוימען פון דער לינקער זייט,
ווי דער שווארציאר,
ווי דער שווארציאר אין א צילינדער,
ווי א שעה פאר טאג.

אויסכאַפּן
ווי אַן אבן־טוב,
ווי דעם לעצטן בחור אין שטאָט,
ווי מצה־וואַסער,
ווי די גרעסטע מציאה.

אויספּוצן זיך
ווי חוהלע צום גט,
ווי חיהלע צום גט,
ווי אַ כּלה,
ווי אַ כּלה־מויד,
ווי אַ חתן־בחור,
ווי אַן אויפגעקומענער בעדער.

אויספּירן
ווי אין טאָג אַרײַן,
ווי אַ הונט קעגן דער לבנה,
ווי קורטע.

אויסציִען זיך
ווי אויפן אויוון,
ווי בײַם טאַטן אין װײַנגאָרטן,
ווי פאַר אַ גראַשן,
ווי אַ גראַף,
ווי אַ מאָנאַרכע,
ווי אַ לאַקס,
ווי אַ דראַנג,
ווי אַ טעלעגראַף־שטאַנג.

אויסקומען
ווי מיט גאָלד,
ווי מיטן אַסעסאָר,
ווי מיט אַ בייזער שוויגער,
ווי מיט קרעפּלפלייש.

אויסקערן
ווי מיט אַ בעזעם,
ווי מיט אַ באַרשט.

אויפלויפן
ווי אַ באַרג,
ווי הר ההר,
ווי אַ מכּה,
ווי אַ געשוויר,
ווי אַ געשוויר אויפן נאָז,
ווי דעם גלחס בויך.

אויפעסן
ווי אַ בער אַ יאַגדעלע,
ווי אַ יאַגדע,
ווי אַ לעקעכל,
ווי אַ צוקער־לעקעכל.

אויפּציִען
ווי אַ פּערל אויף אַ שנור.

איינשלינגען
ווי אַ העכט,
ווי דער לויתן,
ווי אַ פיש.

איינשפּאַנען זיך
ווי אַ ייִד אין עול פון מצוות.

אָנזען
ווי דעם אויער,
ווי דעם לינקן אויער.

אָנזעצן
ווי אַ חכם,
ווי אַ מיאוסער דרייער,
ווי אַ שוטה.

אָנזעצן זיך
ווי דער אַסעסאָר,
ווי אַ בייזע ווייב,
ווי אַ בייזע פליג,
ווי אַ פליג,
ווי אַ געשוויר,
ווי אַ מכּה (בצדו),
ווי דער פּראַצענטניק,
ווי אַ גוטער מאַנער.

אַנטלויפן
ווי אַן אונטערגעשאָסענער,
ווי אַן אָפּגעגאָסענער,
ווי אַ ביבער,
ווי אַ מויז אין לאָך אַרײַן,
ווי פאַר פײַער,
ווי אַ שאָטן פאַר טאָג,
ווי פון טויט,
ווי פאַרן מלאך־המוות.

אָנעסן זיך
ווי אַ בעל־עגלה,
ווי אַ פורמאַן,
ווי אַ פּויק,
ווי אַ קעסלפּויק,
ווי מיט באַב,

ווי נאָך אַ תּענית,
ווי פּורים צו דער סעודה.

**אַנפּאַלן**
ווי די בינען,
ווי אַ הונט,
ווי אַ הונט פון קייט,
ווי אַ כּלב,
ווי די כּלבים,
ווי די מוראשקעס,
ווי אַ רוצח,
ווי אַ גזלן.

**אַנצינדן זיך**
ווי אַ העליש פייער,
ווי אַ סטאָגע היי,
ווי אַ קופּע היי,
ווי אַ פייער,
ווי אַ פלאַם פייער,
ווי אַ קינעלע,
ווי אַ שוועבעלע.

**אַנציען**
ווי אַ זייגער,
ווי אַ סטרונע.

**אַנקומען**
ווי צו אַן אייגענעם,
ווי צו אַ פריינד,
ווי קריעת ים־סוף,
ווי שפּאַלטן דעם ים.

**אַנריידן זיך**
ווי פּארן טויט,
ווי אַ פּויק,
ווי אַ צימבל,
ווי נאָך צען יאָר אין תּפיסה.

**אַנרייצן**
ווי אַ הונט,
ווי אַ כּלב,
ווי אַ געדונגענעם שלעגער,
ווי אַ פריץ דעם הונט,
ווי אַ שיכּורן פּויער.

**אָפּהיטן**
ווי דאָס אויג אין קאָפּ,
ווי די אויגן אין קאָפּ,
ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג,
ווי שבת,
ווי די מלכּה שבת,
ווי דעם טאָג פון שבת,
ווי אַ פרומער ייִד אשרי,
ווי אַ פרומער ייִד דעם אשר־יצר,
ווי נעגל־וואַסער,
ווי יורקע אַ פלעשעלע בראָנפן.[47]

**אַראָפּ (גיין, פאַלן)**
ווי אַ שטיין פון הארצן.

**אַראָפּלאָזן זיך**
ווי אַ הייִשעריק.

**אַרבעטן**
ווי אַן אייזל,
ווי אַן אָקס,
ווי אַ בהמה,
ווי אַ פערד,
ווי אַ הונט,
ווי אַ גראַף,
ווי אַ שׂכיר־יום,
ווי אין טאַטשקעס,
ווי אין מצרים,
ווי פאַר פּרעהן,
ווי פאַר לבנען,
ווי אַ פּויער,
ווי אַ שטאָט־בעל־הבית,
ווי אין גן־עדן.

**אַרויסוואַרפן**
ווי דעם הונט,
ווי אַ כּלב,
ווי אַ צויג,
ווי אַ חזיר,
ווי מיסט,
ווי אַ שטיק מיסט,
ווי פאַר אַ חזיר,
ווי (אַ) פּערל פאַר אַ חזיר.

**אַרויסטרייבן**
ווי אַ הונט,
ווי אַ כּלב,
ווי אַ צויג,
ווי אַ חזיר.

---

[47] איראָניש, וואָרעם יורקע טרינקט גלייך אויס דאָס פלעשעלע בראָנפן.

### אַרויסרייסן
ווי פֿון מויל,
ווי פֿון צווישן די ציין,
ווי פֿון הינטער די ציין,
ווי פֿון די הינטערשטע ציין,
ווי פֿון א הונט,
ווי פֿון הינטישע ציין,
ווי פֿון א לייב פֿון מויל ארויס,
ווי פֿון די נעגל פֿון טויט.

### ארויסשווימען
ווי א סוד.

### ארויפשווימען
ווי דער אמת,
ווי בוימל אויפֿן וואסער,
ווי א דערטרונקענער.

### ארומגיין
ווי א נעכטיקער.

### אַרומטראָגן זיך
ווי מיט א טאָרבע,
ווי מיט דער תורה.

### אַרומלויפֿן
ווי ברײַנע צו טרײַנען און טרײַנע צו ברײַנען,
ווי א וועווערקע אין א ראָד,
ווי הײַקל אויפֿן יאריד,
ווי א מויז אויף א צימבל,
ווי א מויז אין פאסטקע,
ווי שמעיה סארווער,
ווי אָן זיך,
ווי אָן א קאָפּ.

### ארײַנכאַפּן זיך
ווי א טכויר אין א הינערשטײַג.

### אַרײַנפֿאַלן
ווי א היישעריק,
ווי א קאץ אין סמעטענע,
ווי א פיש אין וואסער,
ווי א גאנדז אין האָבער,
ווי פֿאניע אין א זאק באָרשטש,
ווי אין א גרוב,
ווי א יוון אין סוכּה,
ווי א בער איבער א לעק האָניק.

### ס׳אָרט
ווי די וואנט,
ווי די קאץ,
ווי די קאץ פֿון מיטוואָך.

### באָדן זיך
ווי קאַטשקעס,
ווי א שוסטער אין בולבע־קאַשע.

### באַפּאַלן
ווי די בינען,
ווי די מוקן,
ווי מוראשקעס,
ווי בייזע מחשבות.

### באַצאָלן
ווי א טאטע,
ווי אן אייגענער טאטע,
ווי א נאר,
ווי א שוטה,
ווי א בעל־עוולה,
ווי פֿאר אן אייגענעם וועקסל,
ווי פֿאר אן עבירה,
ווי פֿאר אייגענע זינד,
ווי פֿאר א ממזרל.

### באַרימען זיך
ווי א מיאוסע מויד מיט א קוש,
ווי א נאר פֿון באד ארויס,
ווי א בעטלער מיט דער נײַער טארבע.

### בילן
ווי א הונט,
ווי א הונט אויף דער לבֿנה.

### בייסן
ווי א בייזער הונט,
ווי א גיפֿטיקע שלאנג,
ווי א לויז אין פאכווע,
ווי א לויז אונטערן העמד.

### בלאָזן זיך
ווי אן אינדיק,
ווי אן אינדיק פֿאר פסח,
ווי אן אויפגעקומענער גבֿיר,
ווי דער גביר פֿון שטעטל,
ווי א רייכער מחותן אויף אן אָרעמער חתונה.

## בליִען
ווי אַ בלום,
ווי אַ רויז,
ווי אַ שיינע רויז,
ווי אַ ליכטיקע רויז.

## ברומען
ווי אַ בער,
ווי אַ גזלן.

## ברילן
ווי אַ לייב.

## ברענען
ווי אויף פּאַקן,
ווי אויף קוילן,
ווי אויף הייסע קוילן,
ווי אין גיהנום,
ווי אין אַ העליש פייער,
ווי אַ פלאַם פייַער,

## עס ברענט
ווי קנאה־שנאה צווישן אייגענע,
ווי אַלטע ליבע,
ווי אַ ווּנד אין האַרצן,
ווי אַ פרישע עוולה.

## ברעקלען זיך
ווי אַ טייגעכץ,
ווי אַ פּאַרך.

## גייִן
גייִן ווי אַן אָרומגעשוואונדענער,
ווי אַ ניט־דערקוילעטער האָן,
ווי אַ בער,
ווי אַ בער אויף אַ גליטש,
ווי אויף אַן אײַזערנעם בריק,
ווי אויף שפּינוועבס,
ווי הינטער אַ וואַנט,
ווי פּאַזע[38] וואַנט,
ווי אויף אַ גלײַכן שליאַך,
ווי אויף אַ קלאַטקע איבערן וואַסער,
ווי אויף די הינטערשטע פיס,
ווי אַן אָקס צו דער שחיטה,
ווי אַ חתן צו דער חופּה,
ווי אַ כּלה צו דער חופּה,

ווי אַ מיידל צום טאַנץ,
ווי צום טאַנץ,
ווי אַן אַלטער באָק,
ווי אַן אַלטער בעל־עבירהניק,
ווי חוהלע צום גט.

## עס גייט
ווי אין פּוטער,
ווי געשמירט,
ווי מצה־וואַסער,
ווי ביי אַ גוטן שליטוועגס,
ווי רוחות וואָלטן געטראָגן,
ווי אַ צדיק אויף דער־וועלט,
ווי אַ רשע אויף יענער־וועלט.

## גיסן
ווי אויף אַ שטיין,
ווי אויף אַן אויוון,
ווי בלוט פון אַ חזיר,
ווי פון אַן עמער,
ווי פון עמערס,
ווי פון צעבערס,
ווי פון אַ פאַס,
ווי פון אַ צאַפּן.

## גיסט זיך
ווי בוימל,
ווי בוימל אויפן וואַסער,
ווי שמן זית,
ווי וואַסער,
ווי אַ שטראָם וואַסער.

## גלוסטן זיך
ווי אַ פאַרצויגענער בת־יחידה,
ווי אַ טראָגעדיקער (יידענע).

## גלייבן
ווי יאַסקען (יאַשקען),
ווי יאַשקע פּאַנדרע,
ווי אין יויזלען,
ווי יאַסקע דעם טויבן,
ווי אַ הונט,
ווי דעם הונט אויפן גאַס,
ווי דעם גלח,
ווי דעם צדיק אין פּעלץ,
ווי אין אַ שבועה פון אַ מאַרק־יידענע,

---

[38] לענג־אויס.

וווי דעם בעל־טאַקסע,[39]
ווי דעם רב,
ווי אין דער תּורה,
ווי אין תּורה מסיני.

## געדענקען
ווי דורך א חלום,
ווי נעכטן,
ווי דאָס וואָלט געכטן געווען (געשען),
ווי דאָס וואָלט איצט געווען (געשען).

## דאַרפן
ווי א לאָך אין קאָפּ,
ווי האַרצווייטאָג,
ווי א הוסט אין א קרענק,
ווי א בלאַטער צו דער מכּה,
ווי א מכּה צום בלאַטער,
ווי א פרישטשיק אויפן צונג,
ווי דעם שלימזל,
ווי מײַן אומגליק,
ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי,
ווי דער וואָס טרענקט זיך דאַרף הילף,
ווי א פּאָדעם צו דער נאָדל.

## דינען
ווי דער פּויער דעם פּריץ,
ווי יעקב פאַר רחלען,
ווי דעם מלכות,
ווי א זעלנער.

## דערעסן
ווי א ביטערע ציבעלע,
ווי דעם רבינס מוסר,
ווי דער ווײַבס ספּאָדניצע.

## דרייען זיך
ווי א דריידל,
ווי א ווערפל,
ווי א פ... אין ראָסל,
ווי אויף א קנאַפּל,
ווי אויף א פרעמדער חתונה,
ווי א נאַר אויף א חתונה,
ווי א מעקלער בײַ א געשעפטל.

## האָבן ברויט
ווי לעקעך.

## האָבן געלט
ווי גרויס ער איז.

## האָבן אַ האַפּט
ווי אַן אייער־קיכל,
ווי א בלאָז פון א דודע,
ווי פאַרעווע באָרשטש,
ווי א קינדס א טרער,
ווי א זיפּץ פון אַן אַלטער יידענע,
ווי משה דעם ליגנערס שבועה.

## האָבן א ווערט
ווי אַן אויסגעבלאָזן איי,
ווי א פײַף פון א דודע,
ווי א פייף פון א ניסל,
ווי דער פאַראַיאָריקער שניי,
ווי א מעשה מיט א ציגעלע א ווײַסע,
ווי טרייַנעס מציאה,
ווי בײַ א פערד א צוקער־לעקעכל,
ווי דרײַ (צוויי, צען) מאָל גאָרנישט,
ווי בײַ א קאָזאַק א בייגל,
ווי בײַ א שיכּור איין גלעזעלע י״ש,
ווי א ביסל וואַסער נאָך א תּענית,
ווי ברויט פאַר א הונגעריקן,
ווי א גראָשן פאַר אַן אָרעמאַן,
ווי א גוט וואָרט ווען מען איז אין נויט.

## האָבן אַ טעם
ווי א מויד אָן אַ,
ווי אַלטע זוילן,
ווי אַן אַלטע פאַדעשווע,
ווי א פאַדקאַווע, געקאָכט אין זיס־זויער,
ווי אַן אַלטע שקראַבע,
ווי קאַבעבע מיט אינדיק־זאַמען,
ווי א שיכּורע גויע חנדלט זיך,
ווי מײַן שלימזל וואָלט זיך געקאָכט אין טאָפּ,
ווי צוויי הינקעדיקע גייען טאַנצן,
ווי אין גן־עדן,
ווי לוויתן מיט כריין,
ווי לוויתן מיט שור־הבר,
ווי א שטיק שור־הבר.

## האָבן שכל
ווי אַן אינדיק,

---

[39] עס איז טשיקאַווע, וואָס געווייִנטלעך האָט מען געניצט ניט דאָס וואָרט טאַקסע, נאָר קאָראָבקע. דעם פאַרגלײַך האָט מען א פּנים געבראַכט פון דער פרעמד, אָדער אפשר האָט מען אויך אין ליטע פריער געהאַט דאָס וואָרט טאַקסע און עס פאַרביטן מיט קאָראָבקע.

ווי אַן אייזל,
ווי אַן אַלטער חמור,
ווי אַן אָקס,
ווי אַ (גרויסע) בהמה,
ווי אַ פֿערד,
ווי אַ באָק,
ווי אַן אַלטער באָק,
ווי אַ ציג,
ווי אַ ציג מיט אַ בערדל,
ווי אַ קו מיט אַן אייטער,
ווי אַ (די) קאַץ,
ווי די קאַץ פֿון מיטוואָך,
ווי אַ געקוילעטער האָן,
ווי דעם חזנס אינדיק,
ווי דעם כעלעמער חזנס אינדיק,
אַזוי פֿיל שכל — ווי אין קלויסטער מזוזות.

## האָלט האָבן

ווי גאָלד,
ווי אַן אייגן קינד,
ווי אַן אייגענעם פֿאָטער (ברודער),
ווי אַן אייגענע מוטער (שוועסטער),
ווי אַ מלאך,
ווי די קרוין פֿון קאָפּ,
ווי מײַן לעבן,
ווי מײַן לײַב און לעבן,
ווי אויגן־ווייטאָג,
ווי צאָנווייטאָג,
ווי בויכווייטאָג,
ווי פֿעפֿער אין נאָז,
ווי רויך אין די אויגן.

## האָלטן

ווי אַן אבן־טוב,
ווי אַ בריליאַנט,
ווי אַ דימענט,
ווי אַ טײַערן פּערל,
ווי אַן איין איינציק קינד,
ווי אַ בן־זקונימל,
ווי אין אַ זײַדפּאַפּירעלע,
ווי אַן אתרוג,
ווי אַ קאַרעפּירער אתרוג,
ווי דעם טאָג שבת,
ווי יורקע פֿון שולחן־ערוך,
ווי דער גוי פֿון חזיר,
ווי דער גוי פֿונעם גלח,
ווי פֿון דער אַלטער באָבע,
ווי פֿון באָבסקע רפֿואות.

## האַלטן זיך

ווי אייזן,
ווי צעמענט,
ווי אויף אַ שטיינערנעם פֿונדאַמענט,
ווי שטאָל,
ווי שטאָל און אייזן,
ווי אַ ליגן אויף איין פֿיסל,
ווי אויף הינערשע פֿיסלעך,
ווי שפּינוועבס (שפּינוועבכץ),
ווי צוגעקלעפּט מיט שפּײַעכץ,
ווי צוגעקלעפּט מיט כּשרע שפּײַעכץ,
ווי צוגעקלעפּט מיט ניכטערע שפּײַעכץ.

## האָקן

ווי אין פּויק,
ווי אין צימבל,
ווי אין קרויט,
ווי אַ וואַסער,
ווי אַ מזמור.

## האַרעווען

ווי אַן אייזל,
ווי אַן אָקס,
ווי אַן אָקס אין דער סאָכע,
ווי אַ פּויער פֿאַרן פּריץ,
ווי אַ פּאַראַבאַק,
ווי אונטער אַ (דער) בייטש,
ווי יידן אין מצרים,
ווי פֿאַר פּרעהן,
ווי מיט די לעצטע כּוחות,
ווי אַ יידענע פֿאַר פּסח.

## הודזשען

ווי אין באָד,
ווי אין ברויז,
ווי אין שענק.

## היטן

ווי אַ גאָלד,
ווי אַ שטיק גאָלד,
ווי אַ דימענט,
ווי די אויגן אין קאָפּ,
ווי דעם שוואַרצאַפּל פֿון אויג,
ווי אַן אייגן קינד,
ווי אַן עופּעלע,
ווי דעם (אַ) גנב.

## היטן זיך

ווי פֿאַר אַ בייז אויג,

וי פֿאר פֿייער,
וי פֿון טויט.

### הילכן
וי א גוטע בשורה,
וי א דונער,
וי דער האָרן,
וי דער שופֿר של משיח.

### הירזשען
וי א נאר,
וי דער גרעסטער נאר,
וי א פערד,
וי א קליאטשע.

### העלפֿן
וי אן אַפּיקומן צו קדחת,
וי א טויטן באנקעס,
וי א טויטן א פאקרישקע,
וי תהילים צו א געשוויר (געשווילעכץ),
וי א קאפיטל תהילים צו א מכה,
וי דעם רבינס (צדיקס) א ברכה,
וי א גוטן יידנס א צוזאָג,
וי דער רביצינס איינגעמאכטס,
וי אָפּשפּרעכן אן עין־הרע,
וי א גוט וואָרט,
וי א גלייכווערטל.

### הערן
וי דעם רבֿ,
וי אין טראַק,
וי די קאָץ,
וי די ראבע קאָץ,
וי דעם קאָטער,
וי דעם פֿאראיאָריקן שניי,
וי די לינקע פיאטע,
וי דעם לינקן פֿוס,
וי יורקעס הונט,
וי די מגילה,
וי המן דעם גראגער,
וי א טויבע יידענע דאָס שופֿר בלאָזן,
וי די שענסטע מוזיק,
וי דאָס הארציקע פידעלע,
וי זיין אייגענעם טאטן.

### וואָיען
וי א וואָלף,
וי א ווינט אין קוימען.

### וואַקסן
וי אויף הייוון,
וי א בוים,
וי גראָז,
וי א דעמב,
וי קראָפּעווע,
וי קראָפּעווע אין א יאָר פון א גע־רעטעניש,
וי שוועמלעך נאָך א רעגן,
וי א ציבעלע מיטן קאָפּ אין דרערד.

### וואַרפן זיך
וי אן אָקס פאר דער שחיטה,
וי א געקוילעטער האָן,
וי אין די הענט פון מלאך־המוות,
וי א פיש אויפן זאמד,
וי א פליג אויף א שויב,
וי אין היץ,
וי אין קדחת,
וי אָפּגעריסן זיך פֿון א קייט,
וי ער וואָלט האָבן די פאליקע.

### עס וואַרפט
וי אין היץ,
וי אין קדחת,
וי פאר דער גסיסה.

### וואָרקען
וי א טויב,
וי א פּאָרל.

### וויַיכן
וי פון אן אלטער מויד,
וי פון א בייזער באגעגעניש,
וי פון א בייזער שוויגער,
וי פון טויט,
וי פון מלאך־המוות,
וי פון א מגפה,
וי פון פעך,
וי פון א פעסט,
וי פון סם,
וי פון א צנועה,
וי פון א שלאנג.

### וויינען
וי א ביבער,
וי א ווידרע,
וי א כלה צום באדעקנס,
וי א קליין קינד,

ווי אַ וויסטע אלמנה,
ווי נאָך אַ טויטן.

**וויסן**

ווי אַן אַלטער באָק,
ווי דעם יישובניקס באָק,
ווי דעם יישובניקס בנאָק,
ווי אַ קו פֿון מאַנטיק,
ווי אַ קו פֿון מיטוואָך,
ווי די קאַץ פֿון מיטוואָך,
ווי די קאַץ פֿון זויערמילך,
ווי די קאַץ פֿון סמעטענע,
ווי דעם רבס (רביצינס) קאַץ,
ווי דעם מלמדס ציג.

**זאָגן**

ווי געשמירט,
ווי אַן אַלטן פּזמון.

**זאָגן עברי**

ווי אַ וואַסער,
ווי אַ מזמור.

**זוכן**

ווי אַ הונט אַ ביין,
ווי מיט ליכט,
ווי מיט פֿאַרבונדענע אויגן,
ווי אַ בלינדע הון אַ קערנדל,
ווי דער אָרעמאַן דעם מזל,
ווי דעם זיווג.

**זופּן**

ווי הייסע לאָקשן,
ווי וואַסער,
ווי ווײַן,
ווי בראָנפֿן,
ווי יויך,
ווי קאַלטן ראָסל,
ווי אויף אַ סעודת־מצווה,
ווי אַ מזמור.

**זינגען**

ווי אַ פֿייגעלע,
ווי אַ שפּילפֿייגעלע,
ווי אַ קאַנאַריקל אין וואַלד,
ווי אַ קאַנאַריקל אין שטייג,
ווי אַ באָק נאָך זיבן יאָר,
ווי אַ פֿיש,
ווי אַן אַקענע,[40]
ווי אַן אויסגעוווייקטער הערינג,
ווי אַ ציגײַנער ווען ער איז הונגעריק.

**זינקען**

ווי בלײַ,
ווי אַ שטיין אין וואַסער,
ווי אין אַ טיפֿער בלאָטע אַרײַן.

**זיצן**

ווי אויף שפּילקעס,
ווי אויף הייסע קוילן,
ווי אין געהאַקטע ווונדן,
ווי אַ הונט אין קראָפּעווע,
ווי אַ הונט אויף אַ קופּע (קוגע) היי,
ווי די טאַקן,[41]
ווי פֿאַרצעלײַענע צאַצקעס (ליאַלעס),
ווי אַ פֿייגעלע אין נעסט,
ווי אַ שטאָט־בעל־הבית,
ווי אויף אַ פֿרעמדער חתונה,
ווי דער הויפּט־מחותּן,
ווי אַ פֿאַרגעסענער,
ווי אַן אָרעמער קרובֿ,
ווי אַ פֿאַרחושטער,
ווי אַ נעכטיקער,
ווי אַ שׂררה,
ווי אַ גראַף,
ווי אַ פּריץ,
ווי אַ פּריץ און קוקן ווי אַ הונט,
ווי אַ קוואָקע אויף אייער,
ווי אַ קאַטשקע אויף אייער.[42]

**זען**

ווי אַ בלינדע הון,
ווי אַ בלינד פֿערד,
ווי אַ פֿלאָנדערקע [43] מיט איין אויג,

---

[40] די געוויינטלעכע פֿאָרעם אין ליטע פֿאַרן נאָמען פֿון דעם פֿיש אַקון.

[41] מען האָט דאָס וואָרט געניצט נאָר אין דעם פֿאַרגלײַך און דעם טײַטש פֿון וואָרט פֿאַר זיך (ליאַלקע) האָט מען ניט געוווּסט.

[42] ספּעציעל אין דער פֿאַרבינדונג: זיצן אויף דער גמרא ווי אַ קאַטשקע אויף אייער.

[43] עס זײַנען אויך געווען די פֿאַרגלײַכן: זען ווי אַ בוט מיט איין אויג (אין קורלאַנד) און זען ווי אַ פֿלעקשנע מיט איין אויג (אין פֿאַלאַנגע און אין די דערבײַיקע שטעטלעך פֿון זאַמעט). מען האָט אויך געזאָגט: קוקן ווי אַ בוט, קוקן ווי אַ פֿלעקשנע. בוט און פֿלעקשנע זײַנען לאָקאַליזמען, סינאָנימען צו פֿלאָנדערקע.

װי א פלעדערמויז,
װי א קאַץ אין דער פּינצטער.

## טאַנצן
װי א באַק,
װי א בער,
װי א בער אויף א שטריק,
װי א בלײַענער פויגל,
װי א מויז איבערן צימבל,
װי א ליאַלע,[44]
װי א פּאָרצעלײַענע פּאַפּקע,
װי א נאַר אויף א חתונה,
װי אן אָרעמע מחותּנתטע,
װי בײַ דער מיזינקע אויף חתונה,
װ אן זיך,
װי צעדולט,
װי משוגע,
װי א פּייגעלע,
װי א פערדל.

## טראָגן
װי א מוראַשקע,
װי א פּייגעלע אין נעסט.

## טרינקען
װי א פערד,
װי א פאַרחלשטער,
װי א פאַרשמאַכטער,
װי א גוי,
װי אן זיך,
װי דער שענקער װאָלט געװען זײַן מחותּן,
װי װאַסער,
װי מילך.

## טרײַבן
װי א פערד,
װי א פערד מיט א בײַטש,
װי אן אָקס,
װי א הונט,
װי א שקלאַף.

## טרייסלען זיך
װי אין היץ,
װי אין קדחת,
װי די נכפה װאָלט אים געכאַפּט,
װי פאַר קעלט,
װי פאַר א שררה.

## טרעפן
װי א בלינדע הון א קערנדל,
װי א בלינדער פערד אין גרוב אַרײַן,
װי א האָן דעם רעגן,
װי דער לוח דעם רעגן (דעם שניי, דעם װעטער),
װי אין צימבל,
װי אין פינטל אַרײַן.

## יאָגן זיך
װי דער װינט,
װי דער שטורעמװינט.

## כאַפּן
װי א הונט א ביין,
װי פאַרן טויט,
װי א שעה פאַרן טויט,
װי א הונגעריקער,
װי א װילדער,
װי דער רוח דעם מלמד,
װי הייסע לאָקשן,
װי שיריים בײַם רבין,
װי לעקעך בײַ א סעודה.

## לויפן
װי אן זיך,
װי אן אונטערגעשאָסענער,
װי א פאַרסמטער,
װי א פאַרסמטע מויז,
װי א האָז,
װי א האָז באַרג אַראָפּ,
װי א פערד,
װי א הירש,
װי א הונגעריקער װאָלף,
װי א יאַגהונט,
װי א הונט נאָך א צויג,
װי א ייִד נאָך פּרנסה,
װי א ייִד צו כאַפּן א מנחה (קדושה),
װי צו קדיש.

## ליב האָבן
װי מײַן לעבן,
װי די נשמה,

---

[44] זיך מערקן די פאָרעם ליאַלע, אפשר קאָנסטרויִרט פון ליאַלקע און אפשר איבער־גענומען גרייטערהייט. דאָס געװיינטלעכע װאָרט אין ליטע איז געװען פּאַפּקע.

ווי אַן אייגן קינד,
ווי אויגן־ווייטאָג,
ווי צאָנווייטאָג,
ווי קאָפּווייטאָג,
ווי זאַלץ אין די אויגן,
ווי פעפער אין נאָז.

## ליגן

ווי אויסגעגאָסן,
ווי א גראַף,
ווי א מאָנאַרכע,
ווי א פּריץ,
ווי שבת נאָכן קוגל,
ווי א פייגעלע אין נעסט,
ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן,
ווי אַן אָפּגענומענער,
ווי א בר־מינן,
ווי א מת,
ווי א פּאַדלע,
ווי א פּגירה,
ווי א נבלה,
ווי א פוילע צויג,
ווי א הונט אויף א קופּע (קוגע) היי;
ווי א שווערער שטיין,
ווי א שטיין אויפן האַרצן,
ווי שלעכטע סחורה,
ווי אָפּפאַל,
ווי א קופּע (קוטשע) מיסט;
ווי א פּאַרך,
ווי א פּאַרכמאַיאָר.

## לעבן

ווי אין גן־עדן,
ווי אין דער קושוואָך,
ווי אַן אמתער ייִד,
ווי א בהמה,
ווי גאָט אין אדעס,
ווי גאָט אין פראַנקרייך,
ווי גאָט האָט געבאָטן,
ווי א הונט,
ווי א הונט מיט א קאַץ,
ווי א חזיר,
ווי א חזרניק,
ווי א חכם,[45]
ווי א כשרער ייִד,
ווי א כאַמולע,
ווי א למד־וואָווניק,
ווי א מאָנאַרכע,
ווי א מלך בגדוד,
ווי א מלכות,
ווי אַן ערלעכער ייִד,
ווי א פּרינץ,
ווי א פּרינצעסין,
ווי א פּריץ,
ווי א פּריצטע,
ווי א פּאַרצייַטיקער ייִד,
ווי א פוקס,
ווי א צדיק,
ווי צוויי הינט,
ווי צוויי טייַבעלעך,
ווי צוויי קעץ,
ווי צוויי קעץ אין איין זאַק,
ווי א קאַץ מיט א מויז,
ווי א קיניג,
ווי א קיניגי׳נע[46] (קיניגין),
ווי א רשע,
ווי דער שולחן־ערוך ווייַזט,
ווי א שׂררה,
ווי די תּורה הייסט.

## לערנען

ווי א קליין קינד,
ווי אַן אלף־בית־קינד,
ווי א מלופּם־קינד,
ווי א דרדקי־מלמד,
ווי אַן אָקס צו גיין אין שפּאַן,
ווי א בער פון וואַלד,
ווי א בער טאַנצן,
ווי דעם ייִשובניקס באָק.

## מאַטערן זיך

ווי א צדיק אויף דער־וועלט,
ווי א רשע אויף יענער־וועלט,
ווי פאַרן טויט,
ווי דער רשע פאַרן טויט,
ווי דער אָרעמאַן פאַר א גראָשן,
ווי דער אָרעמאַן פאַר פּסח.

## מאַכן

ווי אין טאָג,
ווי בלאָטע.

[45] עס איז געווען אַן אָפּטע קאַמבינאַציע: לעבן ווי א חכם און שטאַרבן ווי א נאַר.
[46] זיך מערקן די פאָרעם: קיניגי׳נע, אַזוי ווי די ענלעכע פאָלקסטימלעכע פאָרעם: קי־רי׳נע און די זייער פאַרשפּרייטע פריַינדי׳נע.

**מאַכן זיך**
ווי געפּגרט,
ווי ניט אים מיינט מען,
ווי ער וואָלט געווען א (דער גאנ־
צער) יא־טעבע־דאם,
ווי ער וואָלט געווען מר בר רב אשי.

**מאַכן אָן אָנשטעל**
ווי עפּעס רעכטס,
ווי א גאנצער מענטש,
ווי א גאנצער קנאקער.

**מורא האָבן**
ווי א האָז,
ווי א שרעקעדיקער האָז,
ווי יאָן פארן פּאָן,
ווי א פויער פאר שמיץ,
ווי פאר א הונט,
ווי פאר א בייסיקן הונט,
ווי פאר א חיה רעה,
ווי פאר גזלנים,
ווי פאר א גזלן,
ווי פאר א רוצח,
ווי פאר א שיכורן פויער,
ווי פארן מלאך־המוות,
ווי פארן מלאך־הדומה,
ווי פארן מעבר יבוק,
ווי פארן פאראיאָריקן שניי,
ווי פארן פאראיאָריקן פראָסט.

**מיאַוקען**
ווי א קאץ,
ווי מארצאָווע קעץ.

**ניט וועלן**
ווי איינער וויל ניט שטארבן.

**ניט קאָנען אָנזען**
ווי א חזיר,
ווי דעם טרייפענעם חזיר,
ווי דעם הונט פון דעם פריץ,
ווי א בייזע צויג,
ווי א קרעציקע צויג,
ווי די עבודה זרה (אליין),
ווי דעם וואָכערניקס קוויטל.

**ניט קאָנען לעבן**
ווי א ייִד אָן מנחה,
ווי א ייִד אָן א מסירהלע,
ווי א פיש אָן וואסער,
ווי א פורמאן אָן א טרונק בראָנפן,
ווי א שניידער אָן אן עליה.

**נעמען**
ווי זי שטייט און גייט.

**סאָפּען**
ווי א גאנדז.

**עסן**
ווי אָן זיך,
ווי פאר צווייען (דרייען),
ווי פאר צען,
ווי א יוון,
ווי צען יוונים,
ווי א ראָטע יוונים,
ווי נאָך א קרענק,
ווי נאָך א תענית,
ווי א פּראָסטער חי־וקים,
ווי א גראָבער יונג,
ווי א גראָבער נפש,
ווי א פויער,
ווי די מלאָכים ביי אברהם אָבינו,
ווי א פליג,
ווי א טייבעלע,
ווי א פייגעלע.

**פּאַטשן זיך**
ווי צו אתה הראית,
ווי פאר אַן עליה.

**פּאַסן**
ווי אָנגעמאָסטן,
ווי א יידענע א שייטל,
ווי האָבער א גאנדז,
ווי א בייטש פאר א פויל פערד,
ווי דער רביצין א ספּאָדיק,
ווי א חזיר א זאָטל,
ווי א קו א זאָטל,
ווי א קאָזאק א זופּעצע (זשופּעצע),
ווי פאר א ייִדענע א בלאט גמרא,
ווי לאקרעץ צו פלעצל.

**פּאַסן זיך**
ווי א מלמד און א טייטל,
ווי א פידל און א סמיטשיק,
ווי א ציג און א בערדל,
ווי א פידל אָן א סמיטשיק,

ווי א רב און א רביצין,
ווי פּעפּער אין נאָז,
ווי רויך אין די אויגן.

**פּלאַפּלען**

ווי א וואַסערל,
ווי א זייגער.

**פּלאַצן**

ווי א סטרונע,
ווי א קעסלפּויק.

**פּאַלגן**

ווי דעם רב,
ווי די רביצין,
ווי די קאַץ,
ווי די ראַבע קאַץ,
ווי דעם גרויען קאָטער.

**פּאַלן**

ווי פון הימל,
ווי שטיינער פון הימל,
ווי שטערן פון הימל;
ווי פון אויוון,
ווי פון באַלקן,
ווי פון דער סטעליע,[47]
ווי פון דאַך,
ווי א געהרגעטער,
ווי אַן אָראָפּגעזעגטער בוים,
ווי א בלאַט פון בוים,
ווי א סנאָפּ,
ווי א פּלאַכטע,
ווי שפּענער,
ווי הובלשפּענער,
ווי זעגעכץ,
ווי די פליגן.

**פּאַרגיסן בלוט**

ווי וואַסער.

**פּאַרגעסן**

ווי אַן טויט,
ווי ניט געווען,
ווי קיין מאָל גאָרנישט,
ווי נאָך א שמחה,
ווי נאָכן איבערבעטן זיך.

**פּאַרדריסן**

ווי א שיף מיט זויערמילך וואָלט אונ־
טערגעגאַנגען,
ווי ער וואָלט זיך געשמדט,
ווי ער וואָלט זיך א מיתה משונה אָנ־
געטאָן,
ווי מען וואָלט מיר געשניטן דאָס
לײַב מיט מעסערס,
ווי איך אַליין וואָלט אַרויס אַן א העמד.

**פּאַרפּלאָנטערן זיך**

ווי א פליג אין שפּינוועבס.
ווי א ליגנער.

**פּאַרפּאַלן**

ווי איבערן גרענעץ,
ווי אין אַמעריקע,
ווי אין וואַסער אַריין,
ווי אין ים אַריין,
ווי אין דעק,
ווי אין קישקע.

**פּאַרציִען (זיך)**

ווי א קליין קינד,
ווי א פּיצעלע קינד,
ווי א בן־יחיד,
ווי א בת־יחידקע,
ווי א בן־זקונימל,
ווי א טאָג נאָך דער חתונה,
ווי א קימפּעטאָרין בײַם ברית.

**פּאַרשטיין**

ווי א חכם אויפן וווּנק,
ווי דער ווילנער גאון,
ווי דער חכם פון מה־נשתּנה,
ווי א האָן אין בני־אדם.

**פּאַרשמעקן**

ווי שבתדיקע מאכלים,
ווי די געווירצן פון שבת,
ווי א טראָגעדיקער,
ווי אַן עבירה.

**פּאַרשפּאַרן**

ווי אין א טורמע,
ווי אין א תּפיסה,

[47] דאָס וואָרט האָט מען געוויינטלעך ניט גענוצט פאַר זיך, חוץ פאַרגלײַך. דאָס פאַרשפּרייטע וואָרט פאַר סופיט איז געווען: באַלקן, אין קורלאַנד און צום טייל אין זאַמעט: אייבערלאַגע, עס איז אויך געווען: פּאַלאָפּ און פּולאָפּ.

וי אין א קרעפּאסט,
ווי אין א קאטוך,
ווי אין א קרעטשמע.[48]

## פּײַנט האָבן

ווי א שפּין,
ווי א שלאַנג,
ווי א חזיר,
ווי א ייִד האט פּײַנט חזיר,
ווי עבודה־זרה,
ווי א ייִד האט פּײַנט עבודה־זרה,
ווי א פרומער ייִד האט פּײַנט אן עבירה,
ווי די מאטקע־באסקע (באזשקע),
ווי א פּגירה,
ווי א פּאדלע,
ווי א מיאוסקייט,
ווי מען האט פּײַנט א מיאוסע מויד,
ווי אויגן־ווייטאג,
ווי בויכווייטאג,
ווי צאנווייטאג,
ווי קאפּווייטאג,
ווי א הונט א ייִדן אין א קאפּאטע,
ווי א קאץ האט פּײַנט סמעטענע,
ווי א גאנדז האט פּײַנט האבער,
ווי א בעטלער א גאנצן (האלבן) גילדן,
ווי א חסיד א שיקסע,
ווי א גוטער־ייִד א פּעטן פּדיון,
ווי א שיכּור א גלעזעלע משקה,
ווי דער גביר געגדזענע פּופּיקלעך,
ווי אן אשת־איש.

## פירן זיך

ווי א גראף,
ווי גראף פּאטאצקי אליין,
ווי א גאנצער שררה,
ווי א מלכות,
ווי א שטאט־בעל־הבית,
ווי א שנארער אויף א חתונה,
ווי א סטאטעק,
ווי א גאנצער מענטש,
ווי א פּײַנער ייִד,
ווי א שנײַדערוק אויף אן אסיפה.

## פליען

ווי אן זיך,
ווי אן א קאפּ,
ווי מיט געדונגענע פּיס,
ווי מיט פליגלען,
ווי אן לײַב און לעבן,
ווי א פײַל אויסן בויגן,
ווי א (דער) ווינט,
ווי א באַן,
ווי א פויגל,
ווי א פויגל אין נעסט ארײַן,
ווי א זומער־פייגעלע,
ווי א טויב,
ווי א סאראקע,
ווי אן אדלער,
ווי יאסל צום יאריד,
ווי עס וואלט געוואָרט דאס[49] גרעס־טע גליק,
ווי פליגעלעך אויפן פײַער.

## פרעסן

ווי א בהמה,
ווי א חזיר,
ווי א פערד,
ווי א גאַנדז,
ווי דעם רבינס משרת,
ווי א בעל־עגלה,
ווי א שמײַסער,
ווי אן אומבתּרבותער.[50]

## צאנקען

ווי בײַ דער גסיסה,
ווי א ליכט,
ווי די לעצטע האפענונג.

## צוגיין

ווי א גנבֿ,
ווי א גנב אויף די שפּיצפינגער,
ווי צום אייגענעם קאמאר,
ווי אן אמתער בעל־הבית,
ווי אן אונטערלעקער,
ווי א חניפותניק (לייען: כאנעפּו׳סניק),

---

48 דער זינען איז אומקלאר.
49 ווי כּמעט אומעטום, ווערט דא אנגעגעבן דער גראמאטישער מין און אנדערע גראַ־מאטישע פארמען אין דעם סטאנדארד־נוסח.
50 אומדערצויגענער; געווען זייער א פארשפרייט ווארט בײַם עלטערן דור. דאס ווארט האָט קיין מזל ניט, עס איז איצט כּמעט אין גאַנצן פארגעסן געוואָרן.

ווי א קאַץ צו סמעטענע,
ווי א באַק צו א שפּיגל.

### צוגרייטן
ווי פאַרן מלכות אליין,
ווי פאַר צען יוונים,
ווי פאַר דער גאַנצער ראַטע,
ווי פאַר א פּולק סאָלדאַטן,
ווי פאַר הונגעריקע,
ווי צו א חתונה,
ווי אויף א הונגעריאַר.

### צוואַרפן
ווי א הונט,
ווי א הונט א ביין,
ווי א חזיר.

### צוטשעפּען זיך
ווי א ניט־גוטער,
ווי דער טײַוול,
ווי א קרענק,
ווי א שלאַק פון זיין ליבן נאָמען,
ווי דער שלימזל,
ווי א פליג,
ווי א קלעשטש,
ווי א פּיאַווקע,[51]
ווי אן אַלטע צויג,
ווי א קרעץ,
ווי א רויז,
ווי א שנאָרער,
ווי דער שליח פון בית־דין,
ווי א בערעלע אום תשעה באָב.

### צוכאַפּן זיך
ווי אן אָרעם־בחור צו דער חלה,
ווי א קלויזניק צו יויך,
ווי אן אָרעם־בחור צו לאַטקעס,
ווי צו הייסע לאָקשן,
ווי צו א גלאָז משקה אין א גרויסן פראָסט,
ווי אן אורח צו דער גילדענער יויך,
ווי דער פרוש צו דער ספּאָדניצע,
ווי א קינד צו טיטע,
ווי נאָך א קרענק,
ווי נאָך א תענית.

### צולאָזן
ווי דער הונט,
ווי דער הונט אויף זיין אייגן מיסט,
ווי דער הונט אויף א קופּע (גופע) היי,
ווי דער דבר־אחר,
ווי דעם בעל־מלאָכה צו דער תּוכחה.

### צונויפדרייען זיך
ווי א בייגל,
ווי א קעצעלע,
ווי א שלאַנג.

### צונויפליגן די הענט
ווי א שטאָט־בעל־הבית,
ווי פּינטע גביר.

### צונויפנעמען
ווי ביי בדיקת חמץ.

### צונויפפירן
ווי א שדכן א לאָמען מיט א קרומער.

### צונויפקומען זיך
ווי גנבים אין דער שטיל,
ווי קעץ אין א לבנה־נאַכט.

### צונויפריידן זיך
ווי לייטישע מענטשן,
ווי א שטומער מיט א טויבן,
ווי א שטאַמלער מיט א שטומען,
ווי צוויי מעגעגעס,[52]
ווי בלאַטע יאַטן.

### צונויפשאַרן
ווי א בעטלערקע א גראַשן צו א גראָשן,

### צונויפשטופּן
ווי אין א באָד,
ווי אין פּריסוטסטווע צום פּריזיוו.

### צונויפשטופּן זיך
ווי צו הערן דעם קעלמער מגיד.[53]

### צונויפשלעפּן
ווי א מויז אין לאָך אריין,
ווי א וועווערקע אויף ווינטער.

---

[51] עס איז געווען פאַרשפּרייט די פאָרעם: פּיאַווקע, ספּעציעל אין זאַמעט.
[52] לעקיש, נאַר, ביז גאָר אומבאַהאָלפענער, אויך: שטאַמלער.
[53] דער זייער פּאָפּולערער קעלמער מגיד האָט אַלע מאָל „געצויגן" א גרויסן עולם.

**צונעמען**
ווי דער טויט,
ווי דאס וואסער,
ווי דער מלאך המוות,
ווי די ערד וואלט פארשלונגען.

**צופּן**
ווי א קינד דער מאמעס פארטעך,
ווי א בעל־הביתל דאָס בערדל,
ווי א ציג פון א שטרויענעם דאך.

**צופאָלן**
ווי צו א טעלער הייסע לאָקשן,
ווי צו דעם רבינס שיריים,
ווי א (דעם) גזלן צו די פיס.

**צוציילן**
ווי א קארגער די גרויפּן אין טאָפּ.

**צוקוועטשן**
ווי א חזיר צו דער וואנט.

**צוקוקן זיך**
ווי א פרעמדער,
ווי א זײַטיקער,
ווי ניט אים מיינט מען.

**צוקלייבן**
ווי פאר דעם גרעסטן גאסט,
ווי א חתן וואָלט געדארפט אָנקומען.

**צוקלעפּן זיך**
ווי האָניק,
ווי א בין צו האָניק,
ווי א בערעלע,[54]
ווי א שטעכלקע,
ווי א צו־נאָמען.[55]

**צוריקברענגען**
ווי פון יענער־וועלט,
ווי אן אנטלאָפענעם חתן.

**צורעכט מאַכן**
ווי א מייַנסטער,
ווי א בעל־מלאָכה,
ווי דער אמתער פארטאטש,
ווי דער בעל־דבר,
ווי דער בעל־דבר דעם מלמד.

**צורעכט קומען**
ווי אייגענע צווישן זיך.

**צושטופּן**
ווי א דרייער צו דער וואנט,
ווי א ליגנער צו דער וואנט.

**צושטיין**
ווי א פליג,
ווי א בייזע פליג,
ווי א מוק,
ווי א קלעק,
ווי א מכּה,
ווי א געשוויר,
ווי א בייזע אָנשיקעניש,
ווי א קליפּה,
ווי א שווארציאָר,
ווי דער יצר־הרע,
ווי דער יצר־הרע צום מלמד,
ווי אן אלטע מויד,
ווי א גזלן מיט א מעסער צום האלדז,
ווי א רוצח מיט א האק איבערן קאָפּ.

**צושלאָגן**
ווי מיט א נאָגל צו דער וואנט.

**צושפּרינגען**
ווי א ווילדער,
ווי א משוגענער,
ווי מען וואָלט אים אָפּגעבריט דעם עק.

**ציטערן**
ווי אין קדחת,
ווי אין היץ,
ווי א הונט,
ווי יורקעס הונט,
ווי א הונט אין די נײַן טעג,
ווי א הונט אין קראָפּעווע,
ווי א בלאַט,
ווי א האָז,

[54] תּשעה־באב האָט מען זיך געוואָרפן מיט בערעלעך וואָס פלעגן צושטיין צו די מלבו־שים, און עס איז געווען א גאנצע ארבעט זיך צו באפרייען פון זיי.
[55] די פאַרשפּרייטע פאָרעם פאר: צונעמעניש.

וי א שעפּעלע,
ווי א שעפּעלע פאַרן חלף,
ווי פאַר פייער,
ווי פאַרן מלאך־המוות,
ווי פאַרן טויט,
ווי פאַר בריינדעלען מיט די בלויע לי־פּלעך,
ווי פאַרן ספּראַוווניק,
ווי פאַר שמיץ,
ווי א גרעזעלע אין פעלד,
ווי א לולב.

**ציילן**

ווי א מזמור,
ווי מען ציילט גאָלדענע רענדלעך,
ווי די פסוקים פון דער תּורה.

**צי:ען**

ווי א מאַגנעט,
ווי א מאַגנעט צו אייזנשטאָל,
ווי מיט צוואַנגען,
ווי דעם פערד צו דער קרעטשמע,
ווי דעם פערד צו דער טאָרבע מיט האָ־בער.
ווי צו אַן עבירה,
ווי דעם שיכּור צום פלעשל,
ווי די יידן אין מדבר.[56]

**ציען זיך**

ווי פעך,
ווי ווערעם,
ווי פּאַ׳טעקע,
ווי ציראַפּ.

**ציקלען זיך**

ווי א חזן,
ווי א משורר אויף א פאַרהער.

**צעבייסן**

ווי אַן עפּל,
ווי א פלוי.

**צעבלאָזן**

ווי שפּריי אויפן ווינט,
ווי פעדערלעך.

**צעבליִען זיך**

ווי דער גאָרטן נאָך א רעגן,
ווי מאָן,
ווי רויזן,
ווי קראָפּעווע,
ווי א כּלה־מיידל,
ווי שימל,
ווי א פאַרך.

**צעברעקלען זיך**

ווי אַן אייער־קיכל,
ווי א מצהקעלע.

**צעגאַרטלען זיך**

ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן,
ווי נאָך א גוטן יאַריד,
ווי יעקעלע באַרימער.

**צעדריקן**

ווי א וואַנץ,
ווי א לויז.

**צעהאַקן**

ווי קרויט.

**צעהוליען זיך**

ווי קורטע,
ווי שמחת־תּורה,
ווי אויף א חתונה,
ווי שקצים אין א שענק,
ווי נאַוואָבראַנצעס.[57]

**צעוואַקסן זיך**

ווי טייג אין א דייזשע,
ווי א בוים,
ווי א דעמב,
ווי ווילדגראָז.

**צעוואַרעמען זיך**

ווי נאָך דעם רעכטן טרונק.

**צעטרייבן**

ווי הינט,
ווי א טשאַטע הינט,
ווי וואַנצן,

---

[56] דאָ איז דער באַטייט פון ווערב ציען אַן אַנדערער, ווי ביי די פריערדיקע פאַרגלייכן.
[57] די פּריזיווניקעס וואָס מען האָט זיי אָקערשט אָפּגעגעבן פאַר זעלנערס. זיי פלעגן שיכּורן און זיך לאָזן ווויל גיין. דערביי האָט דער יידישער עולם געהאַט אויסצושטיין שרעק, וואָרעם זיי האָבן געשלאָגן, געבראָכן שויבן, א מאָל אויך ראַבירט.

ווי מיט בייטשן,
ווי מיט נאגייקעס.

### צעטרעטן
ווי א ווארעם אונטער די פיס,
ווי ווערעם,
ווי חזירים,
ווי חזירים א ווייגארטן.

### צעיושען זיך
ווי א שיכורער פויער,
ווי א וואלד־גזלן.

### צעכאפן
ווי די גרעסטע מציאה,
ווי דעם רבינס שיריים,
ווי מצה־וואסער.

### צעלאָזן
ווי פוטער,
ווי פוטער אויף דער זון.

### צעלאכן זיך
ווי מיט גלעקלעך.

### צעלויפן
ווי קינדער פארן קאנטשיק,
ווי א סטאדע אן א הונט.

### צעלייגן זיך
וויביים טאטן אין ווייגארטן,
ווי א חזיר אין גארטן,
ווי א חזיר אין גרינסן,
ווי א חזיר אין קרויט,
ווי א פאדלע,
ווי א פוילע קאץ אויף דער זון.

### צענעמען
ווי א גוטער בעל־תפילה,
ווי א קינדס געוויין,
ווי דעם יתומס קדיש,
ווי א פידעלע.

### צעעסן
ווי ווערעם,
ווי שטשורעס.

### צעפאלן
ווי א קארטנשטיבל,
ווי טרוקענע ריטלעך,
ווי לויזע ריטלעך.

### צעפאָרן זיך
ווי ברוגזע מחותנים.

### צעקוועטשן
ווי א יאגדע,
ווי א לויז,
ווי א וואנץ,
ווי א גארנישט,
ווי שפאנגעלעס.[58]

### צעקייקלען זיך
ווי ניס,
ווי ארבעס,
ווי בעבלעך.

### צעקלאפן
ווי אן עפל.

### צעקנאקן
ווי א לויז,
ווי א נוס,
ווי א הארטן נוס.

### צעקריגן זיך
ווי שוועגערינס,
ווי נארישע יידענעס.

### צערונען ווערן
ווי נדן,
ווי רעגן־וואסער,
ווי א חלום.

### צערטלען
ווי א מאמע איר קינד,
ווי אן אייגענע מוטער,
ווי אן איינציק קינד,
ווי א קראנק עופעלע.

### צערייבן
ווי א וואנץ,
ווי אויף א ריבאייזן,
ווי אויף מצה־מעל.

---

58 זשוראווינעס, זשארווינעס.

**צערײדן זיך**
ווי (צוויי) יענטעס.

**צערײַסן**
ווי אַ הערינג,
ווי אַן אויסגעווייקטן הערינג.

**צערייצן**
ווי דער יצר־הרע,
ווי לילית,
ווי דער טײַוול דעם מלמד,
ווי אַ בייזן הונט.

**צערינען**
ווי אַ חלום,
ווי אַ זיסער חלום,
ווי דער נעכטיקער טאָג,
ווי פון אַ דורכגעלעכערטער פאַס.

**צעריען**
ווי אַ חזיר,
ווי אַ חזיר אַ גאַרטן.

**צעשאָקלען זיך**
ווי איר בײַם טײַך,
ווי אַ גרעזעלע אין ווינט,
ווי אַ לולב,
ווי בײַם דאַווענען,
ווי בײַם לערנען.

**צעשטויבן**
ווי דער ווינט.

**צעשטויסן**
ווי מצה־מעל,
ווי פעפער.

**צעשטעכן**
ווי אַ חזיר,
ווי אַ זיפּ.

**צעשיידן זיך**
ווי טײַבעלען
ווי דער גוף מיט דער נשמה.

**צעשלאָגן**
ווי אַן עפּל.

**צעשמייכלען זיך**
ווי אַ קינד,
ווי די זון,
ווי די זון נאָך אַ רעגן,
ווי די זון מיט אַ רעגן.

**צעשמירן**
ווי דאָס וואָלט געווען מי יודע וואָס.

**צעשרײַען זיך**
ווי מען וואָלט אים געקוילעט,
ווי מען וואָלט בײַ אים צוגענומען
דער באָבעס ירושה.

**ס'קאָכט**
ווי אויף אַ יאַריד,
ווי אויפן הימל אַ יאַריד,
ווי אין באָד,
ווי אין אַ קעסל,
ווי דער סמבטיון,
ווי אין אַ הוטע,
ווי אין אַ מוראַשניק,
ווי בײַם בעטלער אויפן (אונטערן) העמד,
ווי אויף אַן אסיפה.

**קאָכן זיך**
ווי אַ גזלן,
ווי אַ רוצח,
ווי אַ סאַמאָוואַר,
ווי אַ קעסל אויף קוילן,
ווי מען וואָלט אים באַגזלט,
ווי אַ שוסטער אין בולבע־קאַשע,
ווי חיהלע פאַרן בית־דין,
ווי ד... אין סמאָלע.

**קאָסטן**
ווי אַ טאַטן,
ווי אַ טאָכטער אויסצוגעבן.

**קהלן זיך**
ווי עפּעס רעכטס,
ווי דער באָק פון בית־הקברות,
ווי בײַם געבן גאַלקעס.[59]

**קוואָקען**
ווי אַ הון בײַם לייגן אַן איי,
ווי אַ רבל וואָס זוכט אַ רבנות.

---

[59] בײַם שטימען; מען פלעגט שטימען מיט ווײַסע אדער שוואַרצע קליינע רונדע פּיל־קעלעך — גאַלקעס. אין אַנדערע ערטער איז דאָס קעסטל וווּהין מען האָט געוואָרפן די גאַלקעס געווען צעטיילט אין צוויי העלפטן: אַ ווײַסע און אַ שוואַרצע.

### קוואַקען
ווי אַ קאַטשקע,
ווי אַ פֿראָש,
ווי אַ זשאַבע,
ווי אין ווײַבערשן בית־מדרש.

### קוויטשען
ווי אַ חזיר,
ווי אַ חזיר וואָס מען דריקט אים צו צום פּאַרקאַן.

### קוילענען
ווי אַ גזלן,
ווי אַ מערדער,
ווי אַ רוצח,
ווי דער מלאך־המוות,
ווי אַ שוחט מיט אַ חלף,
ווי אַ שוחט מיט אַ ברכה,
ווי אַ קאַלבע,
ווי אַ שעפּעלע,
ווי אַ שעפּס.

### קויפֿן
ווי אַן אָנזעצער,
ווי אָקערשט אַראָפּ פֿון קעסט,
ווי אין טאַמאָזשנע.[60]

### קומען
ווי אַ גוטע בשורה,
ווי אַ מלאך פֿון זײַן ליבן נאָמען,
ווי אַ פֿאַרבעטענער,
ווי אַן אײַנגעבעטענער גאַסט,
ווי ניט קיין געבעטענער,
ווי אַ ברוגזער מחותּן,
ווי אַ הוסט אין אַ קרענק,
ווי אַ בלאָטער צו דער מכּה.

### קוקן
ווי אַ בלינדע הון,
ווי אַ נעכטיקער,
ווי אַ צעטראָגענער מלאך,
ווי ער וואָלט דאָ קיין מאָל ניט געווען,
ווי אַ האָן אין בני־אדם,
ווי דאָס קעלבל אויפֿן חלף,
ווי אַ הונט אויפֿן רבין,
ווי אויף אַ בער,
ווי ער וואָלט געקומען פֿון יענער־וועלט.

### קײַען
ווי אַ וואָרעם די ערד,
ווי ער וואָלט קיין צײַט ניט געהאַט,
ווי ער וואָלט שוין דרײַ טעג ניט גע־געסן.

### קינדלען
ווי אַ קבצן,
ווי אַ רב מיט אַ רביצין,
ווי אַ רביצין,
ווי גאָט האָט געבאָטן,
ווי דער פּסוק הייסט.[61]

### קלאָגן
ווי אַ ביבער,
ווי אַ יתום,
ווי אַ יתומה,
ווי אויפֿן חורבן,
ווי בײַ אַ לוויה,
ווי אַ שיף מיט זויערמילך וואָלט אים אונטערגעגאַנגען.

### קלאַפּן
ווי אַ זייגער,
ווי צו סליחות,
ווי דער ווינט מיט די לאָדנס,
ווי אַ קאָלאָקאָטקע,
ווי מיט אַ פּראַלניק,
ווי מיט אַ קולטעוזע.[62]

### קלײַבן
ווי אַרבעס,
ווי ווערעמדיקע אַרבעס,
ווי מילביקע פֿלוימען,
ווי אַ הונט ביינער,
ווי אַ בעטלער שמאַטעס,
ווי שרה־לאה אין זאָק,
ווי אַן אַלטער בחור,
ווי אַן אַלטע מויד,
ווי אַ פֿאַרזעסענע מויד,
ווי דעם גבירס בת־יחידה.

---

[60] קאָנטראַבאַנד, וואָס מען האָט געכאַפּט, אָדער סחורה, וואָס מען האָט געשיקט איבער דער גרענעץ צו באַצאָלן צאָל און די סוחרים האָבן ניט אויסגעלייזט, פֿלעגט מען אויף ליציטאַציעס פֿאַרקויפֿן אין דער טאַמאַזשנע; דערבײַ האַט מען געקענט קויפֿן גרויסע מציאות.
[61] אַ רמז אויף פּרו ורבו.
[62] אַ פּראַלניק.

### קלײַבן זיך

ווי צו דער חתונה,
ווי צום גט,
ווי ברוך אויפֿן יאריד,
ווי וויכנע־דוואשע קיין אמעריקע,[63]
ווי א נגיד אויף א קרענק.

### קליידן

ווי א חזיר א זאטל,
ווי א חזיר א נאזרינג,
ווי א קו א זאטל,
ווי א קוימען־קערער א צילינדער,
ווי א קוימען־קערער שלישי,
ווי א בעדער צו זײַן א בורר.

### קלעטערן

ווי א קאַץ אויפֿן דאך,
ווי א מאלפּע,
ווי (ווילדער) ווײַן.

### קלעפּן

ווי אַן ארבעס אַן וואַנט,
ווי די רייד פון א מטורף,
ווי פּאפּע,
ווי קי̇עשקייט.

### קלערן

ווי דער אינדיק,
ווי דער אינדיק דער חכם,
ווי די קלוגע גאנדז,
ווי דער[64] פערד,
ווי אַן אלטער פערד,
ווי אַן אלטער באָק.

### קנאלן

ווי א ביקס,
ווי דער דונער.

### קניִען

ווי א גויע פאר דער מאטקע־באסקע.

### קנעטן

ווי די לעצטע מיירע,[65]
ווי מיט די פיס אין ליים.

### קנעלן

ווי א דרדקי־מלמד,
ווי מיט אַן אלטן באָק.

### קענען

ווי א ייִד אשרי,
ווי א (דעם) בייזן שילינגער.

### קערן

ווי מיט אַן אײַזערנעם בעזעם.

### קראַצן זיך

ווי א בעטלער,
ווי א לייזיקער,
ווי ער וואלט געדארפט אליין באצאלן,
ווי אין הקדש.

### קריגן זיך

ווי איבער א ירושה,
ווי שנאַרערס.

### קרייען

ווי א האָן (הענדל).

### קריכן

ווי א ווארעם,
ווי א ווארעם אין שטויב,
ווי א שלאנג אויפֿן בויך,
ווי א שלאנג צווישן שטיינער,
ווי פּאָר א פּריץ.

### קרעלן

ווי א קאַץ.

### קרענקען

ווי א יחסן,
ווי א נגיד,

---

[63] אַן אנווײַז אויף דעם ווי פּאפּולער עס איז געווען עוזר בלאשטיינס קורצע 2קאפּיקענע מעשה „וויכנע־דוואשע פארט נאָך אמעריקע“, וואָס איז א קיצור פון דעם ערשטן טייל פֿון זײַן גרויסן ראמאן „וויכנע־דוואשע פארט צוריק פֿון אמעריקע“.

[64] הגם דא ווערן בדרך כּלל געגעבן די גראמאטישע פארמען אין זייער סטאנדארד־נוסח, האב איך דאָ געלאָזן דעם ליטווישן דער פערד, ווײַל דאָס פערד פאסט זיך עפּעס ווינציקער מיט קלערן: דאס בינדט זיך גיכער מיט אַן אומבאַלעבטער זאַך אין דעם שפּראַכיקן דענקען פון דעם ליטווישן ייִד.

[65] ד״ה קוים־קוים, זייער שטארק פארמאטערט.

ווי אן ארעמאן,
פאר (אין) נחת ווי א קימפעטארין.

### ראנגלען זיך
ווי מיטן טויט,
ווי מיטן מלאך־המוות,
ווי א געבונדענער,
ווי א געבונדענער אויף אלע פיר,
ווי איינער וואס טרענקט[66] זיך.

### רייבן
ווי געשמירט.

### ריידן
ווי פאר צען,
ווי פארן טויט,
ווי פון א סידור (ארויס),
ווי דער טייטש־חומש,
ווי ווייבער וועגן איינגעמאכטס,
ווי ווייבער וועגן א טייגעכץ.

### רייכערן
ווי א קוימען.

### רייסן
ווי שנארערס.

### רייסן זיך
ווי הינט,
ווי צוויי הינט,
ווי קעץ,
ווי צוויי קעץ,
ווי פארן גט,
ווי פאר מפטיר יונה,
ווי פאר א פסוק פון אתה הראית.

### רימען
ווי א שדכן,
ווי א מעקלער.

### רימען זיך
ווי א נאר,
ווי א שוטה,
ווי דער חזיר מיט זיין פיסל,
ווי דער קעמל מיט זיין הויקער.

### רירן זיך
ווי א בלייענער פויגל,
ווי א בער.

### רעגענען
ווי פאר א נייעם מבול.

### רעווען
ווי אן אקס,
ווי אן אקס צו דער שחיטה,
ווי א געקוילעטער,
ווי א געשונדענער.

### שאטן
ווי א יונגע שיקסע,
ווי פארע אין באד,
ווי נאך א ביסל פארע אין באד,
ווי דעם רבינס א שמיצל,
ווי אן אלטן מאן א יונגע ווייב,
ווי א קאזאק אן עין־הרע,
ווי א ביסל ריצנאייל,
ווי נאך א גלעזעלע משקה,
ווי נאך א פארדינסטל,
ווי אן איבעריק קערבל.

### שאלן
ווי א טרומפייט,
ווי א שופר,
ווי דער שופר של משיח.

### שאָקלען
ווי א לולב.

### שווייגן
ווי א הונט,
ווי יורקעס הונט,
ווי א כלב,
ווי א קאטינקע,
ווי א פיש,
ווי דאס לשון וואלט אים אפגענומען,
ווי די צונג וואלט אין קימפעט געלעגן.

### שווימען
ווי א פיש,
ווי א פיש אין וואסער,
ווי א קאטשקע.

### שוויצן
ווי אין באד,
ווי אין באד אויפן אייבערשטן פאל
(אויף דער אייבערשטער פאלע),

---

[66] זיך מערקן די פּזרעם: טרענקען. אין ליטווישן יידיש האבן מיר געהאט: איך טרינק אליין, איך טרענק אן די פערד אאז״וו, און א מענטש טרענקט זיך אין טייך.

ווי אין מרחץ,
ווי פֿאר אן עקזעקוציע,
ווי א ביבער.

**שווערן זיך**
ווי א מארקיידענע,
ווי א גנבטע.

**שטאָפּן**
ווי א גאנדז,
ווי א גאנדז אויף גריבענעס,[67]
ווי אן אינדיק אויף פסח,
ווי אין א לעכערדיקן זאק.

**שטאַרבן**
ווי א נאר,
ווי א שוטה,
ווי א צדיק,
ווי אן אמתער צדיק,
ווי א ייִד.

**שטויסן (זיך)**
ווי א באָק,
ווי א שטעכעדיקער אָקס.

**שטיין**
ווי אויף הייסע קוילן,
ווי אויף דער וואך,
ווי א באדאָסטער,
ווי א באמלאָכהטער,
ווי מיט פולע הויזן,
ווי אן אָפּגעשמיסענער,
ווי א פארשעמטער ייִנגל,
ווי געפּלעפּט,
ווי א גולם,
ווי א ליימענער גולם,
ווי א פֿאַרצעלייענער גולם,
ווי א גולם אויף ליימענע פֿיס,
ווי א זעלנער,
ווי א זעלנער פֿאר דער טיר,
ווי פֿאר נאטשאלסטווע,
ווי פֿארן מלכות,
ווי פֿארן בית־דין,
ווי א הונט אויף די הינטערשטע פֿיס,
ווי א הונט פֿאר זיין האר,
ווי א ציג פֿאר א זיפּ (א רע׳שעטע),
ווי ער וואָלט אראָפּגעשלונגען א בעזמען,
ווי א דראָנג,
ווי א טעלעגראף־שטאנג,
ווי א ביין אין האלדז,
ווי דער טויט פֿאר די אויגן.

**שטינקען**
ווי א טכויר,
ווי א שעשקע,[68]
ווי א טכויר (שעשקע) וואָס כאפּט זיך
אריין אין א שטייג מיט הינער.

**שטעכן**
ווי מיט א נאָדל (מיט נאָדלען),
ווי מיט שפילקעס,
ווי מיט שפיזן,
ווי מיט א פיקע אין זייט,
ווי מיט גיפטיקע פֿיילן,
ווי מיט גיפטיקע ריידעלעך,
ווי א בין,
ווי א פערדבין,
ווי א בלאטער יונג מיט א מעסער.

**שיטן**
ווי מאָן,
ווי ארבעס,
ווי פון א לעכערדיקן זאק,
ווי פֿון ארבל.

**שיטן זיך**
ווי זאמד,
ווי זאמד און ערד,
ווי פֿון א ליידיקן בעטלער,
ווי פון דעם מילנערס הויזן,
ווי פֿון א ציג באָבקעס,
ווי ציגענע באָבקעס,
ווי קלעפּ,
ווי טרוקענע קלעפּ.

**שיינען**
ווי די זון,
ווי די ליכטיקע זון,
ווי די שטערן,
ווי די ליכטיקע שטערן,
ווי די זיבן זונען,
ווי אן אויסגעשייערטער,

[67] גריבענע איז די ליטווישע פֿארעם פֿאר גריוו, גריבענעס, גריוון.
[68] דאָס ליטווישע יידישע וואָרט פֿאַר טכויר.

ווי אן ארומגעצוואָגענער,
ווי נאָך א באָד,
ווי א נייער,
ווי א בריליאַנט,
ווי א גאָלד,
ווי א דימענט,
ווי א פינגערל,
ווי דעם זיידנס קאַפּאָטע אויף דער לינ־
קער זײַט,
ווי דער קוימען אויף דער לינקער זייט,
ווי א כלה צו דער חופּה,
ווי א מלאך פון הימל,
ווי א מלאך פון זיין ליבן נאָמען,
ווי א פּרינץ,
ווי א פּרינצעסין,
ווי אסתּר המלכּה,
ווי א בת־מלכּה.

## שילטן

ווי א מאַרקיידענע,
ווי אויפן פישמאַרק.

## שלאָפן

ווי א טויטער,
ווי געשטאָרבן,
ווי א געהרגעטער,
ווי געפּגרט,
ווי א געוויקלטער,
ווי נאָך א גוטער וועטשערע,
ווי נאָך א (פעטן) צימעס,
ווי שבּת נאָכן טשאָלנט,
ווי נאָך א (הייסער) באָד,
ווי דער שומר ישׂראל,**
ווי א גראַף,
ווי א פּריץ,
ווי נאָך א שלאָפטרונק.

## שלינגען

ווי א גאַנדז,
ווי א גאַנער,
ווי א העכט,
ווי א שלײַען,
ווי א פיש,
ווי הייסע לאָקשן,
ווי קרעפּלעך,
ווי קליאָצקעס.

## שלעפן

ווי אן אייזל,
ווי אן אָקס,
ווי אן אָקס דעם יאָך,
ווי א פערד,
ווי א קאַץ א מײַזל,
ווי א קאַץ א קעצעלע אין מויל.

## שמייסן

ווי א פּויער,
ווי א חדר־יינגל,
ווי א גנבֿ.

## שנײַדן

ווי לעקעך,
ווי אין פּוטער,
ווי אין קרויט.

## שעמען זיך

ווי אין באָד,
ווי דער בעדער,
ווי פאַרן בעדער,
ווי א באָק אין גאָרטן,
ווי א באָק אין קרויט,
ווי א ציג אין קרויט,
ווי א קאָזאַק,
ווי א קאָזאַק פאַרן שפּיגל,
ווי א קאָזאַק ווען מען כאַפּט אים ביי
א גנבה,
ווי אן אלטער בחור.

## שפּאַרן זיך

ווי צוויי ציגן אויף א קלאַטקע,
ווי א באָק.

## שפּילן זיך

ווי א קאַץ מיט א מויז,
ווי א קליין קינד,
ווי קינדער.

## שפּרינגען

ווי א האָז,
ווי א ציג,
ווי א ציג אויפן דאַך,
ווי א קאַץ אין פּנים אריין,
ווי א פלוי,
ווי א רוח,

** איראָניש — הנה לא ינום ולא יישן שומר ישׂראל.

ווי א מויז איבערן צימבל,
ווי אַן עזות־פּנים,
ווי א חוצפּהניק,
ווי א חצוף מחוצף פּנים.

**שרעקן**
ווי דער קעלמער מגיד.[70]

**שרעקן זיך**
ווי א האָז,
ווי א גויע פאַרן גלח,
ווי פאַרן טויט,
ווי פאַרן מלאך־המוות,
ווי פאַר א גזלן,
ווי פאַר א בער.

## VIII. דער פאַרגלײַך כאַראַקטעריזירט א זאַך

**אַגרעסן**
ווי פּערל.

**אויגן**
ווי ביי (פון) אַן אדלער,
ווי דימענטן צוויי,
ווי טויבן,
ווי קאַרשן,
ווי בורשטין,
ווי מאַנדלען.

**אויערן**
ווי זעק.

**אַן אייטער**
ווי א צעבער.

**באַקן**
ווי באַנדעס,
ווי פּאַמפּעשקעס,
ווי רויזן.

**בעקלעך**
ווי סאַמעט.

**א בייגל**
ווי א ראָד.

**ביידע**
ווי באַשערטע,
ווי געבאָרן איינער פאַרן אנדערן (צווייטן),
ווי א זיווג מן השמים,
ווי די אנדערע צוויי,
ווי משה מיט אהרנען,
ווי משה מיט לייבען.

**א גאַנדז**
ווי אַן אינדיק.

**געלט**
ווי בלאָטע,
ווי מיסט.

**האָר**
ווי שטריק,
ווי זייַד.

**אַ האַרץ**
ווי א זייגער,
ווי א דימענט,
ווי גאָלד,
ווי א שטיין,
ווי א קיזלשטיין,
ווי א לאָקשנברעט,
ווי פון שטאָל,
ווי א סטאַדאָלע,
ווי א טויער.

**אַ היישעריק**
ווי אין מצרים.

**ווערטער**
ווי באָב,
ווי מאָן,
ווי ציגענע באָבקעס,
ווי פּיילן,
ווי שפּיזן,
ווי פּערל,
ווי קלעצער,
ווי רענדלעך,
ווי גילדענע רענדלעך,
ווי פון א ספר ארויס.

[70] דער פּאָפּולערער קעלמער מגיד האָט געשראָקן מיט יענער־וועלט, זען הערה 53.

חושך
ווי אין מצרים.

טרערן
ווי פערל,
ווי דימענטן,
ווי באב,
ווי רעגן־טראפּנס,
ווי מילך.

א לאָך
ווי א טויער.

לײַז
ווי בײַ א בעטלער,
ווי אין מצרים.

אַ לעבן
ווי א לעקעך.

אַ מאכל
ווי א מויד מיט א בײַכל.

אַ מבין
ווי א חזיר אויף הייוון,
ווי א באק אויף קלעזמער.

א מויד
ווי א צימעס.

אַ מויל
ווי א מיסטקאסטן,
ווי אויף שרויפן,
ווי א פאמויניצע,
ווי א סטאדאלע,
ווי א טויער.

אַ מזל
ווי א דראנג,
ווי א פלאקן,
ווי א שטיק גאלד.

אַ מחיה
ווי אין באד אויפן פאל.

אַ מענטש
ווי א בוים אין פעלד,
(איז) ווי דער שאטן וואס פארגייט.

אַ נאָז
ווי א שופר,
ווי א האָרן,
ווי א פיקע,
ווי א בארג.

ער אָן (מיט) אים (איר)
ווי א קליאמקע אָן (מיט) א טיר,
ווי א פידל אָן (מיט) א סמיטשיק,
ווי א שמײַסער אָן (מיט) א בײַטשל,
ווי א שייגעצל אָן (מיט) א פײַפל,
ווי א יידענע אָן (מיט) א צאינה־וראינה.

אַ פּנים
ווי חוזק,
ווי א פײַג,
ווי א פייג אונטער א דעכל,
ווי א דייזשע,
ווי א לאקשנטאפ,
ווי א הינטן מיט צוויי אויגן,
ווי (די) גרוגרת דרב צדוק.

אַ פויסט
ווי א פייג.

אַ פוס
ווי א קלאָץ.

א פעדער
(איז) ווי א האק.

א צאָן
ווי בײַ א העלפאנט.

ציין
ווי פערל,
ווי בײַ א זעג.

אַ צונג
ווי א לאפעטע,
ווי א בײַטש,
ווי א חלף.

אַ צורה
ווי א צעבער,
ווי א דייזשע,
ווי א לאקשנטאָפּ,
ווי א הינטן מיט צוויי אויגן.

א צורהקע
ווי א פארפרארן עפּעלע.

צרות
ווי האָגל,
ווי האָלץ,
ווי רעגן,
ווי באָב.

אַ קאָפּ
ווי אַן עמער,
ווי אַ צעבער,
ווי אַ דייזשע,
ווי אַ טאַרלע,
ווי אַ לאָקשנטאָפּ,
ווי אַ טשאָלנטטאָפּ,
ווי אַ ת...
ווי אַ שטיק האָלץ,
ווי אַ שײַט האָלץ,
ווי אַ פּאַ׳געלע.

אַ קול
ווי פֿון אַ פּיש,
ווי פֿון אַ מיינקע,
ווי פֿון אַ בת־היענה,
ווי פֿון אַ לײדיקן טון.

אַ קינד
ווי אַ גאָלד,
ווי אַ דימענט,
ווי אַ בריליאַנט,
ווי אַ שטיק גאָלד (דימענט, בריליאַנט),
ווי אַ קרוין אויפֿן קאָפּ,
ווי אַ שד,
ווי אַ רינד.

קינדער
ווי באָב,
ווי מאָן.

קלעפּ
ווי האָגל,
ווי שטיינער,
ווי דרשה־געשאַנק.

אַ ראיה
ווי גאָרנישט,
ווי צוויי (דרײַ, צען) מאָל גאָרנישט,
ווי די באָבע הייסט חיה,
ווי אַ טאָרבע פּלעקער.

רייד
ווי פּערל.

רעגן
ווי מילך.

אַ שיסל
ווי אַ דייזשע,
ווי פּאַר אַ פּרעסער.

אַ שטערן
ווי אַ לאָקשנברעט,
ווי פֿון אַ מיניסטער,
ווי פֿון אַ תּלמיד חכם.

אַ שליטוועגס
ווי אַ ברעט,
ווי אַ טיש.

תּורה
ווי רעגן.

# אַן אַנאַליז פֿון יהואָשעס „דאָס ניט־געזונגענע ליד"

## פֿון ח. ש. קאַזדאַן

אין מאַרץ־אַפּריל־נומער יידישע שפּראַך פֿון דעם יאָר (באַנד V, נומ׳ 2, זז׳ 50—57) האָבן מיר געדרוקט ח. ש. קאַזדאַנס אַרבעט „סינאָנימיק אין יהואָשעס פּאָעזיע". דאָ ברענגען מיר אַ פּרטימדיקן אַנאַליז פֿון איין ליד, פֿון יהואָשעס באַוווּסטער פּאָעמע „דאָס ניט־געזונגענע ליד". אין אַ ווײַטערדיקן נומער וועט קומען ח. ש. קאַזדאַנס אַן אַרבעט וועגן דער מעטאַפֿאָריק אין יהואָשעס פּאָעזיע. אַלע דרײַ אַרטיקלען אין איינעם זײַנען אין תּוך טיילן פֿון איין אַרבעט וועגן יהואָשעס פּאָעטישע מעטאָדן.

„דאָס ניט־געזונגענע ליד" באַשטייט פֿון פֿינף טיילן. יעדער טייל איז געבויט אויף זײַן אייגענעם שטייגער. דער ערשטער טייל איז אַ מין אַלגעמיינער

אַריינפיר צו דער טעמע — דאָס ניט־געזונגענע ליד. די איבעריקע פיר טיילן גיבן איבער בילדער פון דער נאַטור, שילדערן פאַרשיידענע מאָמענטן אין לעבן פון דער נאטור, און זיי פאַרענדיקן זיך אַלע פיר מיט דעם זעלביקן אויסרוף פון ייאוש איבער דעם וואָס דער דיכטער האָט ניט דערגרייכט, האָט ניט גע־קענט באַהערשן די שיינקייט און די גרויסקייט פון דער נאַטור־דערשיינונג, און דאָס ליד זיינס איז פאַרבליבן ניט געזונגען. די צאָל שורות אין יעדערן פון די טיילן איז אַן אַנדערע; די גראַמען, דאָס געבוי פון די סטראָפעס און פון די לאַנגע פעריאָדן, די סינטאַקטישע פאָרמען — אַלץ איז דאָ פאַרשיידן.

אין תּוך איז יעדער טייל פאַר זיך אַ פאַרענדיקט ליד, אַ גאַנצקייט. די אַלע טיילן אין איינעם ווערן צונויפגענומען אין אַ העכערער גאַנצקייט אַ דאַנק דעם וואָס די שטימונג און דער געדאַנק וועגן דעם ניט איינגעגעבענעם פאַר־מעסט זיינען אין זייער תּמצית די זעלביקע. מיר גייען איבער צום אַנאַליזירן יעדער טייל באַזונדער.

דעם ערשטן טייל, דעם אַריינפיר ציטירן מיר דאָ אין גאַנצן (דאָ און אויך ווייטער פאַררעכטן מיר בלויז לויט די פאָדערונגען פון דער יידישער גראַמאַטיק ווי זיי גילטן היינט און שרייבן ניט־געזונגען ליד אַנשטאָט „ניט געזונג׳נעס ליד“):

אָ, ניט־געזונגען ליד!
דו פרעסט די ברוסט
מיט פיין און לוסט...
דו גלאַנצסט[1] און גליסט,
און דופטסט און בליסט,
און רופסט און ציסט,
און האסט קיין ווערטער ניט...
ווי לאָקסטו מיך,
ווי פלאַגסטו מיך!
ווי דריקסטו מיך,
ווי קוויקסטו מיך!
ווי פליקסטו און באַגליקסטו מיך,
ווי שטיקסטו און אַנטציקסטו מיך,
אָ, ניט־געזונגען ליד!
ווי העל אַנטפּלעקסטו זיך,
ווי שנעל פאַרמעקסטו זיך!
קוים ווייזסטו זיך, דערשרעקסטו זיך,
קוים וועקסטו זיך — שוין עקסטו זיך,
אָ, ניט־געזונגען ליד!
קוים טויכסטו אויף — פאַרגייסטו שוין,
קוים הויכסטו — גלייך פאַרווייסטו שוין,
קוים שפּיר איך דיך —
פאַרליר איך דיך,
אָ, ניט־געזונגען ליד!

דאָ האָבן מיר אַ גאַנצע ריי טעמאַטישע קאָנטראַסטן וואָס זיינען דורכגע־דרונגען פון איין שטימונג. מיר האָבן דאָ כּסדר יאַמבן, צווייטראַפיקע פערזנ־

[1] ביי יהואשן: „גלענצסט“.

טאַקטן מיטן אַקצענט אויפן צווייטן טראַף. אָבער די צאָל יאַמבן איז דאָ ניט אומעטום גלייך, זי וואַקלט זיך צווישן 2 ביז 4. דאָ האָבן מיר זייער אַ קאָמ־פּליצירט געוועב פון גראַמען, ווען דער מיטן פון דער קורצער שורה גראַמט זיך מיטן מיטן פון דער צווייטער שורה, אָדער ווען דער מיטן פון דער שורה איז אַ רינגעלע אין אַ קייט גראַמען פון די סופן. עס באַקומט זיך אַ שיינע, האַרמאָ־נישע אַרכיטעקטור. דאָ ווייזט זיך אַרויס די טעכנישע אויפּטוערישקייט פון דעם דיכטער.

מיר זעען פאַר זיך נאָך אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, וואָס זי האָט שוין ניט צו טאָן בלויז מיט דער טעכניק: אַלע שורות זיינען אייגנטלעך רינגעלעך אין אַ קייט סינאָנימען פאַר איין און דעם זעלביקן באַגריף. דערצו באַשטייט יעדער רינגעלע באַזונדער פון צוויי העלפטן, פון אַ פּאָזיטיוון און אַ נעגאַטיוון עלעמענט, פון טעזע און אַנטיטעזע. דאָ איז פאַראַן אַ כסדרדיקער בייט צווישן ליכט און שאָטן: מיט דעם פּאָזיטיוון עלעמענט אַנטפּלעקט זיך דאָס ליד און ביי דעם נעגאַטיוון — פאַרשווינדט עס. אָט האָבן מיר דאָס פאָרגעפיל פון דערגרייכן און באַלד קומט די אַנטוישונג, די ניט־דערגרייכלעכקייט פונעם ליד. פון איין זייט לאָקט דאָס ליד און קוויקט, באַגליקט און אַנטציקט, אַנטפּלעקט זיך העל, טויכט אויף און הויכט; פון דער אַנדערער זייט, פלאָגט דאָס ליד און דריקט, פליקט און שטיקט, פאַרמעקט זיך שנעל, דערשרעקט זיך און עקט זיך, לסוף פאַרגייט עס און פאַר־ווייט עס. די מעלות פון דעם ניט־געבוירענעם ליד זיינען אויך סינאָנימישע וואַריאַ־ציעס: דאָס ליד גלאַנצט און גליט, דופט און בליט, רופט און ציט.

אַזוי ווי אָט די אַלע אויסגערעכנטע טוונגען פון דעם ליד כאַראַקטעריזירן דאָס ניט־פאַראַנענע, דאָס ניט־געזונגענע ליד, זיינען זיי אופנים צו קאָנקרעטיזירן אַן אַבסטראַקטן באַגריף. זיי זיינען מעטאַפאָרישע וואַריאַציעס. די אַלע איבער־לעבונגען פון דעם דיכטער, די אַלע מאָמענטן אין זיין געראַנגל פאַר דעם ליד וואָס איז ניט געבוירן געוואָרן — דאָס אַלץ ווערט אַריבערגעטראָגן אויף דעם ליד. בכן האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַ לאַנגע קייט מעטאַפאָרן, וואָס זייער ציל איז דאָס אַבסטראַקטע ליד צו באַקליידן אין קאָנקרעטע פאָרמען, מען זאָל עס אַזש דערזען מיט די אויגן, דערפילן מיט די חושים. די אַלע אַקטיווע ווערבן גיבן אַריין אין דער אַבסטראַקציע — אין דעם ניט־געזונגענעם ליד — בלוט און פלייש. און דאָס ניט־געזונגענע ליד לעבט אויף פאַר אונדזערע אויגן. עס ווערט אַ רעאַלע, אַ קאָנקרעטע זאַך, אַ באַשעפעניש, מיט אַן אייגענער נשמה, מיט אַ כאַראַקטער, מיט גייסטיקע אייגנשאַפטן. אין תּוך באַקומט זיך אַ גרויסע, אַ ריין אינטעלעקטועלע סתירה, אַן אייגנאַרטיקע אַנטיטעזע: דאָס ניט־געזונגענע ליד ווערט אַ ליד!

הכלל, דער קינסטלערישער עפעקט אין דעם ערשטן טייל ווערט דער־גרייכט פון איין זייט אַ דאַנק די קלאַנגען־ און די ריטעם־אייגנשאַפטן פון דעם ליד, און פון דער צווייטער זייט — מיט דער הילף פון אַנטיטעזע, סינאָנים און מעטאַפאָר, די דריי שעפערישע עלעמענטן וואָס זיינען אין זייער צונויפגעבונדנ־קייט כאַראַקטעריסטיש פאַר יהואָשן.

מחמת דוחק אין אָרט ציטירן מיר ניט די איבעריקע טיילן פון ליד, און עס קומט אויס אָפּצושיקן דעם לייענער צום ערשטן באנד נײַע שריפטן, זז׳ 190—196.

דער צווייטער טייל פון דעם ליד וואָס מיר אַנאַליזירן באַשטייט פון 19 שורות. דאָס איז איין איינציקער לאַנגער, זייער שיין געבויטער זאַץ, אַ פּעריאָד וואָס קען גילטן ווי אַ מוסטער. דער פּעריאָד באשטייט פון א הייבונג, אָדער אַן ארויפשטײַג, פון 10 שורות, און פון אַ נידערונג, אָדער אַן אַראָפּשטייג, וואָס באַשטייט פון 9 שורות. אין דער הייבונג, אָדער אין דעם אַרויפשטייג, ווערט געשילדערט דער זומער־אָוונט און אין דעם צווייטן טייל פון פּעריאָד קומט די איבערלעבונג פון דעם דיכטער: דער ניט־אײַנגעגעבענער פּרווו אײַנצושמידן אין ווערטער דעם כּישוף פון דעם אָוונט. אין דער יידישער פּאָעזיע טרעפן מיר זעלטן אזאַ לאַנגאָטעמדיקייט: 19 שורות ווערן צונויפגעגנומען אין איין מייסטערדיק געבויטן זאַץ! פאַרשטייט זיך אַז דערבײַ קומט אויס דעם דיכטער גובר צו זיין טעכנישע שוועריקייטן. מיר האָבן דאָ בלויז יאַמבישע שורות, וואָס זײַנען ניט גלײַך צווישן אנאנד: די צאָל יאַמבן וואַקלט זיך צווישן 6 און 2. די גראַמען קומען דאָ אויף אזאַ אופן (די ציפערן ווײַזן דאָ אויף די שורות): 1־4, 2־3, 5־6־7, 8־9, 10־12־13, 11־14־15־17־19, 16־18.

בעת דער ערשטער טייל איז אין אַ געוויסן זינען רעטאָריש און איז געבויט דער עיקר אויף סינאָנימיק און אויף אַנטיטעזע, האָט דער צווייטער טייל אין זיך א געדיכט געוועב פון מעטאפאָרן, און דערבײַ זײַנען עס ניט די געוויינטלעכע, די געלויפיקע, די ליטעראַריש אויסגעניצטע מעטאפאָרן, נאָר אזעלכע וואָס זײַנען פּראָדוקטן פון פאַנטאזיע־פּלי און וואָס אנטפּלעקן אַ גוואַלדיקע שפּראַכיקע שעפערישקייט. דער זון־אונטערגאנג ווערט געזען ווי טורבאַנען פון צעגליטן אופיר־גאָלד אויף די בלויע פעלדזנקעפּ.

דער דיכטער האָט דאָ צו טאָן מיט מעטאָנימיעס. אַנשטאָט צו ריידן וועגן דער זון, האָט ער דעם זונראָד וואָס „ראָלט ארונטער אויף די לעצטע מערב־טרעפּ". און ווידער אַ מאָל איז אַ מעטאָנימיע, ווען דער דיכטער רעדט וועגן די פעלדזנקעפּ אַנשטאָט צו דערמאָנען די פעלדזן. ווייטער קומט אַנשטאָט דעם וואַלד — שטומע צווײַגן. די מעטאָנימיעס ווערן פון אַלע זײַטן אײַנגעוויקלט אין מעטאפאָרן. „אין אַנטציקטע פויגלקעלן פאַרחלשן די ניט־דערפּײַפטע טרעלן"; „געריק זויגן שטומע צווייגן דעם לעצטן אפשײַן פון דעם הימלס גלוט"; דעם ניט־געזונגענעם ליד זאָגט דער דיכטער: „דאָן צינדט מיך אָן דײַן פּײַעררוט, דאָן בין איך אין דײַן צויבערקייט געשמידט". מיר האָבן דאָ אַ שפע מעטאַפאָרן!

מיר האָבן דאָ אויך די סינאָנימישע רייען וואָס זײַנען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יהואָשן (ווי מיר האָבן עס געוויזן אין דעם ערשטן אַרטיקל), די פּאַראַלעלע אופנים אויסצודריקן די זעלביקע שטימונג אָדער די זעלביקע נאַטור־דערשײַנונג. די שטילקייט ביים זון־אונטערגאַנג ווערט געגעבן דורך דרײַ וואַריאַציעס: 1) „עס פאַרחלשן די ניט־דערפּייפטע טרעלן אין די אַנטציקטע פויגלקעלן", 2) „וואַלד און וואלן אין זיסער אוממאכט שווייגן", 3) „געריק זויגן שטומע צווייגן דעם

לעצטן אָפּשײַן פון דעם הימלס גלוט״. עס זײַנען אויך פאַראַן דרײַ וואַריאַציעס אין דעם דערהערן דאָס ניט־געזונגענע ליד: 1) „אין יעדן שנעלן פּולסשלאָג פון מײַן בלוט״, 2) דורכן אָנצינדן זיך פון דעם לידס „פײַעררוט״, 3) דורכן דערפילן זיך „אין צוויבערקייט געשמידט״.

דער דיכטער באַגייט זיך אויך ניט אָן דעם עפעקט פון דער קינסטלערי־שער אַנטיטעזע. זי לאָזט ער פאַרן סוף פון דעם צווייטן טייל — דאָס ניט־געזונגענע ליד איז „גרויס און שיין״, און ער, דער דיכטער, איז „שוואַך און קליין״ און ער האָט „קיין ווערטער ניט״.

כּדי באמת צו באַנעמען דעם אויפבוי פון דעם טייל ליד, דאַרף מען ניט פאַרזען דעם פּאַראַלעליזם וואָס דרינגט אַרײַן אויך אין די קלענסטע פּרטים. אויף דעם זעלביקן אָרט קומען באַטאָנטע אַדיעקטיוון־עפּיטעטן, און עס באַקומען זיך פּאַראַלעליזמען: „אויף די לעצטע מערב־טרעפּ״ און „אויף די בלויע פעלדזנ־קעפּ״; „אין אַנטציקטע פויגלקעלן״ און „די ניט־דערפּײַפטע טרעלן״. אָדער לאָמיר זיך אַרײַנטראַכטן אין אַזעלכע אַבסאָלוט פּאַראַלעל געבויטע שורות: „דעם לעצטן אָפּשײַן פון דעם הימלס גלוט״ — „אין יעדן שנעלן פּולסשלאָג פון מײַן בלוט.״

הכּלל, אין צווייטן טייל האָבן מיר ווידער ווילקלינגיקייט און פײַנעם ריטעם און פון זײַן רײַכן קינסטלערישן אַרסענאַל ניצט זיך דאָ יהואָש מיט דער מעטאַפאָר, דער מעטאָנימיע, מיט סינאָנימען און מיט דער אַנטיטעזע.

אויף די איבעריקע טיילן וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בקיצור. דער דריטער טייל איז געבויט אַזוי ווי דער צווייטער. דאָ האָבן מיר א לאַנגן, שיין און ריכטיק געבויטן זאַץ, אויסגעשמידט פון גאַנצע 33 שורות. מיר האָבן דאָ ווידער צו טאָן מיט אַ פּעריאָד, וואָס אין זײַן הייבונג, אָדער אַרויפשטײַג, שילדערט דער דיכטער די זומערנאַכט, און אין זײַן נידערונג, אָדער אַראָפּשטײַג, קומט דער באַגער אים אויסצודריקן אין דעם ניט־געזונגענעם ליד, דער באַגער וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די געקליבנסטע ווערטער, אָבער וואָס געפינט ניט די ווער־טער פאַרן זומערנאַכט־ליד.

אין דעם געבן דאָס בילד פון דער נאַכט זײַנען פאַראַן אַזעלכע פּראַכטיקע מעטאַפאָרן: „ווען ס׳שפּרייט די מיטננאַכט[2] די שוואַרצע באַלזאַם־פליגלען, ווען פון געהיימע טעמפּלען עפענען זיך ריגלען״; „דער פעלדגריל קלאַפּט זײַן כּישוף־האַמער״; „ווען טרינקענדיק דער פינצטערקייטס פּאַרפום, דער גליוואָרעם מיט פײַערפּיס טאַנצט אום״.

אינעם אַראָפּשטײַג פון פּעריאָד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די דיכטערישע חבלי־לידה וואָס דערפירן ניט צום געבוירן ווערן פון אַ ליד, האָבן מיר אַזעלכע סינאָנימישע וואַריאַציעס:

1) דאַן קלינגסטו מיר, אַ ניט־געזונגען ליד!
2) דאַן ווינקסטו מיר פון אַלע שטערן,
3) דאַן ברענגסטו מיר אין די אויגן טרערן,
4) דאַן דרינגסטו מיר פון ווײַטע ספערן.

[2] בײַ יהואָשן: „מיטערנאַכט״.

א) ווי ס׳ראַלן פון פאַרהילטע אָרגלרערן,
ב) ווי ס׳רוישן פון געהיימע וואסערמערן,
ג) ווי טויזנט פעלדער, פול מיט זאנגען
וואָס שושקען פאַרן שניט...

5) ווי רייצסטו און באטרינקסטו מיך,
6) ווי פלייצסטו און פארשלינגסטו מיך.

אין מיטן קומען נאָך סינאָנימישע וואַריאַציעס וואָס בינדן זיך מיט אַנטי־טעזעס:

7) דאַן הער איך דיך און קען דיך דאָך ניט פאַנגען,
8) אָט האָב איך דיך, אָט ביסטו שוין פאַרגאַנגען...

ווייל דער דיכטער ניצט אַזוי שטאַרק דעם געווער פון אַנטיטעזע, טרעפן מיר דאָ ביי אים אויך דעם אָקסימאָראָן, דעם פּאָעטישן מיטל צונויפצופּאָרן אַזעלכע אייגנשאַפטן אָדער אַזעלכע פאַרבינדונגען צווישן אַן אייגנשאַפט און אַ זאַך וואָס זיינען אויבן אויף זיך סותר: זיסע אוממאַכט, זיסער ווײ, שווארצע באַל־זאַם־פליגלען.

דער פערטער טייל פון ליד, וואָס איז געבויט אזוי ווי דער צווייטער און דער דריטער, וואָס באשרייבט אין דעם אַרויפשטייג פון פעריאָד אַ ווינטיקע נאַכט אויפן ים, איז אין תוך באַזירט אויף אַן אַנטיטעטיש בילד — אויבן, דער הימל, האָט אין זיך דעם שטילן כישוף פון „דער לבנהס רונדן ראַנד“ וואָס באַווייזט זיך, „ווען די געדיכטע נאַכטכמאַרעס זיך טיילן“, און אונטן, דער ים, וואָס רוישט און ברומט. די דאָזיקע צענטראַלע אַנטיטעזע פון דעם בילד איז אַרומגערינגלט מיט אזעלכע אנטיטעזעס:

1) געזען דיך אין דעם הימלס שטומען,
דערקענט דיך אין דעם וואַסערס ברומען;

2) אין אַל דעם צויבער פון דער הייך,
אין אַל דעם שווידער פון דער נידער;

3) אין אלצדינג וואָס איז וווייך און בלייך,
אין אלצדינג וואָס איז ווּיסט און ווילד.

דערצו קומט נאָך די אַנטיטעזע וואָס שטעקט אין דעם „ניט־געזונגענעם ליד“:

1) כ׳בין געווען געפילט
מיט טרוימען פון טיטאַנען,
דאָך כ׳בין געשטאַנען,
א מאַכטלאָזער, א מידער...

2) קוים האב איך דיך געשפונען,
שוין ביסטו מיר צערונען...

דער דיכטער גיט אונדז דאָ ווייטער שיינע מעטאפאָרן: „גייסטער מיט אַן אומגעזעענער האַנט פארשפּרייטן אַ פּאַס ליכט איבער די וואלן“; די כמאַרעס קומען אַרויס פון „וואָלקנהיילן“; דעם שוים אויפן רוקן פון די וואַלן זעט דער דיכטער ווי „אַ שמאָלן פּערלבאַנד, א שטעג פון שימער און פון שטראַלן“; דער דיכטער דערהערט אין דעם רוישן פון די וואַלן אי „דעם אַנגסטקרעכץ פון אַנגעקייטע קנעכט“ אי „דעם זיגרוף פון געפעכט“ (אַגב אויך אַן אַנטיטעזע).

דער לעצטער, דער פינפטער טייל פון דעם ליד איז דער סך־הכל פון די פריערדיקע טיילן הן בנוגע דער סטרוקטור, הן בנוגע די קינסטלערישע מיטלען וואָס דער דיכטער ווענדט אָן. דאָ האָבן מיר דעם אַפּאָטעאָז פון ליד, וואָס פאַרמאָגט אין זיך קראַפט, פאַרב און טעמפּעראַמענט. יהואָש האָט פאַר דעם פינאַל אויסגעקליבן די מעכטיקע פּראַכט פון אַ הוראַגאַן אין מיטן נאַכט.

דער שטאַרקער שטורעם אין מיטן נאַכט ווערט געשילדערט דורך אַזאַ פאַרבינדונג פון מעטאַפאָרן אַז דאָס גלייכסטע איז צו ציטירן די אַכט שורות:

ווען ס׳רייַסט די שוואַרצע קודלעס פון דער נאַכט<br>
דעם שטורעם־וועטערס לויז־געלאַזטע מאַכט,<br>
ווען ס׳ברעכט זיך אָפּ פון קייט דער הוראַגאַן<br>
און ביַיטשט מיט לאַנגע בליצן זיַין געשפּאַן,<br>
און וואַרפט זיך אויף די הויכע פעלדזנוועלט,<br>
און וויגט די בערג אויף זייער פונדאַמענט,<br>
און ווירבלט צווישן ערד און הימל,<br>
באַגלייט פון דונערס קראַך־געטימל...

די מעטאַפאָרן ווערן געניצט, ווען דער דיכטער שילדערט אויך זיַין אייגן געמיט, זיַין פּרוּוון באַהערשן דאָס ליד, וואָס איז דוכט זיך שוין אַזוי נאָענט צו אים: „שוין רירט מיך אָן דיין קעניג־צעפּטער"; „ס׳שטראָמט דורך מיַינע גלידער די לאַנג פאַרלאַנגטע גנאָד, דער ציט׳ריק־צאַרטער סוד, דאָס הייס געגאַרטע ליד"; „שוין איז דאָס האַרץ אין פלאַמען, שוין פלאַקערט דאָס געבליט". די שייכות צווישן וואָרט און דעם ניט־געזונגענעם ליד ווערט געגעבן אין אַזאַ בילד: „ס׳קומט דאָס ניט־געזונגענע ליד... ווי ווייט עס שטראַלט! אָט באַלד אָט באַלד... אַ פּאַסיק וואָרט — און פעסט געבונדן אויף אייביק איז די ליכטגעשטאַלט..."

מיר האָבן שוין דאָ געבראַכט אַזוי פיל ציטאַטן, אַז זיי דערציילן שוין במילא וועגן די אַנטיטעזעס וואָס זיינען דאָ אַריינגעפלאָכטן און וועגן די בילדערישע און ריטמישע פאַראַלעלן וואָס פילן אויס דעם לעצטן טייל, דעם שטאַרקן פינאַל פון דעם „ניט־געזונגענעם ליד".

לסוף לאָמיר נאָך צוגעבן אַז דאָס ליד איז געשריבן אין 1910, אויפן סאַמע שוועל פון דער מאָדערנער תקופה אין דער יידישער פּאָעזיע.

## אַטריבוטיווע בייַזאַצן ביַי מענדעלע מוכר־ספרים

פון מ. רעכטמאַן

אין דעם פריערדיקן נומער יידישע שפּראַך האָב איך געבראַכט אַ פּעקל אַטריבוטיווע בייַזאַצן ביי דוד בערגעלסאָנען מיט דער כוונה צו רעקאָמענדירן וואָס אָפטער צו ניצן וואָס אָנשטאָט וועלכער, וועלכן אד"גל. דאָ פאַרנעם איך זיך מיט זאַצן פון דעם זעלביקן שניט ביי מענדעלע מוכר־ספרים. איך האָב די אַלע זאַצן גענומען נאָר פון איין ווערק, פון פישקע דער קרומער, און בלויז פון די ערשטע עטלעכע צענדליגג זייטלעך.

פון דער גרויסער צאָל אַטריבוטיווע בייזאצן וואָס הייבן זיך אָן מיט וואָס נעם איך ארויס בלויז איין טוץ:

1. ...פון הייליקן פייער וואָס ברענט תמיד אין אייער יידיש האַרץ האָט זיך פארטראָגן אַ פונק צו מיר אין האַרצן;
2. עס האָבן זיך געשאָטן פּערל וואָס פינקלען, לויכטן און וועלן אייביק זיין אַ צירונג אין דער יידישער ליטעראַטור;
3. וואָס זשע חידושט איר זיך אויף דעם אומגליק מיינעם וואָס האָט זייער גרינג געקענט מיט איטלעכן זיך מאכן?
4. א פליישיקע נאָז וואָס איז דאָס רוב יאָר פארלייגט, אָן שום התמנות;
5. איך קום צו אַ לאַנגן שמאָלן טאָל וואָס האקט פאַר מיר איבער דעם וואלד אין צוויי טייל;
6. מען האָט אים געפּאָרט מיט דער אָרעמער יידענע וואָס האָט גרויסע ציין ווי לאָפּעטעס;
7. אַ דאַרער מלמד וואָס בלאָנקעט זיך דאָ אַרום אָן געצייג לייגט זיך אַריין אין שלום, מאַכט אַ פשרה;
8. דער קלאָפּ איז געווען פון אַ געזונטן ערל וואָס האָט הינטן אַרום מיך געטאָן אַ כאַפּ און מיר געגעבן אָנצוהערעניש...;
9. זיין באָבע וואָס איז אַזוי פיל יאָרן שוין אַ קעכנע ביי אונדזער גביר, לאָז געזונט זיין, ...ווינט, ליאַרעמט...;
10. קומט צו איינער אַ ווילער־יונג וואָס שאַרפט די ציין אויף גלאָסנע און פארבעט מיט אַ חניפה־שמייכעלע דעם גרעסטן יחסן...;
11. איך זאָג די סליחות אויף א וויינענדיק קול וואָס איז געגאַנגען אַלץ דינער און טרויעריקער אין דעם פזמון דאָרט;
12. ...מכבד געווען מיט חתונה האָבן דעם באַרימטן קאַליקע יאָנטלען וואָס רוקט זיך אויף זיין געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענק־לעך אין די הענט.

מיר זעען דאָ אַז וואָס קען זיך ציען אי צו באַלעבטע אי צו אומבאַלעבטע זאַכן, אַז מיט וואָס קען זיך אָנהייבן אַן אַטריבוטיווער בייזאַץ וואָס קומט צום סוף אָדער קומט אין מיטן פון הויפּטזאַץ (פאַרן הויפּטזאַץ קען דאָך ניט קומען אַן אטריבוטיווער בייזאַץ!). אַז ניט בלויז קורצע, נאָר אויך היפּשלעך לאַנגע אַטריבוטיווע בייזאַצן קענען זיך אָנהייבן מיט וואָס.

מענדעלע מוכר־ספרים האָט אויך ניט מורא פאַרן איבערחזרן וואָס עטלע־כע מאָל, ווי דאָס אילוסטרירן די וויטערדיקע זאַצן:

1. ...מיין גרוי־אַלטע פאה וואָס איז געוואַקסן מיט מיר פון קינדווייז אויף ביז אין מיינע אַלטע יאָרן, וואָס האָט איבערגעהאַט מיט מיר פרייד און לייד געענוג אין מיין לעבן;
2. עפּעס אַ קאַטאָוועס אַ קעכנע אין דעם גבירס געזינד, וואָס האָט אין יאַטקע די גרעסטע דעה, וואָס דער שמש פון דער שול ברענגט איר מיט זיין כבוד אַליין דעם אתרוג בענטשן, וואָס דער אונטער־חזן אין דעם

קלייזל לייענט איר פּורים די מגילה אין קיך, און ריקעלע די זאַגערין טרינקט ביי איר אַ גלעזל ציקאָריע ראָש־השנה נאָך אויסנעמעניש;

3. דער יצר־הרע פאַרטראַגט מיר אונטער דער נאָז מחיהדיקע ריחות פון סטערטעס היי, געווירץ און קרייטעכצער וואָס צעגייען זיך אין אַלע אברים; ער צעגיסט זיך אין קונציקע ניגונים פון אַלערליי שפּילפייגע־לעך וואָס קיצלען ביי דער נשמה; ער לאָזט מיך פילן אויף מיין פּנים אַ וואַרעם ווינטעלע וואָס גרייזלט מיר די פּאות;

4. די בלינדע יתומה וואָס זיצט שוין פון גאַנץ לאַנג לעבן דער טויטער שול ביים אַלטן בית־עולם און בעט נדבות מיט דעם באַקאַנטן ניגון וואָס איינער פון די בריות האָט אויף איר געמאַכט.

די פיר זאַצן זיינען געבויט פאַרשיידן: אין די זאַצן 1 און 2 באַציען זיך די אַטריבוטיווע בייזאַצן צו דעם זעלביקן וואָרט, זיי זיינען סובאָרדינירט צום הויפּט־זאַץ און צווישן זיך זיינען זיי קאָאָרדינירט; אינעם זאַץ 2 האָבן מיר גאַנצע פיר צווישן זיך קאָאָרדינירטע אַטריבוטיווע בייזאַצן וואָס ציען זיך צו איין וואָרט קעכנע, אין דעם פערטן זאַץ איז דורכגעלאָזט דער וואָס; דער זאַץ 3 ווייזט אַז מען קען איבערחזרן וואָס, ווען די בייזאַצן באַציען זיך צו באַזונדערע הויפּט־זאַצן; אין דעם זאַץ 4 האָבן מיר צוויי מדרגות פון אַטריבוטיוון בייזאַץ — פון דער ערשטער מדרגה, ווען דער בייזאַץ ציט זיך צו אַ וואָרט פון הויפּטזאַץ, און פון דער צווייטער מדרגה, ווען דער בייזאַץ ציט זיך צו אַ וואָרט פון דער ערשטער מדרגה. הכלל, ווי פאַרשיידן עס איז ניט די קאָנסטרוקציע פון דעם גאַנצן זאַץ, קען מען שטענדיק אין אים איבערחזרן דעם וואָס, און מיר זיינען דאָ ניט עובר אויף סטיל, אַדרבה, מיר שאַפן דערביי שיינע און גוט געבויטע זאַצן.

איצט קומען נאָך עטלעכע ביישפּילן, ווען דער אַטריבוטיווער בייזאַץ ציט זיך צו פּראָנאָמען:

1. איטלעכער וואָס קען נאָר עפּענען אַ מויל האַלט דעם וועלט־באַרימטן חזן אונטער;

2. מיט בע קען מען אָפּענטפערן יענעם וואָס דולט אָן אַ קאָפּ צוויי שעה;

3. איך האָב עס צו פאַרדאַנקען אייך... וואָס אייערע קלוגע רייד, אייער אַרבעטן שטענדיק פאַר אונדזער פאָלק האָבן מיך דערפרישט...

פון דער צווייטער זייט אָבער קומט אויס אַנצווייזן אַז מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס ער האָט אויך קאָניונקטיווע אַטריבוטיווע בייזאַצן און דורך דעם מיידט ער אויס פון וועלכן, צו וועלכן אאַז״וו (זען יידישע שפּראַך, באַנד II, נומ׳ 5, ז׳ 140), האָט דאָך אַ היפּשע צאָל אַטריבוטיווע בייזאַצן וואָס הייבן זיך אָן אויף דעם אופן, וואָס איז מער פאַרשפּרייט אין אונדזער פּרעסע, למשל:

1. זיין פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פון וועלכע עס איז דאָ גענוג אויף פּאות, אויף אַ באָרד און אויף וואָנצעס אי פאַר זיך אי אויף נאָך עטלעכע יידן צו באַטיילן (מען וואָלט דאָ געקענט זאָגן: האָר וואָס עס איז דאָ גענוג פון זיי...);

2. אירע לעצטע שטראלן קריכן ביסלעכווייז אראָפּ פון דיביימער, אויף וועלכע זיי האָבן ערשט אַזוי פריילעך־לויכטנדיק זיך געשפּיגלט (מען וואָלט דאָ געקענט זיך אויסדריקן: ביימער וואָס זיי האָבן ערשט... זיך געשפּיגלט אויף זיי);
3. אי הײַנט נאָך, אין אונדזערע צײַטן, געפינען זיך זייער פיל יידן, בײַ וועלכע ס׳איז דאָ נאָר אַ סימן פון מאָגנס, טאַקע עט־וואָס, ווי אַ כּזית (מען וואָלט דאָ געקענט בויען דעם בייזאַץ אַזוי: יידן וואָס בײַ זיי איז דאָ נאָר א סימן...);
4. פון דאַוונען איז מיר איבערגעבליבן נאָר די שטיקלעך דרויב צום לעצט, פון וועלכע מען מאכט געוויינטלעך עפּעס נישט אַזאַ פּירוש (עס איז מעגלעך: וואָס מען מאַכט פון זיי געוויינטלעך...).

אַזוי ווי מיר פאַרנעמען זיך שוין מיט די אַטריבוטיווע בייזאַצן ביי מענדעלען, לאָמיר אָנווייזן אויף די שיינע עליפּטישע אַטריבוטיווע בייזאצן וואָס טרעפן זיך ביי אים ניט זעלטן. אין זיי ווערט דורכגעלאָזט הן וואָס הן דער הילפסווערב איז, למשל:

1. אַ שיינער גרינער טאָל, ( ) באדעקט פוןביידע זייטן מיט וועלדלעך ניסביימער;
2. און א קאָלטענעוואַטע גריווע, ( ) פאַרפּלאָנטערט מיט היי און קלאָטשע וואָס קריכן אַרויס פונעם אַלטן כאָמעט;
3. לעבן אָן אלטער, אויסגעקרימטער און האלב פאַרדאַרטער ווערבע, ( ) איבערגעשפּאָלטן אין דער העלפט אַ מאָל פון אַ דונער, שטייען פערד...
4. מײַן צעריסן ביידל, ( ) באַהאָנגען פון ביידע זײַטן מיט ציצית, קמיע־לעך, און אינעווייניק — שמאַכטעס, פּעקלעך ספרים.

די האלבע לבנות דינען דאָ ווי סימנים אַז מען האָט דאָ דורכגעלאָזט וואס איז.

מיר באַגעגענען אויך ביי מענדעלע מוכר־ספרים אטריבוטיווע בײַזאצן וואָס הייבן זיך אָן מיט ווו און ווען, למשל:

1. איך גיב א קליין קוקעלע אויפן רענצעלע דאָרט אין ביידל, ווו עס גע־פינט זיך ביי מיר תּמיד אַ גוט ביסל ספּירט;
2. ווען צוויי יידן זאָלן אַ שטייגער פאַרוואָרפן ווערן ערגעץ אין אַ העק אויף אַ וויספּע, ווו חוץ זיי איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש, איז גאַנץ זיכער אַז איינער וועט מיט דער צײַט מאכן עפּעס אַ קלייטל, דער אנדערער — אויך עפּעס אַ שטיקל געשעפט;
3. דער דאָזיקער מרה־שחורהדיקער משורר פון די פייגל שפּילט זיינע ניגונים... דווקא נאָר אין וועסענצייט, ווען עס בליט, עס שמעקט מחיה אומעטום.

מענדעלע מוכר־ספרים פאַרגינט זיך אין געוויסע פאַלן ארייַנצושטעלן א וואָרט אָדער אפילו עטלעכע ווערטער צווישן דעם סובסטאַנטיוו און דעם בײַזאַץ וואָס ציט זיך צו אים. געוויינטלעך איז עס אַן אגב־אורחא־וואָרט, א בײַבאַמערקונג, אָבער

עס קענען זיך אויך טרעפן ווערטער וואָס ציִען זיך צו דעם זעלביקן סובסטאַנטיוו. אייגנטלעך קען מען אַזאַ סיסטעם ניט רעקאָמענדירן, אָבער מענדעלע מײַדט ס׳רוב אויס די סכּנות וואָס שטעקן אין אַזאַ קאָנסטרוקציע (למשל: „די לאַגע פון דער פּרוי וואָס מען האָט ניט געקענט פאַרטראָגן" — דאָ באַקומט זיך אַז מען האָט די פּרוי ניט געקענט פאַרטראָגן, בעת דער וואָס האָט עס געשריבן האָט געוואָלט זאָגן אַז די לאַגע קען מען ניט פאַרטראָגן!), און עס באַקומען זיך גוטע זאַצן, לכל־הפּחות פאַרשטענדלעכע זאַצן, למשל:

1. זי איז אויסגעקאָכט מיט אַ סך בעלי־בתּים אין דער שטאָט וואָס גייען צום גביר אויף דער הינטערטיר דורך דער קיך;
2. אײַער סוף מעשׂה... האָט מיר דערמאָנט אין זײַער אַ שײנער מעשׂה אַ מאָל אין באָד, וואָס ליגט מיר עד־היום אין טעם און קען עס נישט פאַרגעסן;
3. איציק דער היטער, אַ ייִד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס איז אין דעם ברויט אַ יאָר דרײַסיק;
4. דאָס קומען אים צו חלום בײמער נעבעך וועלכע מען האָט פאַר דער צײַט אויסגעהאַקט;
5. אונטן פּליִיצט אַ טײַכל, קלאָר ווי קרישטאָל, אין וועלכן עס טוקן זיך די שטראַלן פון דער זון;
6. אַ נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פײגעלעך וואָס דער שפּאַרבער דער זשוליק האָט פּלוצעם צעשטערט.

קעגן אַלע זאַצן, חוץ לעצטן, קען מען קיין אײנווענדונגען ניט האָבן. דער לעצטער זאַץ איז אָבער בפירוש ניט קיין צו געראָטענער, און מען וואָלט אים געדאַרפט איבערבויען אויף אַזאַ שטייגער, וואָס איז אגב נאַטוראַליסטישער, אַז דעם שפּאַרבערס טוונג זאָל זיך באַציִען ניט צו דער נעסט, נאָר צו די פײגעלעך. אָבער אַזעלכע האַלבע לאַפּסוסן זײַנען פאַראַן בײַ אונדזער מײַסטער זײער זעלטן.

מיר רעכענען אַז נאָך איצט האָבן מיר גענוג וואָס צו לערנען זיך פון מענדעלעס זאַצבוי בכלל און פון זײַנע אַטריבוטיווע בײַזאַצן בפרט.

# אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם ליטווישן דיאַלעקט

## פון הרב ל. פײַנבערג

ווען מען באַשרײַבט די אײגנשאַפטן פון דעם ליטוויש־ייִדישן דיאַלעקט, הייבט מען געוויינטלעך ניט גענוג אַרויס איין שטריך וואָס שײדט אונטער אָט דעם דיאַלעקט פון די איבעריקע. איך האָב דאָ אין זינען דאָס פאַרטאָפּלען די ענדונג ־ען אין אינפיניטיוו און אין דער ערשטער און דריטער פּערזאָן מערצאָל פון דער איצטיקער צײַט, למשל: אַנשטאָט קאָרמען, ווי אין די אַנדערע דיאַלעקטן — קאָרמענען, מען דאַרף קאָרמענען, מיר קאָרמענען, זײ קאָרמענען. אַפילו אלכּסנדר האַרקאַווי, אַליין אַ הײסער אַנהענגער פון דעם ליט־ווישן דיאַלעקט (ער האָט געשריבן: „דער ליטווישער דיאַלעקט האָט אַם בעסטן

אָפּגעהיט די עלעמענטן פון דער יידישער שפּראך און קען באטראכט ווערן אלס דער הויפּטצווייג״), האָט אין זיין ווערטערבוך נאָר ביי געציילטע ווערבן פארצייכנט ביידע פאָרמען, אי דעם ליטווישן אופן מיט ־ענען, אי די פאָרעם פון די אַנדערע דיאַלעקטן מיט ־ען. ער פארצייכנט למשל בלויז: מוטשען (און ניט מוטשענען ווי עס זאָגט דער ליטווישער ייִד), קוויטשען (און ניט די פאָרעם קוויטשענען פון דעם ליטוואַק), און אַזוי אויך: טוליען, קאַליעטשען, סמאליען א״אַ. אמת, ער האָט אויך קאָרמענען, אָבער דאָס איז גיכער א יוצא מן הכלל וואָס שטימט ניט מיט זיין געוויינטלעכן גאנג צו פארצייכענען נאָר די פאָרעם אויף ־ען.

עס איז גרינג צו וויסן, ווען אָט די פאַרטאָפּלונג קומט פאָר. זי טרעפט זיך נאָר ביי ווערבן וואָס אין דער ערשטער פערזאָן ענדיקן זיי זיך אויף ־ע, וואָס צווישן דעם שטאם און דער ענדונג פון פערזאָן קומט שטענדיק אַריין אָט דער ־ע (איך קאָרמע, דו קאָרמעסט, ער קאָרמעט, מיר קאָרמען און מיר קאָרמענען, איר קאָרמעט, זיי קאָרמען און זיי קאָרמענען, געקאָרמעט, איך וועל קאָרמען און איך וועל קאָרמענען). דאָס טרעפט זיך נאָר ביי ווערטער וואָס שטאמען פון סלאַ־וויש, און ביי אַ גרופּע ווערבן פון לשון־קודש. עטלעכע ביישפּילן וועלן דעם ענין מאכן נאָך קלאָרער:

איך שריי, דו שרייסט אאז״וו, בכן זאָגט אויך דער ליטווישער ייִד — מיר שרייען, זיי שרייען, מען דאַרף שרייען; אָבער עס סטייעט ניט, דעריבער אויך — עס וועט ניט סטייַענען; איך פאַרשפּיל, דו פארשפּילסט (אין קאָרטן) און אויך מיר פארשפּילן, אָבער איך פארשפּיליע, דו פארשפּיליעסט (א קנעפּל) און מיר פארשפּיליענען, זיי פארשפּיליענען (אגב איז דאָ דער למד אין דעם ליטווישן יידיש געוויינטלעך ניט קיין ווייכער און מען דאַרף איבערגעבן אים אין שרייבן, ווען מען וויל אָנווייזן אויפן ליטווישן אופן אַרויסריידן, אָן א יוד נאָכן למד: איך פאַרשפּילע, מיר פארשפּילענען).

א יוצא מן הכלל זיינען די ווערטער פון סלאַוויש וואָס האָבן די ענדונג ־עווען. דאָ פאַרטאָפּלט ניט דער ליטווישער ייִד און קומט אויס מיט איין מאָל ־ען, למשל: איך האָרעווע, מיר האָרעווען; איך זשאַלעווע, מיר זשאַלעווען; זיי ראַבעווען; ער וועט האָדעווען; אויך: שטוקעווען, האַבעווען א״א. א פּנים אַז דער כּוח וואָס האָט ניט דערלאָזן אז דאָ זאָל אין דעם ליטווישן דיאלעקט אויך פאָרקומען די פּארטאָפּלונג — איז דער אַקצענט. דער אַקצענט קען ניט קומען ווייטער ווי אויפן דריטן טראָף פארן סוף, בכן איז מעגלעך: קאָ׳רמענען און האָ׳דעווען, און גנ׳בענען און הר׳גענען, אָבער עס וואָלט געווען ניט אין גייסט פון יידיש: „זש׳אלעווענען״ אָדער „האָ׳רעווענען״, ווייל יעמאָלט וואָלט דער אקצענט געווען אויף דעם פערטן טראַף פון סוף וואָרט.

אַגב, דאַרף מען ניט פלאָנטערן דעם ־עווען מיט יענע פאלן, ווען דער שטאם פון ווערב ענדיקט זיך אויף וו. די ליטווישע יידן פראווענען אַ סדר, און ניט זיי פּראַווען. דאָ איז דער אַקצענט ניט קיין שטער. עס איז אינטערעסאַנט דער ווערב קירעווען. די געוויינטלעכע ליטווישע פאָרעם איז קירווענען, דאָ איז אויך ניטאָ קיין ־עוו און קיין מניעה מצד דעם אקצענט. אָבער וואָלט דער ליט־

ווישער ייִד געהאַט אין זײַן דיאַלעקט בלויז קירעוון וואָלט ניט געווען מעגלעך קיין פאַרטאָפּלונג פון דעם ־ען, ווײַל „קי׳רעווענען״ וואָלט דערפירט דעם אַקצענט צום פערטן טראַף פון סוף וואָרט, און דאָס איז ניט נאַטירלעך פאַר יידיש.

מען דאַרף מאַכן אַ חילוק צווישן די ווערבן פון סלאַוויש און די פאַלן, ווען די פאַרטאָפּלונג קומט אין אַ גרופּע ווערטער פון לשון־קודש: גנבענען, הרגענען, ירשענען, לקחענען, חתמענען א״אַ. אין די ווערטער איז פאַראַן די פאַרטאָפּלונג אויך בײַ פּוילישע יידן, בעת זיי האָבן ניט קיין פאַרטאָפּלונג ־ענען אין די ווערבן פון סלאַוויש. בכן, בלײַבט עס אַן אייגנשאַפט בלויז פון ליטווישן דיאַלעקט.

אַ גוט יידיש ווערטערבוך וואָלט דאַרפן פאַרצייכענען די אַלע פאַלן פון פאַרטאָפּלען דעם ־ען, למשל: קאָרמען (ליט׳ ד׳ קאָרמענען), סמאַליען (ליט׳ ד׳ — סמאַלענען) אאַז״וו.

# עס פּעלט אויס לערערס און עס פּעלן אויס לערערס

פון ט. ר — ס

אַנוסטן איז מיר אויסגעקומען צו שרײַבן אין אַ זשורנאַל וועגן דער פּראָבלעם לערערס אין די יידישע שולן. איך האָב אָנגעשריבן אַ זאַץ: עס פעלט אויס לערערס. געפונען דעם זאַץ געדרוקטערהייט האָב איך שוין אין דער פאַרריכטער פאָרעם: עס פעלן אויס לערערס. דער וואָס האָט אויסגעבעסערט דעם „גרײַז״ האָט אָנגעוויזן אַז ער האָט ניט אומזיסט געצאָלט שכר־לימוד אין דער גימנאַזיע ווו ער האָט זיך געלערנט, ער ווייס און ער וועט קיין מאָל ניט פאַרגעסן אַז דער סוביעקט און דער פּרעדיקאַט מוזן שטימען אין צאָל, און ווי באַלד — לערערס, קען מען שוין בשום אופן ניט פאַרבינדן מיט אַזאַ סוביעקט וואָס קומט אין מערצאָל דעם פּרעדיקאַט אין דער פאָרעם פון איינצאָל — פעלט, נאָר עס מוז קומען — פעלן.

איך האָב ווידער געפּרוווט שרײַבן דעם זעלביקן זאַץ: עס פעלט אויס לערערס און שטענדיק האָט מען מיר אים אויספאַרריכט: עס פעלן אויס לערערס. איך האָב זיך אײַנגעשטעלט פאַר מײַן נוסח, אָבער איך האָב קיין לײַטזעליקייט אין לײַטנס אויגן ניט געפונען — חן אוודאי ניט. מען האָט זיך געוווּנדערט: ווי קומט עס צו אײַך? אַזאַ גרײַז!

און דאָך האַלט איך פאַר נייטיק זיך אָנצונעמען פאַר דער פאָרעם: עס פעלט אויס לערערס. אוודאי איז חל אויך אויף יידיש דער כּלל אַז דער סוביעקט און דער פּרעדיקאַט שטימען אין צאָל, אָבער אָט דער כּלל האָט אין יידיש אַ היפּשע צאָל אָפּווײַכונגען און באַזונדערקייטן, וואָס מען דאַרף זיי נאָך אויספאָרשן און באַטראַכטן. עס לוינט זיך ניט אין דעם צוזאַמענהאַנג זיך אַרײַנצולאָזן אין אָט דעם האַרבן קאַפּיטל יידישע גראַמאַטיק. עס איז גענוג אָנצוווײַזן, אַז עס דאַרף ניט פאַרפירן די דרויסנדיקע מערצאָל־פאָרעם פון אַן אויסדרוק.

לאָמיר באַטראַכטן דעם אויסדרוק: דרײַ וואָכן. אַוודאי מוז מען זאָגן: „דרײַ וואָכן זײַנען שוין אַוועק און ער האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט״ (אַגב מיין איך אַז אין יידיש איז ניט קיין גרײַז: „עס איז שוין אַוועק דרײַ וואָכן און ער האָט...). אָבער ווען מען האָט אין זינען די באַשטימטע דרײַ וואָכן, צווישן שבעה עשׂר בתמוז און תשעה באָב, האָב איך אַ סך מאָל געהערט פון יידישע יידן, וואָס זייער יידיש איז געווען ווײַט פון פרעמדע השפּעות, בלויז אַזעלכע זאַצן ווי דער פּרע־דיקאַט איז אין אײנצאָל: „ס׳איז שוין די דרײַ וואָכן״, „ס׳איז שוין אַוועק די דרײַ וואָכן״, „די דרײַ וואָכן איז אַוועק״ אאַז״וו.

אָדער צי איז גאָרניט אויסגעקומען צו הערן זאַצן פון דעם שניט: „וואָס איז דאָ צו ריידן? ס׳איז צרות!״ אָדער אַפילו — „קיין צרות פעלט אונדז ניט״.

פאַר וואָס איז דאָ דער סוביעקט דרײַ וואָכן אין אַ מערצאָל־פאָרעם און דער פּרעדיקאַט אין דער פאָרעם פון אײנצאָל? ווײַל דאָ טראַכט מען אַ פּנים וועגן די באַשטימטע דרײַ וואָכן ווי וועגן איין סומאָרן באַגריף, ווי וועגן איין גאַנצן צײַטאָפּשניט, וואָס ווערט אויפגענומען אין דער אינעווייניקסטער, אין דער געטראַכטער שפּראַך ווי אַן איינס. דאָס אײגענע איז מיטן וואָרט צרות, וואָס איז פאָרמעל די מערצאָל־פאָרעם פון וואָרט צרה, אָבער באַטײַט אײגנטלעך: שלעכטס; שווערער מצב; שוועריקייטן און אַנשיקענישן אין לעבן, אויפגענומען ווי אַ גאַנצקייט, ווי איין זאַך, ווי איין איינס. ווען מען זאָל מחמת אַ כּלל וואָס מען האָט געלערנט אין אַ פרעמדשפּראַכיקער גראַמאַטיק וועלן פאַרריכטן די אַלע זאַצן וואָס איך האָב דאָ געבראַכט וואָלט מען דאָ צעשטערט די אָפּשפּיג־לונג פון אַן אײגנאַרטיקן אופן טראַכטן און באַנעמען. דאָס וואָלט געווען בנאמנות אַן עוולה לגבי יידיש.

און איצט קענען מיר צוריקקומען צו דיביידע נוסחאות וואָס אינטערעסירן דאָ אונדז. עס פעלן אויס לערערס — דאָס איז אַוודאי ריכטיק, און דער באַטײַט איז אַזאַ: אַ געוויסע צאָל לערערס פעלן אויס, מען דאַרף לאָמיר זאָגן צען, און עס זײַנען פאַראַן בלויז פינף. עס קען אויך געמאָלט זײַן אַז מען זאָל דאָ מיינען עס פעלן אויס אַלע לערערס וואָס מען דאַרף זיי האָבן פאַר אַ געוויסער, קאָנ־קרעטער שול (אָדער געוויסע, קאָנקרעטע שולן). אָבער עס פעלט אויס לערערס — איז אויך בלי ספק ריכטיק און קאָרעקט, ווען מען האָט אין זינען: עס פעלט אויס דער מין לערערס, דאָס אויספעלן פון לערערס ווערט באַטראַכט ווי אַ געוויסע אײגנשאַפט פון אַ תקופה, פון אַ שולסיסטעם. הכּלל, מיר האָבן דאָ אין יידיש אַ מיגלעכקייט דורך אַ ביסל אַן אַנדערשדיקער גראַמאַטישער פאָרעם אַרויסצוהייבן, אַנצוווייזן אויף אַן אַנדערשקייט אין תּוך. פּאַראַלעלע גראַמאַטישע פאָרמען ווערן דאָ סטיליסטישע מיטלען. און עס איז אַן עוולה מוותּר צו זײַן אויף איין נוסח און אים אויסצושליסן פון דעם סכום קאָרעקטע פאָרמען מחמת דעם וואָס ניט אַלע אַנדערע לשונות האָבן אַזעלכע פײַנע שפּראַכיקע מיגלעכ־קייטן וואָס לויפן אַזוי צו זאָגן פּאַראַלעל צו: עס פעלט אויס לערערס און עס פעלן אויס לערערס.

אַבסאָלוט דאָס אײגענע איז מיט: קיין צרות פעלט אונדז ניט און קיין צרות פעלן אונדז ניט. אין ערשטן פאַל באַנעמט דער ריידער צרות ווי אַ סומאָרן

באַגריף, אין צווייטן פאַל — ווי אַ בפירושע מערצאָל־פאָרעם פון צרה, און דער ריידער האָט אין זינען באַזונדערע צרות.

מיר דאַרפן אויפהיטן דיביידע פאָרמען און באַנעמען די אַנדערשקייט וואָס ליגט דאָ פאַרבאָהאַלטן.

# די פּרעפּאָזיציע ביז

פון י. מ.

ביז געהערט צו די פּרעפּאָזיציעס וואָס דאָס ניצן זיי רופט אַרויס זייער ווינציק ספקות. ביז קען האָבן אַן אָרטבאַטייט, אַ צייטבאַטייט און אַ מדרגה־באַטייט.

אָ ר ט ב אַ ט ײַ ט. די פּרעפּאָזיציע ווײַזט אויף דער גרענעץ פון אַ באַוועג־גונג און בכלל פון אַ טווּנג וואָס איז פאַרבונדן מיט שטח. דער ענין איז דאָ ביז גאָר קלאָר, ווי עס ווײַזן די ביישפּילן: איך האָב אים צוגעפירט ביז צו דער טיר; דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביז צו די פענצטער; פון ירדן ביז וואָלגע איז פאָלג מיך אַ גאַנג (ד. האָפשטיין); אַראָפּגעלאָזן ביז די פּיאַטעס מײַנע אונטער־געניִיטע ברעסלער וואָלענע זאָקן (מענדעלע); ער איז ביזן האַלדז אײַנגעטונקט אין חובות.

צ ײַ ט ב אַ ט ײַ ט. דאָ ווײַזט ווידער די פּרעפּאָזיציע אויף אַ גרענעץ פון אַ טווּנג, אָבער דאָ איז עס אַ צײַטגרענעץ, למשל: ער האָט געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן; ביז זיבעציק יאָר לערנט מען שׂכל און מען שטאַרבט אַ נאַר (שפּריכוואָרט); עס גייט דאָס גאַנצע צעטל טרוויער: תּעניתים, פּײַניקן זיך, יאָמער און געוויין, פון ספירה ביז העט אין די גרויסע בלאָטעס און נאַסע יעסנ־דיקע קעלטן (מענדעלע, דאָ האָט ביז אַ צײַטבאַטײַט, ווײַל „גרויסע בלאָטעס" באַטײַט דאָ — די צײַט פון די גרויסע בלאָטעס).

ביז קען אויך זײַן אַ צײַט־קאָניונקציע וואָס פאַרבינדט אַ צײַטבײַזאַץ מיטן הויפּטזאַץ, למשל: ביז דער פעטער ווערט מאָגער גייט דער מאָגערער צו גרונט (שפּריכוואָרט); וועלן זיי פון עסן זיך אַלץ מער און מער אָפּגעווינען, ביז עס וועט קומען דערצו אַז בײַ יידן אין די שפּעטערדיקע דורות וועט חוץ מערידן אפילו אויך קיין סימן פון קיין מאָגן ניט בלײַבן (מענדעלע. דאָ קען מען אַגב דעם ביז באַטראַכטן ווי אַ קאָניונקציע וואָס ווײַזט אויף דער מדרגה).

מ ד ר ג ה ־ ב אַ ט ײַ ט. מיט דעם באַטײַט טרעפט זיך אונדזער פּרעפּאָזיציע זעלטענער, און מען קען אין אָט די פאַלן דערזען אַ מין אָפּצווײַג פון דעם צײַטבאַטײַט. דאָך איז כּדאַיער אויסצוטיילן דעם באַטײַט באַזונדער, ווי עס ווײַזן די ווײַטערדיקע בײַשפּילן: מיר האָבן געלאַכט ביז טרערן (ביז טרערן אין די אויגן); עס ווילט זיך אַ טרונק אַזש ביז צום חלשן; ער איז גוט ביז צו דער קעשענע; ס'איז גוט אים אַזוי ביז טאַנצן און ביז טרערן (פּרץ מאַרקיש); דער ענין איז ביז גאָר קלאָר.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען די פאָרמען: ביסקל, ביסקן, א צונויפשמעלץ פון ביז מיט קעגן אָדער קיין, למשל: פון ביז קעגן אוונט איז געוואָרן ביסקן אוונט און נאָך דעם אויך ביסקל אוונט. אַגב איז אויסגעקומען צו הערן אין מיין דיאַלעקט ביסקל נאָר מיט אַ צייטבאַטייט, בעת ביסקן הערט מען אָפּט אויך מיטן אָרטבאַטייַט, למשל: איך האָב אים צוגעפירט ביסקן שטוב; מיר האָבן זיך ניט צוגעלייגט ביסקן באַגינען און ביסקל באגינען. דיביידע פאָרמען קענען אויך דינען ווי קאָניונקציעס ביי א צייטבייזאַץ, למשל: „גוט איז אונדז איצטער בייַם פריילעכן פייער אין הויז, ביסקל דער נאַפּט אין שטילינקן לעמפל גייט אויס, ביסקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: ׳שפּעט...׳" (מאַני לייב).

עס איז אינטערעסאַנט די פאָרעם ביסקעלע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן בלויז אין די פאַרבינדונגען: ביסקעלע וואָס, ביסקעלע ווען.

# א לאַקאַלע מעשה וועגן אַפּשטאַם פון א שפּריכוואָרט

פון ל. ביילים

איך שטאַם פון אוקראַינע, פון קיִעווער געגנט. ביי אונדז פלעגט מען אָפּט זאָגן: א טאָפּ אין וואָגן שאַט ניט. האָט מען ביי אונדז דערציילט אַז דאָס שפּריכוואָרט איז אויפגעקומען טאַקע ביי אונדז גופא, אין דעם דאָרף מאַראָזעווקע, וווּ עס האָבן געלעבט סך־הכל פופצן יידישע משפחות. די מעשה וואָס איז פאַרבונדן מיטן אויפקומען פון אָט דעם שפּריכוואָרט האָט מיר דערציילט מיין מוטער ע"ה, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד.

אַ ייִד פון רוזשען איז דורכגעפאָרן אונדזער דאָרף און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער מיל. יידן דורכפאָרערס האָבן געהאַט אַ טבע זיך אָפּצושטעלן ביי דער מיל וואָס געהאַלטן האָט זי אַ ייִד. מען פלעגט זיך אַריינכאַפּן צום מילנער, טרינקען אַ גלעזל טיי. מען האָט אויך געקענט אַרייַנכאַפּן אַ מעריב דערביי. עס איז גראָד געווען אַ ליכטיקע לבנה־נאַכט. גייט אַרויס פון זיין שטיבל אַן אונדזעריקער ייִד, גראָד א גראָבער יונג און קאַרגער דערצו, וואָס די אַנדערע מאַראָזעווקער יידן האָבן ניט געהאַלטן פון אים און זיך ניט געפריינדלט מיט אים. ער איז געווען אַזוי קאַרג אַז עס איז געווען שווער אַרויסצוקריגן פון אים עפּעס אויף צדקה אָדער אויף אַ קהלשער זאַך. אפילו ערב יום־כיפור אין דער קערה פאַרן חזן פלעגט ער קיין רובל ניט אַריינוואַרפן! גייט זיך דער ייִד צו צום וואָגן וואָס שטייט פאַר דער מיל און גיט דאָרטן אַ טאַפּ און נעמט אַרויס אַ טלית. דער פרעמדער ייִד האָט פון דעם ניט געוווּסט — ער איז זיך ווייטער געפאָרן. ערשט אויף מאָרגן אין דער פרי האָט ער זיך געכאַפּט אַז א מאַראָזעווקער האָט אים באַגנבעט. און אונדזער אייגענער גראָבער יונג האָט איצט אין מיטן דערינען געשיינט ביים דאַווענען אין אַ נייַעם טלית, וואָס ער וואָלט זיך עס קיין מאָל ניט פאַרגונען צו קויפן.

פון דעמאָלט אָן האָט מען ביי אונדז ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געזאָגט: א טאַפּ אין וואָגן שאַט ניט. ווען עס האָט זיך גערעדט וועגן קויפן, אָדער וועגן

אַ זאַך וואָס מען איז געווען אין ספק וועגן איר, האָט מען גלייך זיך דערמאָנט: אַ טאָפּ אין וואָגן שאַט ניט. דאָס ווערטל האָט זיך פֿאַרשפּרייט פֿון אונדזער דאָרף אין די אַרומיקע שטעטלעך, דערנאָך איז עס דערגאַנגען צו די גרויסע שטעט פֿון אונדזער געגנט, צו קיעוו, באַרדיטשעוו, אומאַן א״אַ. און פֿון דאָרטן איז דאָס שפּריכוואָרט אַוועק איבער אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. מען האָט עס געניצט, אָבער ניט געוווּסט פֿון וואַנעט עס שטאַמט. ביי אונדז אָבער האָט מען שטענדיק דערציילט די מעשה אין איינעם מיטן שפּריכוואָרט — און מען האָט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע: פֿון וואַנעט שטאַמט אָט דאָס ווערטל?

א דאנק פ׳ ל. ביילִיסן, פון מאנטרעאל, פאר דער מעשה. מיר האבן ניט קיין ברעקל ספק אין דעם אז אין מאראזעווקע האט מען טאקע דאס שפריכווארט פארבונדן מיט דעם גנבענען דעם טלית. מיר האלטן אבער אז די מעשה שפיגלט ניט אפ דעם אויפקום פון דעם שפריכווארט. אט דאס שפריכווארט איז א פנים געווען באוווּסט אויך פריִער אין מאראָזעווקע, און די מעשה מיט דעם טאפ אין וואגן, וואס האט געבראכט דערצו אז א קארגער ייִד זאל פלוצעם קריגן א נייעם טלית, האט נאר פאפולערער געמאכט דאס אלטע שפריכווארט. עס באטייַט דאך סך־הכּל: צי דו קויפסט אדער דו קויפסט ניט די סחורה — א קוק טאן און א פרווו טאן, אדער א דינג טאן זיך — דאס שאט ניט. עס איז געווען אזא נאטירלעך בילד פארן שטעטלשן לעבן: דער ייִד גייט זיך פון איין פויערִיש וועגל צום צווייטן און גיט א טאפ דא, א טאפ דארטן, ביז ער קויפט דעם פויערס סחורה — אז עס איז א פנים ניט נייטיק געווען קיין באזונדערע געשעעניש, דאס שפריכווארט זאל אויפקומען. פון דער צווייטער זייַט האט מען געקענט גוט זיך אפּבריִען, אויב מען זאל געווען קויפן בלינדערהייט, אן א טאפ אין וואגן. און דאס שפריכווארט האט אויך דעם באטייַט: פריִער קוק זיך גוט ארום, איידער דו קויפסט.

עס איז טשיקאווע וואס אויך איגנאץ בערנשטיין, וואס ברענגט דאס שפריכווארט פארבינדט עס מיט א מעשה. בייַ אים אבער איז זי אין גאנצן אן אנדערע און לייגט זיך א סך מער אויפן שׂכל ווי א שטויס פארן אויפקום פון שפריכווארט: „אין פריִערע צייַטן פלעגט מען בייַ די ראגאטקעס צו זוכן אין יעדן וואגן אויב מען פירט ניט קיין בראנפן. א סטראזשניק וואס האט ניט געוואלט אזוי שטארק נאכזוכן האט זיך באנוגנט מיט אן אייַזערנער שפּיז א טאפ צו געבן אינעם וואגן. און אזא לייַכטער טאפ — זאגט דאס שפריכווארט — קען ניט שאטן“ (ז׳ 115). אבער אויך די מעשה וואס פארבינדט דאס שפריכווארט מיט א פירונג וואס איז אוודאי געווען היפּש פארשפרייט, איז אין תּוך ניט נייטיק ווי א דערקלערונג פארן אויפקום פון שפריכווארט, פונקט ווי מען דארף ניט קיין באזונדערע מעשׂיות פאר אזעלכע שפריכווערטער, ווי למשל: א טאנץ גייט ניט פאר קיין עסן, צום דינגען זיך לייגט מען ניט צו, לעבן א פעטן טאפ איז גוט זיך צו רייַבן, און טויזנטער אנדערע. — רעד׳.

# נעמען פֿאַר קערנערשפּייַזן

## פון מ. מ.

מען עסט דא צום אנבייַסן אזעלכע זאכן וואס זייַנען אויפגעקומען ערשט ניט לאנג. מען האט ניט פאר די נייַע מינים קערנערשפּייַזן קיין גרייטע נעמען. בלויז פאר עטלעכע מינים קאשע האבן מיר אלטע, גוטע ווערטער, וואס מיר קענען זיי פון לאנג. פאר די אנדערע, פאר די מאדערנע קערנערשפּייַזן, וואס זיי קומען כּסדר ארויס אין נייַע ווארִיאציעס, מוז מען פּשוט אויסטראכטן ייִדישע נעמען. פארשטייט זיך, אז ווען מען האט א נאמען ווי פּעפּ אדער

קיקס און אַנדערע פֿון דעם שניט — זײַנען די זעלביקע װערטער פּונקט אַזױ גוט אױף ייִדיש װי אױף ענגליש. אָבער די צונױפֿקאָמבינירטע נעמען, װאָס יעדערער באַזונדער האָט זיך זײַן באַטײַט אױף ענגליש, דאַרף מען קענען איבערזעצן אױף ייִדיש. גיבן מיר דאָ װײַטער עטלעכע אַזעלכע איבערזעצונגען.

פֿריִער פֿון אַלץ דערמאָנען מיר אַ פּאָר אַלטע װערטער:

מאַנע־קאַשע, מאַנע cream of wheat

האָבערנע גרױפּן oatmeal

און איצט די נײַע אױסדריקן:

רײַזבלעזלעך puffed rice

װײצבלעזלעך puffed wheat

קאָרנשנײעלעך corn flakes

רײַזמירבעלעך rice crispies

זאָל דאָס דערװײַל זײַן גענוג פֿאַר אײן מאָל. אױב אַזעלכע שפּײַזן װעלן װילגעפֿעלן װעט מען קענען שפּעטער װען נישט איז צושטעלן נאָך אַ רשימהלע.

# מע שרײַבט אונדז

**47.** מ. ש—ן, פֿון ניו־יאָרק:

בײַם לײענען אין מײַ־יוני־נומער ייִדישע שפּראַך װעגן בײַזבאָל־טערמינען (אין דעם אַפּטײל „מע שרײַבט אונדז"), האָב איך זיך דערמאָנט אַז אין מײַן הײמשטעטל מ אָ ס ט י װ י ע ל ק ע, לעמבערגער געגנט, פֿלעגן ייִנגלעך שפּילן אַ שפּיל װאָס איז ענלעך צו בײַזבאָל. די שפּיל גופֿא האָט געהײסן הילניק און דעם גראָבן שטעקן האָט מען אױך גערופֿן הילניק. דאָס װאָרט איז, װי־זיך אױס, אַ נאָענטער קרובֿ צו הילקע װאָס י. גױכבערג געדענקט פֿון נעמיראָװ. אַז אַ ייִנגל איז פֿון ערגעץ געקומען מיט אַ נײַער שפּיל, האָט זיך צװישן חבֿרה שנעל פֿאַרשפּרײט די גוטע בשורה: „מ׳גײט שפּילן אַ נײַע שפּיל; יאַנקל װעט זײַן דער װײַזער". אפֿשר איז דער טערמין װײַזער דאָס זעלביקע װאָס coach אױף ענגליש? שפּילמײַסטער איז צו דײַטשמעריש, און דערצו נאָך קלינגט דער טערמין צו מו־זיקאַליש. אַ שפּילמײַסטער איז גיכער דער דיריגענט פֿון אַ קאַפּעליע, פּונקט װי געזאַנג־מײַסטער איז דער דיריגענט פֿון אַ כאָר און טאַנצמײַסטער דער אָנפֿירער פֿון אַ טאַנצגרופּע.

**48.** לױ ראָט, פֿון באָסטאָן:

דורכקוקנדיק דעם נומ׳ 3, ב׳ V, ייִדישע שפּראַך, האָב איך באַמערקט אַז די רעדאַקציע װיל װיסן, אין װאָס עס איז באַשטאַנען אַ רומפּל אין אונדזערע ליט־װישע שטעטלעך. כ׳האָב זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ מײַנע מ ע ר ע ט ש ע ר לאַנדס־לײַט און זײ האָבן מיר אָט װאָס אױפֿגעקלערט: א) דער רומפּל איז געװען אױף מאָרגן נאָך דער חתונה; ב) דעם רומפּל האָט געמאַכט כּלה־צד פֿאַר די מחותּנים פֿון חתן׳ס צד; ג) דער רומפּל איז געװען אַ פֿולע שׂמחה: קלעזמאָרים, טענץ און אַ פֿולע סעודה.

מײַן שװיגער װאָס שטאַמט פֿון ל י ד ע האָט דערצײלט אַז אַ רומפּל האָט מען אױך געפּראַװעט אין לידע און אין װילנע.

49. ל. ביילים, פון מאָנטרעאָל:

זייר פרעגט זיך נאָך, צי עמעצער ווייסט עפּעס וועגן וואָרט רומפּל. ביי אונדז אין קיעווער געגנט האָט מען געהאַט אַ וואָרט רימפּלען. און ווען האָט מען געניצט דאָס וואָרט? פון ערב יום־כּיפּור ביז נאָך סוכּות פלעגט מען גיין אויף קידוש איינער צום צווייטן, ביז מען איז געוועזן ביי אַלע גוטע פריינד אויף קידוש. אָט אַזאַ אַרומגיין האָט מען ביי אונדז גערופן רימפּלען.

פארשטייט זיך אז רימפּלען איז ניט דאס זעלביקע וואס דאס ווארט רומפּל וואס איז א טייל פון דער גרויסער חתונה־שמחה. עס איז אבער אינטערעסאנט אז דער באטייט וואס פ׳ ל. ביילים גיט אן בינדט זיך א ביסל מיט ד״ר א. לאנדויס אנווייז, אז דאס מכבד זיין דאס יונגע ווייבל מיט קוכן האט אין בראד געהייסן רימפּלען די כּלה. — רעד׳.

50. יעקבֿ לערמאַן, פון ניו־יאָרק:

איך האָב מיט גרויס אינטערעס געלייענט אין יידישע שפּראַך, נומ׳ 1, ב׳ V, אַברהם רייזענס מאַטעריאַלן פאַרן יידישן ווערטערבוך, און אַזוי ווי איך בין אַ פּוילישער ייד האָב איך דאָרט געפונען ווערטער וואָס איך האָב זיי ניט געהערט אָדער וואָס האָבן ביי אונדז געהאַט אַ ביסל אַן אַנדער באַטייט. ווילט זיך מיר מאַכן עטלעכע הערות:

אַ צאָפּ אויף אַרויסצושלעפּן וואַסער פון ברונעם האָט מען ביי אונדז גע־רופן אַ קליוטש;

סאַק האָט מען גערופן דעם ריינעם זאַפט פון פּרוכטן וואָס פלעגט אויסזען ווי ציראָפּ; איינגעמאַכטס האָט מען געפּרעגלט פון מערן אָדער פון בוריקעס, איינגעמאַכטס איז געווען גאַנץ געדיכט; וואַרעניע פלעגט זיין פון פאַרשיידענע פּרוכטן, און אַ מאָל אויך פון עטלעכע מינים אין איינעם; וואַרעניע איז געווען אַ סך שיטערער ווי איינגעמאַכטס, אָבער געדיכטער פון סאַק; וואַרעניע פלעגט מען קאָכן, בעת איינגעמאַכטס האָט מען געפּרעגלט;

עס איז געווען אַ חילוק צווישן צאָם און צוים; אַ צאָם איז אַ פּאַרקאַן, אַ צוים איז ביי אַ פערד אין מויל; אַ גאָרטן האָט מען געקענט אַרומצאָמען פון אַלע זייטן, אַ פערד האָט מען געדאַרפט צוימען; צוימען האָט בכלל באַטייט: איינהאַלטן;

מען האָט געזאָגט ניט נאָר צרות ווי האָלץ, נאָר אויך: צרות ווי שפּענער.

51.ביילע מ., פון ניו־יאָרק:

עס לוינט זיך צו פאַרצייכענען אַ וואָרט וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין ל ע פּ יַ ע (ליבאַווע) און אויך אין אַנדערע שטעט פון קורלאַנד: אַפּאַרט מיטן באַ־טייט: באַזונדער, פאַר זיך, למשל: דאָס איז אַן אַפּאַרטע מעשה.

52. א לערער, פון ניו־יאָרק:

איך האַלט אַז דער אַרטיקל „אַ פּעקל פּרימיטיווע גרייזן", געדרוקט אין נומ׳ 3 (1945) יידישע שפּראַך, איז זייער ניצלעך. איך לייג פאָר דער רעדאַקציע, זי זאָל פון צייט צו צייט דרוקן ענלעכע אַרטיקלען, וואָס ווייזן קאָנקרעט און פּראַקטיש אָן אויף פאַרשפּרייטע גרייזן.

# שאלות און תשובות

181. אין פריערדיקן נומער יידישע שפראַך האָט איר מיר פאַרענטפערט זייער א הארבע שאלה, ווען איר האָט אנגעוויזן נעמען פאַר פאַרשיידענע מינים גערוישן: פון עראָפּלאַנען, טאַנקען אאַז״וו. רעכן איך אז עס וועט אײַך ניט זיין שווער צו געבן א תשובה אויף א סך א גרינגערער פראגע: א baloon הייסט אויף יידיש א באַלאָן — ניט אמת? צי וואלט מען געקענט זאגן אנלופטן א באַלאַן, ד״ה אנפּאַמפּען אים מיט לופט?

יאָ, baloon איז אוודאי באַלאָן. דער ווערב אָנלופטן איז מיגלעך אין יידיש, וואָרעם ער איז קאָנסטרויִרט לויט די כּללים פון דער יידישער וואָרטשאַפונג. דאָס איז פאַרשטייט זיך אַ נעאָלאָגיזם, אַ ניי צוגעקומען, א צוגעטראַכט וואָרט.

(די פראַגע 181 האָט צוגעשיקט מ. מ—ער, ברידזשפּאָרט, קאָנ׳).

182. צי וואלט מען געקענט זאָגן אנשטאָט עפּאָכעמאַכנדיק דאָס קירצערע וואָרט עפּאָכע־דיק? צי איז שלעכט אַן אויסדרוק: אַן עפּאָ־כעדיק ווערק, אַן עפּאָכעדיק געשעעניש?

עס איז ניט שלעכט, נאָך מער — עס איז ביז גאָר געראָטן. עפּאָכעדיק איז זייער א גוטער נעאָלאָגיזם.

(די פראַגע 182 האָט צוגעשיקט מ. ק. ניו־יאָרק).

183. חוץ די מאַרקעס אין דער ראַציאָניר־סיסטעם פאַר שפּייז, האָט מען פאַר פּעטסן געהאַט אויך די רונדיקע, רויטינקע קײַקעלעך פון טעקטור. זיי הייסן טאָקענס אין ענגליש. ווי קען מען זיי אנרופן אויף יידיש?

אָט דעם מין token וואָלט מען גע־קענט אָנרופן שפּײַזמינצל. דעם token וואָס מען ניצט אין געוויסע פאַלן ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר פאָרגעלט און וואָס איז געמאַכט פון מעטאַל — וואָלט מען געקענט רופן פאַרמינצל.

עס איז אויך מיגלעך צו זאָגן אין די אַלע פאַלן, ווען מען ניצט דאָס וואָרט token — פּשוט מינצל, וואָרעם אויך דאָס ענגלישע וואָרט זאָגט ניט וועגן דער ספּעציעלער פונקציע וואָס עס האָט דאָס מינצל.

(די פראַגע 183 האָט צוגעשיקט אַ בעל־הביתטע, ניו־יאָרק).

184. וואָס איז דער חילוק צווישן באַזאָרגן און פאַרזאָרגן?

באַזאָרגן באַטייט: טאָן פאַר עמעצן, צוגרייטן עפּעס, דורכפירן אַ זאַך; פאַר־זאָרגן באַטייט: באַפרייען עמעצן פון זאָרגן וועגן עפּעס, קריגן עפּעס אָדער צוגרייטן עפּעס, עס זאָל זיין אין גאַנצן גענוג. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן דעם חי־לוק קלאָרער מאַכן: מען קען זאָגן איך פאַרזאָרג אים אויף דער עלטער, מען קען ניט זאָגן „איך באַזאָרג אים אויף דער עלטער״; איך באַזאָרג דיר געלט — הייסט: איך קריג פאַר דיר געלט, איך פאַרזאָרג דיך מיט געלט — הייסט: איך קריג פאַר דיר גענוג געלט אז דו זאָלסט אין גאַנצן מער ניט דאַרפן דאַ־גהנען וועגן געלט.

באַזאָרגן איז ווינציקער פאַרוואָרצלט אין דעם פאָלקס לשון, עס קלינגט אין געוויסע פאַלן א ביסל דײַטשמעריש. מען קען זאָגן: ער איז פאַרזאָרגט, ד״ה א) ער האָט שוין גאָרניט וואָס צו זאָרגן, ב) ער האָט זאָרג, איז פאַרדאגהט; ער איז באַזאָרגט — קלינגט ניט גענוג יידישלעך און מיר וואָלטן דאָס וואָרט ניט רעקאָמענדירט.

(די פראַגע 184 האָט צוגעשיקט ה. מ—ין, ניו־יאָרק).

185. פון וואנעט שטאמען די ביידע נעמען וואס פארן זיך כדי צו שאפן די בארימטע יאכנע־דוואשע?

יאכנע איז פון דעם נאָמען פון טײַערן שטיק יאַכנט (יאַכאַנט, יאַכאַנט); דוואשע און די פאַראַלעלע פאָרעם דוואַסיע נעמען זיך פון דעם נאָמען דבורה מיט דער הילף פון דעם סלאַווישן סופיקס. ־ושא, ־וסיא (־אָשע, ־אָסיע).

186. און נאָך א פראגע וואס האט צו טאן מיט א נאמען: ווי איז דאס פארקלענער־ווארט פון דעם נאמען אלטער? צי דען זשע אלטינקער? דאס קלינגט מאדנע.

די פאַרקלענער־פאָרעם פון אלטער איז: אלטערל אָדער אלטערקע, ניט „אַלטינקער". אָבער פון דעם נאָמען אלטע איז די פארקלענער־פאָרעם (אָדער ריכטיקער — די פאַרצויגענע פאָרעם) גראָד — אלטינקע.

(די פראגעס 185 און 186 האט צוגעשיקט נ. ד., גלענקא, אילינאי).

187. זייט אזוי גוט, ענטפערט מיר, צי עס איז פאראן אן אונטערשייד אין באטייט צווישן דוכטן זיך און דאכטן זיך?

עס דאַרף זיך אייך ניט דוכטן און ניט דאַכטן אַז דאָ איז פאראַן אַן אונטערשייד אין באַטײַט.

188. ווי זעצט מען איבער אויף יידיש דאס ווארט shortcoming?

געוויינטלעך באַטײַט עס: חסרון, דעפעקט, אָבער עס קען אויך באַטײַטן: דוחק.

189. פאר וואס אייגנטלעך שרייבט מען דאָלאַר, בעת מען וואלט געדארפט שרייבן „דאָלער", ווײַל אין צווייטן טראף פון וואָרט האבן מיר דאך א פארטונקלטן קלאנג וואס מיר גיבן בדרך כלל איבער אין שרייבן מיט אן ע?

מען שרײַבט דאָלאַר, ווײַל אין דער מערצאָל־פאָרעם פאַלט דער אַקצענט אויף דעם אַ און עס איז — דאָלאַ'רן. אָבער די פאָרעם טאַלער קומט מיט אן ע, און די מערצאָל פון דעם וואָרט איז טאַלערס.

די פראגעס 187—189 האט צוגעשיקט פ. מינאָוויץ, ניו־יארק).

190. איך האב געפונען ביי י. י. זינגערן: „אפילו די המוציא וואס מען האט געטונקען אין האניק ביי דער סעודה האט נישט געהאט אין זיך די זיסקייט פון ראש־השנהדיקן פויגל מיט האניק" (אין פארווערטס פון 30סטן סעפטעמבער, 1944). ביי אונדז אין בערעזין, מינסקער גוב', האט מען די ראש־השנהדיקע חלה וואס האט געהאט א ספעציעלן פאָרעם גערופן ניט פויגל — נאר בויגל. ווו איז דער אמת?

דאָ איז ניט שייך פרעגן: „ווו איז דער אמת?" פאַר אייער בערעזין איז דער אמת געווען בויגל, אָבער דאָס איז בפירוש א לאָקאַלע פאָרעם, און די אין לשער מער פאַרשפּרייטע פאָרעם איז פויגל. עס קען אָבער אויך זײַן אַז דער אונטערשייד איז ניט בלויז אין דעם קלאַנג, נאָר אַז ביי אייך האָט אפשר די ראָש־השנהדיקע חלה געהאָט אויך אַ באַזונדערע פאָרעם, ניט די וואָס אין אַנדערע ערטער. אפשר וועט איר אונדז באַשרייבן ווי אייער בויגל האָט אויסגעזען?

(די פראגע 190 האט צוגעשיקט ש. הורוויץ, ניו־יארק).

רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע: מ. ווײַנרײַך, יודל מאַרק, ש. ניגער.
רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# „ייִוואָ־בלעטער"

## באַנד XXVI, נומ' 2

## אינהאַלט:

### אַרטיקלען:



### רעפֿעראַטן און רעצענזיעס:



### דיסקוסיע:



### מאַטעריאַלן און נאָטיצן:

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A Bi-Monthly
Devoted to the
**PROBLEMS OF**
**STANDARD YIDDISH**
Published by the
Section of Linguistics,
Yiddish Scientific
Institute

**TABLE OF CONTENTS**




**Vol. V, No. 4—6**

**1945**

PRINTED IN U. S. A.